**געווידמעט מיינע קינדער :**

דוד און דבורה (דעבבי)

יהודית און מלך (מילטאָן)

מרים און משה (מילטאָן)

# אינהאַלט

# הערה פון מחבר

דער מחבר דערלויבט איבערצודרוקן וועלכע עס איז עסיי אין דעם דאָזיקן בוך הן אין יידיש אָדער איבערזעצן אויף וועלכן עס איז לשון. אָבער מיר ווילן אויפמערק מאַכן, אַז די עסיי „אילוזיע און וואונטש" איז שוין איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש און איז פּאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זשורנאַל „דזשודאַאיזם" אין באַנד ניין, נומער איינס אין ווינטער אויסגאַנג 1960 ; אויך די עסיי „די שטרענגקייט פון אגדה און די פשרות פון הלכה" איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש און איז פּאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „דזשודאַאיזם" באַנד צוועלף, נומער דריי אין זומער אויסגאַנג פון 1963. ביידע עסייען זיינען איבערגעזעצט געוואָרן פון ראַביי לעווי.

מיר בעטן, אַז דער בוך ווי אַ גאַנצער זאָל ניט איבערגעדרוקט ווערן במשך דריי יאָר, ביז די ערשטע אויפלאַגע וועט זיך אויספאַרקויפן.

כה מנחם אב, תש"ל. אויגוסט 27, 1970 למספר העמים.

# אַריינפיר

דאָס בוך „אמונה פון אַ דור" איז פינאַנסירט געוואָרן פון מיינע תלמידים — אַ מתנה צו מיין פינף־און־זיבעציקסטן געבוירן־טאָג. אַזאַ לייגן כבוד אויף מיר, האַלט איך פאַר אַ גרויסער זכיה, און עס האָט מיך דערהויבן אין מיינע אייגענע אויגן.

דער שרייבערישער יצר האָט געהאַט זיינע פּלענער. עס ליגן דאָך צוויי נאָוועלן, וואָס זיינען נאָך ניט דערשינען אין בוך־פאָרם. עס ליגן אויך צענדליקער דערציילונגען, אָנגעקלעפּטע און פאַרטיק צום דרוק. „דרוק אָפּ די נאָוועלן און די דערציילונגען, זאָלן זיי ניט פאַרלוירן ווערן צווישן אַלטע זשורנאַלן און צייטונגען", האָט דער שרייבערישער יצר געעצהט.

אָבער אין אַזאַ טיפן עלטער ווי מיינער און נאָך דעם ווען עס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן קרוב דריי צענדליק ביכער אויף יידיש און ענגליש, איילט מען זיך ניט אַרויסצוגעבן נאָך אַ בוך גלאַט צוליב אייגענער הנאה וועגן. חוץ דעם האָב איך געפילט אַ חוב צו מיינע תלמידים צו געבן זיי אין אַ בוך דעם קווינטעסענץ, דעם תמצית, דעם תוכן, וואָס איך האָב געלערנט מיט זיי, און אַליין געלערנט, אין משך פון מער ווי אַ פערטל יאָרהונדערט.

די אַכט און צוואַנציק יאָר וואָס איך האָב אָנגעפירט מיט דער חברה תנ"ך, ביי דער שלום־עליכם־פאָלקשול־פּופּצן, זיינען געווען פאַר מיר גייסטיק פּרוכּ־פּעריקע יאָרן. די פיר ביכער וועגן תנ"ך אויף יידיש און די פיר בענד אויף ענגליש, וואָס זיינען דערוויייל פאַרעפנטלעכט געוואָרן, זייַנען באמת געשאַפן געוואָרן אין דעם וואַרשטאַט פון מיין לערנען מיט דער חברה תנ"ך, וואָס איז באַשטאַנען, אין געוויסע צייטן פון יאָר, פון מער ווי פינף מנינים יידן. אויך מיינע ביכער „יידן צווישן פעלקער", „תוך יידישקייט" און „אויף אייגענע דרכים" זיינען געצייטיקט געוואָרן אין די שיעורים מיט מיינע תלמידים.

דאָס לערנען תנ"ך מיט מיינע תלמידים איז ניט געווען קיין לימוד פון פאַרטייטשן בלויז אַ פּסוק. עס איז געווען אַ לימוד, וואָס האָט אַריינגענומען יידישע געשיכטע און דעם תוך פון יידישקייט, ווי מיר האָבן עס פאַרשטאַנען. ניין, ניט אַלע מאָל זיינען די שיעורים אָפּגעגאַנגען רואיק און שטיל. אין דער חברה תנ"ך זיינען געווען פילמיניקע יידן. ניט נאָר זיינען זיי געווען פאַרשיידן אין זייערע ידיעות, נאָר אויך אין זייערע סאָציאַלע און פּאָליטישע מיינונגען און גלויבן. עס זיינען געווען ליבקע, אַלטמאָדישע דאָגמאַטישע מאַרקסיסטן,

קאָסמאָפּאָליטן, פאַרברענטע סעקולאַריסטן, וואָס אַן עונג־שבת, אין וועלכער עס איז פאַרם, האָט זיך ביי זיי פאַררעכנט ווי רעאַקציע, רחמנא ליצלן. עס זיינען געווען פרומע יידן, וואָס זיינען קיינמאָל ניט געגאַנגען בגילוי ראש. עס זיינען געווען ליבעראַלן און רעאַקציאָנערן, וואָס רוזוועלט האָט ביי זיי זיך פאַררעכנט ווי אַ פאַרדאַרבער פון אַמעריקע. אויך ציוניסטן, העברעאיסטן און איבערגעגעבענע יידישיסטן.

זעלטן ווען אַ שיעור איז דורכגעגאַנגען רואיק און שטיל. עס זיינען כמעט אַלעמאָל געווען הייסע וויכוחים און גאָר אָפט וואָס די גמרא רופט אָן „נוגחים בתורה" (שבת נו, ב) — אַן אמתע שטויסעניש און אידעאָלאָגישע „שטעכעניש". ניט זעלטן איז אַ תלמיד אָפּגעפאַלן, ווייל ער האָט געהאַט פאַרדראָס אויף אַן אַנדער תלמיד, אָדער אויף מיר פאַר אַ שאַרפן ענטפער. עס זיינען געווען תלמידים וואָס זיינען ברוגז געוואָרן אויף שטענדיק. איך בין געווען פאַר אַ סך תלמידים צו פרום, צו פריי, צו נאַציאָנאַליסטיש, צו קאָסמאָפּאָליטיש; אַ שונא־ציון ר"ל און אַ צו איבערגעגעבענער ציוניסט; אַ פאַנאַטישער יידישיסט און אַ צו גרויסער ליבהאָבער פון העברעאיש. איך בין געווען דער רבי, דער חבר, דער באַדינער צו אַ שמחה, דער בעל־יועץ, דער מוסר־זאָגער און ניט זעלטן דער באַליידיקטער, פון אַ תלמיד וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ באַליידיקטן.

אָבער ווייל צווישן מיינע תלמידים זיינען געווען שאַרפע לומדים און מלומדים האָב איך געמוזט זיך גוט צוגרייטן פאַר יעדן שיעור. איך האָב געדאַרפט לערנען און לערנען. איך האָב געמוזט ניט נאָר זיך צוגרייטן צו וויסן וואָס אַזעלכע יידישע טראַדיציאָנעלע מפרשים ווי רש"י, דער רד"ק, רלב"ג, אבן עזרא און דער תרגום טייטשן דעם פסוק, נאָר אויך ווי דער מאָדערנסטער שבמאָדערנסטער מפרש טייטשט אויס דעם פסוק. ווען איך האָב חלילה־וחס פאַרקוקט אַ פירוש אָדער אַ מאמר חז"ל אויפן פסוק האָט זיך באַלד עמעצער אָנגערופן און ציטירט דעם מאמר אָדער אַרויסגעזאָגט דעם פירוש, ניט גלאַט רואיק און זאַכלעך ,נאָר געפרעגט מיט רוגזה: „סטייטש, ווי פאַרקוקט מען אַזאַ וויכטיקן מאמר אָדער טייטש?"

מבשרי אחזה, איך קאָן עדות זאָגן, פון מיין אייגענער דערפאַרונג, די וואָרהאַפטיקייט פון דעם מאמר פון גמרא: „הרבה תורה למדתי מרבותי, ומחברי יותר מהם, ומתלמידי יותר מכולן" (מכות י, א) — אַ סך תורה האָב איך געלערנט פון מיינע רביים, מער אָבער פון מיינע חברים, און פון מיינע תלמידים מער ווי פון זיי אַלעמען. איך בין ממש געווען געצוואונגען אין משך פון פינף און צוואַנציק יאָר נאָך מער אָפּצוגעבן אַ באַשטימטע צייט פאַר לערנען יעדן טאָג, „קבעתי עתים לתורה"; ווייל איך האָב ניט געוואָלט פאַר־

שעמט װערן פֿאַר מײנע תּלמידים — האָב איך געדאַרפֿט זיצן אַלעמאָל און לערנען.

חוץ די שיעורים אַלע זונטיק פֿון עלף אַזײגער אין דער פֿרי ביז נאָך צװעלף נאָכמיטאָג, האָבן מיר אײנגעפֿירט עונג־שבתים אַלע צװײ װאָכן. צום ענג־שבת האָב איך גערעדט פֿון דער פּרשה פֿון װאָך, אָדער װעגן דער הפטורה. אָבער חוץ דאָס לערנען תּנ״ך אויף אַ ברײטן אופֿן, האָב איך געדאַרפֿט האַלטן פֿיר רעפֿעראַטן פֿיר מאָל אַ יאָר: צו דער דערפֿענונג פֿון זמן, חנוכּה, פּורים און צום סוף זמן אַ „הדרן״. אויף די דאָזיקע ימים־טובֿים איז מײן עובֿדא געװוען צו באַהאַנדלען די דרײ פּראָבלעמען, אין װעלכע מיר האָבן זיך געגריבלט כּמעט אין יעדן שיעור, אָבער באריכות האָב איך זײ באַהאַנדלט אויף די ספּעציעלע פֿיר רעפֿעראַטן פֿון יאָר.

די דרײ פּראָבלעמען מיט װעלכע מיר האָבן זיך פֿאַרנומען אין משך פֿון כּמעט די אַלע יאָרן, זײנען געװוען:

א) די מעגלעכקײט פֿון התקרבֿות צו דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט — גאָט.

ב) אויפֿקלערן, אויף װיפֿל איך האָב געהאַט די יכולת, דעם מהות פֿון ייִדישקײט — די װערטן פֿאַרהוילן אין דעם לבֿוש פֿון דער טראַדיציאָנעלער ליטעראַטור, און אָנװײזן דעם מאור היהדות — די שטראַלעניש פֿון ייִדישקײט.

ג) די װיכטיקײט פֿון הלכה־ייִדישקײט און װאָס פֿאַר אַ באַטײט עס האָט פֿאַר אונדזער דור.

די צװעלף עסײען אין איצטיקן בוך באַהאַנדלען די דאָזיקע פּראָבלעמען. כּמעט אַלע פֿון זײ זײנען פֿאַרעפֿנטלעכט געװוען אין די זאַמלביכער פֿון „אידי־שער קעמפּער״. דער אָפּקלײב איז אַ קלײנער טײל פֿון די צענדליקער און צענדליקער מאמרים װאָס איך האָב פֿאַרעפֿנטלעכט אין משך פֿון מײנע פֿינף און פֿופֿציק יאָר שרײבן. צוליב דער אײנהײטלעכקײט פֿונעם בוך האָב איך אויסגעלאָזן עסײען, װאָס זײנען מיר געװוען באמת אַ שאָד אויסצולאָזן, װי די עסײען װעגן שמואל ניגער, אבא גאָרדאָן און אברהם גאָלאָמב, להבֿדיל בין החיים והמתים. די צװײ עסײען אויף תּנ״ך־טעמעס זײנען גענומען (אָבער אויס־געברײטערט) פֿון מײן ענגלישן בוך, רעדאַקטירט פֿון ד״ר אײבראַהאַמס ראָטה־בערג, „דהי טיטשערס רעסאורס בוק פֿאר דהי ראַבײס בײבל, אוירלי פּראָפֿעטס״.

איך האָף, אַז מײן אָפּקלײב איז מיר געלונגען. פֿאַר מײנע תּלמידים װעלן די עסײען זײן אַ חזרה, אַ מין הדרן, װאָס מיר האָבן געלערנט אין משך פֿון

די יאָרן, דעם אַלגעמיינעם לייענער בעט איך, ער זאָל האָבן מיט מיר איינ־זעעניש. זיכער וועלן זיי אָפּט ניט מסכים זיין מיט מיר. אָבער עס איז כדאי צו באַקאָנען זיך מיט די פּראָבלעמען, וואָס האָבן באַאומרואיקט אַ גרופּע יידן פאַר אַזאַ לאַנגער צייט. זאָלן די לייענער פון מיין בוך זיין טאָלעראַנט צו מיר און אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל פון מיינע תלמידים, וואָס האָבן זיך ניט אָפּגע־קערט פון מיר, אַפילו ווען זיי זיינען געווען שאַרפע קעגנער צו מיין גערדאַנקען־גאַנג.

יוד מנחם־אָב, תש״ל — 12טער אויגוסט למספרם

# I

# אמונה אין אונדזער דור

עס איז אומגלויבלעך אין וואָס מענטשן גלויבן. ניט געקוקט אויף זייער דעקלאַרירטער רעליגיע, וואָס באַטאָנט איין גאָט, גלויבן אַ סך פון זיי אין דריי באַזונדערע געטער, אָדער אין פיל געטער; אַנישט אין זייער איין גאָט נאָר, ווייל ער איז גרעסער פון אַלע אַנדערע געטער. דער צד־השווה צווישן זיי איז וואָס זיי אַלע גלויבן, אַז גאָט וואוינט אין אַ פּאַלאַץ אין הימל מיט אַ גרויסן חייל. אָט די אַלע גלויביקע זײַנען באַהערשט פון שרעק. זיי ציטערן פאַר אים און פאַרכטן אים. זיי באַנעמען גאָט ווי אַ בייזן הערשער, וואָס פאָדערט און מאָנט תמיד לויב, פאַרהערלעכונג, אָכפּערונג און חניפה. זיי זײַנען שטענדיק פול מיט הכנעה און ציטער אפשר האָבן זיי ניט אויסגע־פאָלגט זײַנע געבאָטן מיט די קלענסטע פּרטים. אין תוך איז ער ניט קיין העלפער און ניט קיין בעל־רחמים. אַמאָל איז ער אַ בעל־חסד. ער איז אַזוי מאַכטיק, אַז עס טרעפט אַז ער פאַרגינט זיך צו זײַן גנעדיק צו זײַנע אונטער־טעניקע.

זיי שרײַבן צו אים צו אַלע אַטריבוטן פון אַ ילוד־אשה, און ניט דאָס בעסטע וואָס איז אין מענטשן. דער געוויינטלעכער מענטש איז פול מיט אַכזריות, מער מיט אַכזריות ווי רחמים, מיינען זיי אַז אַזוי איז אויך זייער גאָט. די דאָזיקע מענטשן פאַרמערן חומרות און געבאָטן, וואָס גיט די מענטשן אַ געפיל פון שולד, ווייל זיי ווייסן אַז נאָר דורך דיסציפּלין און שטראָף קאָנען זיי פאָלגן.

דער דורכשניטלעכער מענטש איז אַ געצנדינער. ער זעט גאָט ווי אַ טאַטע פון בלוט און פלייש; זיך אַליין, זעט ער, אַ ניכנעדיקן, אַ נעבעכדיקן, וואָס דער טאַטע מוז אים באַשיצן און באַהיטן. דערפאַר האַלט ער גאָט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע אומגליקן, וואָס פּאַסירן און אַלע נאַרישקייטן וואָס דער מענטש אַליין באַגייט. ער איז פאַר זיי, די מענטשן, אַ טאָפּלטע טרייסט, ווייל ראשית האָבן זיי וועמען צו באַשולדיקן אין זייער אייגענעם אומגליק; שנית, דערוואַרטן זיי שכר פאַר זייער צער. זיי האַלטן, אַז די ליידן האָבן זיי געלייטערט פון אַלע עבירות און דערפאַר וועלן זיי באַלוינט ווערן אויף יענער וועלט. די אָפּקומעניש אויף דער וועלט איז געווען אַ פאַרדינטע און באַרעכטיקטע שטראָף.

דער גרעסטער טייל פון דער מענטשהייט גלויבט אַזוי עד־היום; און געפינט אַ טרייסט, אַן אָנהאַלט און אַ זין אין לעבן דורך און מיט דעם דאָזיקן וועלט־באַנעם. נאָך מער, אַפילו אָט יענער טייל, וואָס איז גייסטיק אַריבער־געוואַקסן דעם דאָזיקן גאָט־באַגריף, האָט זיך אויך אינגאַנצן ניט באַפרייט פון אים. דערפאַר ווען עס קומט אָן אַ תקופה, ווען די אמונה אין אַן אַנטראָ־פּאָמאָרפישן גאָט ווערט אינגאַנצן אומגלויבלעך, ביי דעם אויפגעקלערטן שיכט פון דער מענטשהייט, און ספקות פרעסן דורך דעם ניט־אויפגעקלערטן טייל פון דער מענטשהייט, ווערט דער דאָזיקער גלויבן סובלימירט. מען פאַר־געטערט די מדינה. פּאַטריאָטיזם ווערט אַ פעטיש. אַ הערשער, אַ פירער, ווערט אַ גאָט, אַ טעאָריע ווערט קאַנאָניזירט און עס קומט אויף אַ נייע רעליגיע, אונטער אַ נאָמען וואָס האָט כלומרשט ניט קיין שייכות צו אַן אַנטראָפּאָמאָרפישן טאַטע־גאָט. אָבער אין תוך איז עס די זעלביקע אמונה. די מענטשהייט געפינט זיך נאָך אַלץ אונטער דעם כישוף פון געצנדינערײַ.

אַ היפּשע גרופּע פון „וויסנשאַפטלעכע פילאָזאָפן" לייקענען אָפּ אינגאַנצן אַ באַצוועקטע יצירה פון אַ שעפערישן כוח, וואָס „האָט פאַרטראַכט און צום שטאַנד געבראַכט" אַ קאָסמאָס און די וועלט אַרום אונדז מיט איינגעבאַרענע איינגנקייטן־איינגשאַפטן, צו אַנטוויקלען זיך צו אַ העכערן און בעסערן לעתיד לבוא, צו אַ פערפעקטן לעבן און פערפעקטער געזעלשאַפט. זיי לייקענען, אַז די געזעצלעכקייט און דער סדר אין דער נאַטור איז באַווייז אויף אַ באַ־וואוסטזיניקער און באַצוועקטער יצירה. זיי האַלטן, אַז אַלץ איז אויפגעקומען דורך אַ צופאַל. דער צופאַל האָט איינגעשטעלט אַזאַ שטרענגע און סיסטע־מאַטישע אָרדענונג. עס זיינען ניטאָ קיין שום וויסנשאַפטלעכע און אַפילו לאָגישע ראיות, אַז עס איז געווען אַ פאָרויס־פאַרטראַכטע יצירה און אַז די מענטשן וועלן שאַפן אַ בעסערע וועלט און אַ מער שכלדיקע געזעלשאַפט. אַלץ איז צופאַל. די וואָס ריידן פון וועלכער עס איז גייסטיקער אַריינמישונג אין לעבן און אין דער נאַטור, זאָגן זיי, נאַרן זיך מיט אַ נעגאַטיוון אויסגע־טראַכטן אמת. אָט ווי איינער וואָלט געמיינט, אַז ער האָט אַ מעטאָד צו קוואַד־ראַטירן דעם קרייז.

עס איז אָבער גאָר ניט קיין צופעליקע טרעפעניש, וואָס גאָר אַ גרויסע צאָל פון די אינטעלעקטואַלן, וואָס זיינען די אָנהענגער פון דער דאָזיקער שיטה, האָבן געדינט זייער געטריי די פאַרגעטערטע פירער פון די מאַטעריאַ־ליסטישע רעליגיעס; געשריבן לויב־געזאַנגען צו זיי, באַטראַכט זיי ווי אומ־זינדיק און אומטעותדיק. אויב אַמאָל האָט אַן אינטעלעקטואַל געצווייפלט אין אַ געוויסן אַקט פון דעם פאַרגעטערטן פירער, האָבן די מאַסן נאָכפאָלגער,

וואָס האָבן אָנגענומען די דאָזיקע מאַטעריאַליסטישע רעליגיע, זיך אויפגע־פירט ווי פריער, ווען זיי האָבן געדינט זייער אַנטראָפּאָמאָרפישן גאָט. זיי האָבן אַפילו געמאַכט איקאָנעס פון די פירער און די טעאָרעטיקער פון דער נייער רעליגיע. ווער עס האָט זיך צוגעקוקט צו די פּראָצעסיעס פון דער נייער רעליגיע קען זאָגן בפה מלא, אַז עס איז אַ רעגרעסיע צו אַמאָליקער געצנ־דינערייַ, ווען דער אַנטראָפּאָמאָרפיזם איז געווען האַמעטענע, ניט פאַרשטעלט, אָדער פאַרלייקנט.

פאַראַן גלויביקע וואָס זיינען אויף אַ העכערער מדרגה פון די פונדאַמענ־טאַליסטן, וואָס האָבן אַן אַנטראָפּאָמאָרפישן באַגריף פון גאָט און די נאָכ־פאָלגער פון דער מאַטעריאַליסטישער רעליגיע, וואָס האָבן טראַנספערירט זייער געצנדינערישן גאָט־באַגעם צו מענטש אָדער שטאַט. די דאָזיקע גרופּע אויפגעקלערטע האַלט ניט פון דעם באַגריף פון אַ חומרישן גאָט. זי האַלט, אַז גאָט מאַניפעסטירט זיך אין דער נאַטור אַרום אונדז — אין יעדן גרעזעלע און בלימעלע, אין וואַסער־קוואַל און דעם בוים דערביי; אין וואָלקן און ווינט. קיין שום חיות אָדער עקזיסטענץ קאָן נישט געמאָלט זיין אָן אים, דעם כביכול. אָבער ער איז ווי די נאַטור, אַמאָראַליש, און איז איבגאַנצן גלייכגילטיק צום באַשאַף. די וועלט איז זיין שטייג וואו ער איז געפאַנגען. ער איז אַ שטומער און גלייכגילטיקער גאָט. אמת, ער איז דער מקור פון לעבן און די סיבה, אָדער בעסער, דער שטאַם, פון עקזיסטענץ און באַשאַף, אָבער ער איז אַ געפאַנגענער אין זיין יצירה. ער קאָן ניט באַווירקן דעם מענטשן און דער מענטש קאָן אים ניט באַווירקן. ער איז דאָ! נאָר דער גאַנצער באַשאַף איז ניט קיין פּועל־יוצא פון זיין ווילן, עס איז אַן אַרויפגעצוואונגענע שעפעריש־קייט. אין תוך איז קיין רצון ניטאָ דערביי.

די נאָכפאָלגער פון דער דאָזיקער שיטה האָבן אַן איבעוויניקסדיקן אָנ־שפּאַר און טרייסט. זיי זיינען דאָך אויך אַ טייל פון געטלעכקייט, אָדער בעסער נאָך, וויבאַלד אַז זיי זיינען אַ טייל פון דער נאַטור, זיינען זיי ניט אויסגע־שלאָסן פון געטלעכקייט.

אָבער וויבאַלד, אַז אויך דער גאָט, וואָס איז אין דער מאַניפעסטאַציע פון דער נאַטור, האָט ניט קיין רצון, איז ער דאָך באמת אַ טויטער גאָט. ניט די מענטשן קאָנען אים באַווירקן און ניט ער קאָן זיי באַווירקן. גוטע מעשים אָדער הנהגה איז ווירקלאָז. עס קאָן ניט זיין קיין התקרבות צו אים. דערפאַר טאָקע קאָן ער ניט ווערן קיין גאָט פאַר אַ קאָלעקטיוו. מען קאָן ניט בויען קיין טעמפלען צו אים, מען קאָן ניט תפילה טאָן צו אים. אין תוך איז עס אַ טויטער גאָט און אַ פאָרויס־דעטערמינירטער וועלט; בעצם אין אַ

טויטער וועלט. דער מענטש אין זיין הנהגה איז געבונדן, ווייל אַלץ איז פאַר אים פון פאָרויס באַשטימט דורך סיבות וואָס ער קאָן ניט קאָנטראָלירן.

דער יידישער דרך איז, אַז גאָט איז אַן אַבסטראַקציע. מען קאָן אים ניט באַנעמען מיט אונדזערע חושים און מען קאָן ניט פאַרשטיין זיין מהות. דאָך, אָפט, ווען איינער זוכט אים באמת, קומט ער אים אַנטקעגן און דער מענטש דערפילט זיין אָנוועזנקייט און זיין נאָענטקייט. איבערהויפּט ווערט ער רעאַל צום מענטשן דורך מעשים. ניט נאָר רעכטפאַרטיקע מעשים בין אָדם לחברו, נאָר אויך בין אָדם למקום, ווען דער מענטש פירט דורך באַשטימטע ריטואַלן און צערעמאָניעס. די דאָזיקע גאָט־מאַניפעסטאַציעס זיינען וואַריאירט ביי פאַרשיידענע מענטשן: אַמאָל דערפילט דער מענטש זיין דאַאיקייט און נאָענטקייט ווען ער איז ביחידות, אַמאָל דווקא נאָר אין אַ ציבור. דעם כביכולס נאָענטקייט קאָן מען ניט זעלטן דערפילן אַפילו ווען מען געניסט פיזיש פון נאַטירלעכן גאָב.

עס דאַרף ניט זיין מיט גאָט קיין קרעמערשער חשבון: איך דין דיך געטריי און דערפאַר דאַרפסטו מיך באַלוינען מיט אַזוי פיל און אַזוי פיל. אין די מאָמענטן, ווען מען דערשפירט זיין בנמצאדיקייט, דערפילט מען אַז ער פילט אָן דעם חלל אַרום, און דער מענטש האָט זיין באַלוינונג און זיינע דירעקטיוון. מען חשבונט ניט און מען פרעגט ניט אין יענע מאָמענטן פון וואַנען ער קומט און ווי אַזוי. אָט ווי מען פרעגט ניט און מען רעכנט ניט פון וואַנען עס קומט די נאַכט, די גלוסטעניש פון מענטש, זיין קוריאָזיטעט און באַגער צום לעבן. מען דערפילט נאָר בחוש, אַז דער איינשטעל פון דער וועלט איז זיינער. ער איז די אַבסאָלוטע רעאַליטעט ביים מענטשן און אין דעם אַרום. דאָס לעבן ווערט פאַרשטענדלעך און מיט אַ קלאָרן זינען.

עס ווערט דעמאָלט קלאָר, אַז דער כביכול האָט געשאַפן אַ וועלט „כי־טוב". ער האָט ניט איבערגעלאָזן דעם מענטשן אויף הפקר. אָבער פאַראַנט־וואָרטלעך איז דער מענטש פאַר אַלע אומרעכטן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַפילו פאַר אַלע שאָדנס וואָס די אַמאָראַלישע נאַטור ברענגט; און אַוודאי און אַוודאי פאַר זיין אייגענער רשעות. גאָט האָט איינגעשטעלט אייזערנע געזעצן אין דער נאַטור און ער וועט זיי ניט ענדערן אַפילו פאַר זיך אַליין. די סיבה איז ווייל ער איז אויסן געווען צו שאַפן אַ דינאַמישע וועלט. אויב אַ מענטש וועט גזלענען תבואה און זי פאַרזייען, וועלן אויפגיין זאַנגען לויט דער קוואַליטעט פון דער זריעה און דעם אופן פון דער פראָדוקטיוויטעט פון דעם באָדן, דאָס אַקערן און אַכטונג געבן אויף דעם געוויקס. דאָס איז דער נאַטור־געזעץ. יאָ, גאָט היט אָפּ די נאַטור־געזעצן, אָבער ניט ווייל ער

איז אונטערגעוואָרפן זייער ממשלה, נאָר ווייל ער האָט מיט זיין רצון אַזוי איינגעשטעלט די וועלט. די וועלט איז אַ טייל פון אים, אָבער ער איז מער ווי די וועלט. ער איז איבער דער וועלט. „מקומי טפילה לי ואין אני טפל למקומי״ (תנחומא, כי תשא, כז) — די וועלט איז אַ צוגאָב צו מיר, אָבער איך בין ניט קיין צוגאָב צו דער וועלט. נאָך קלאָרער איז דער מאמר: „אמר רבא בר יודן: לגבור שהוא רוכב על הסוס וכליו משופעים אילך ואילך, הסוס טפילה לרוכב ואין הרוכב טפילה לסוס״ (בראשית רבה סח, יוד) — רבא דער זון פון יודן האָט געזאָגט: עס איז געגליכן צו אַ גיבור, וואָס רייט אויף אַ פערד און זיינע קליידער זיינען פאַרוואָרפן, איינגעבויגן אויף אים אַהער און אַהער. דאָס פערד איז אַ צוגאָב צום רייטער, ניט דער רייטער צום פערד.

דער מענטש, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט און אין זיין גלייכעניש, איז ווי זיין באַשעפער ניט איינגאַנצן קיין צוגאָב צו דער וועלט און איז אויך טאָטאַל ניט באַוועלטיקט פון די נאַטור־געזעצן. אמת, ער קאָן זיי ניט אָפּשאַפן, אָדער אַפילו ענדערן, אָבער ער קאָן זיי צופּאַסן פאַר זיינע צוועקן. דער מענטש דאַרף זיך ניט צופּאַסן אינגאַנצן צו זיין סביבה כדי צו בלייבן לעבן, צו האָבן אַ תקומה, ווי אַלע לעבעדיקע וועזנס אָדער וואַקסונגען אַפילו. ער קאָן צופּאַסן און מאָדיפיצירן די נאַטור כדי צו האָבן אַ קיום. ער קאָן ניט פליען ווי אַ פויגל, אָבער ער קאָן בייקומען די גראַוויטאַציע פון דער ערד מיט אַ מאַשין. ער קאָן ניט אָפּשאַפן די קעלט אין ווינטער און די היץ זומער, אָבער ער קאָן זיך שאַפן וואַרעמע וואוינונגען, לייכטע אָדער גראָבע און וואַרעמע קליידער, צוגעפּאַסט צום קלימאַט. ער קאָן קאָנטראָלירן די לופט אין זיין וואוינונג — מאַכן זיך וואַרעם אָדער קיל.

ווען דער מענטש וועט באַנעמען, אַז די וועלט איז אַ „כי־טוב״ — „הקדוש ברוך הוא מתגאה בעולמו ואומר: ׳ראו בריה שבראתי וצורה שיצרתי׳״ (בראשית רבה יב, א) — דער רבונו־של־עולם גרויסט זיך מיט זיין וועלט און זאָגט: זעט דאָס באַשאַף וואָס איך האָב באַשאַפן און די פאָרם וואָס איך האָב געשטאַלטיקט, וועט דער מענטש אויפהערן צו באַשולדיקן דעם כביכול פאַר די אומגליקן און אומרעכטן וואָס געשעען אין דער וועלט. דער מענטש מיט זיין געטלעכן שכל, וואָס ער איז באַשאָנקען געוואָרן, קאָן פאַרמיידן די אומגליקן און ניט שטערן די נאַטור־געזעצן. למשל, די נאַטור־אייגנשאַפט פון וואַסער איז צו פלייצן. אַוודאי וועט עס פאַרפלייצן אַלץ וואָס איז אין זיין וועג און דערטרינקען קליינע קינדער אויך. אָבער דער מענטש קאָן פאַר־קערעווען דעם טייך אין אַ ריכטונג וואָס זאָל ניט גורם זיין קיין שאָדן. דער

מענטש קאָן אויך בויען דאַמבעס, וואָס זאָלן פאַרהיטן פון פאַרלייצן־אומגליק. אויב ער טוט עס ניט און מענטשן, קינדער און אַנדערע ברואים קומען אום, איז עס גאָטס שולד?

די נאַטור־עלעמענטן זיינען ווי פערד וואָס לויפן אויף אַ טראַקט. זיי לויפן ניט צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס. לויפן איז זייער שטייגער. אויפן וועג גייט אַ מענטש. ער דאַרף אַכטונג געבן און זען ווען די פערד טוען זיך אַ דריי רעכטס אָדער לינקס און זיך אויסהיטן פון צעטראָטן ווערן, דער שטייגער פון די פערדס לויפן ענדערט זיך ניט, אָבער דער מענטש ווערט ניט געשעדיקט (אבן עזרא).

מיר קאָנען זיך ניט באַרואיקן און טרייסטן מיט וועלכער עס איז באַרעכ־טיקונג פאַרן לעצטן חורבן אונדזערן. מיר קאָנען ניט בלייבן רואיק און ניט האָבן קיין קאָשמאַרן, ווען די פנימער פון די אייגענע און טייערע, פלייש פון אונדזער פלייש און ביין פון אונדזער ביין, שטייען פאַר אונדז טאָג און נאַכט און מאָנען דין־וחשבון. מיר קאָנען ניט האָבן פאַר זיך, אָדער פאַר זיי, אַ טרייסט און קיין באַרואיקונג. דאָך קאָנען מיר ניט באַשולדיקן דעם כביכול אין דעם אומגליק. מיר קאָנען זיך ניט טרייסטן מיט לעסטערונג. אָבער מיר קאָנען פאַרשטיין וואָס עס האָט פּאַסירט אָן שום טענות און תביעות צום כביכול.

אַ נייע אמונה איז אויפגעקומען אין דער וועלט. אַ נייער געץ, אַ במקום פאַרן כביכול: נאַציאָנאַליזם און די אויבערהערשאַפט פון מדינה־שטאַט. אַוודאי איז נאַציאָנאַליזם אין תוך אַ באַרעכטיקטע פאָדערונג פאַר אַן אייגע־נעם שעפערישן לעבן. אָבער נאַציאָנאַליזם איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סופּער־פּאַטריאָטיזם, אָדער שאָוויניזם, מיט דעם שטאַט ווי דער געץ און די פאָן ווי דער סימבאָל פון דעם נייעם געץ. די נייע אמונה, מיט מדינה ווי דער אויבערהערשער, איז יונג און פירט זיך אויף ווי אַלע אמונות האָבן זיך אויפגעפירט, ווען זיי זיינען געווען יונג — מיט אויסערגעוויינטלעכער קנאות, אומטאָלעראַנץ און אַכזריות.

נאָך מיט קרוב פופציק יאָר צוריק זיינען געווען בולטע אָנטייטן פון דער מעגלעכער גרויזאַמקייט פון דער נייער אויפגעקומענער אמונה. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די טערקן אומגעבראַכט קרוב אַ מיליאָן אַרמענער. עס איז ניט געווען בעצם צוליב רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ, נאָר מער צוליב פּאַטריאָטיזם, וואָס האָט געוואָלט אַן איינהייטלעכן שטאַט. די גרויזאַמע שחיטות אויף יידן אין אוקראַינע, אין דער צייט פון בירגער־קריג אין רוסלאַנד, זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון מדינה־פּאַטריאָטן, סיי אוק־

ראַינער און סיי רוסן. די אַלטע איינגעזעסענע קריסטלעכע רעליגיעזע שנאה איז סובלימירט געוואָרן אין זאָאָלאָגישער נאַציאָנאַלער אומטאָלעראַנץ.

ווען דער זאָאָלאָגישער נאַציאָנאַליזם איז אויפגעקומען אין דייטשלאַנד און דער ימח־שמוניק האָט זיך פאַרנומען צו גרינדן אַן איינהייטלעכן דריטן רייך, וואָס זאָל באַהערשן גאַנץ אייראָפּע, האָט ער זיך אָריענטירט אויך אויף אַ „ריינער ראַסע״. מדינהשקייט קאָמבינירט מיט ריינער ראַסע — אין אַזאַ איינשטעל איז ניט געווען קיין אָרט פאַר יידן. די יידן זיינען געווען אַן אַפּלייקענונג פון אַן איינהייטלעכן שטאַט באַוואוינט פון אַ „ריינער ראַסע״. דער ימח־שמוניק האָט גוזר געווען פאַרלענדונג אויף אונדזער פאָלק. וויבאַלד די קריסטלעכע טעאָלאָגישע קעגנערשאַפט צו טאָטאַלער פאַרלענדונג פון יידישן פאָלק איז מער ניט געשטאַנען אין וועג, האָבן די פעלקער אַרום געגעבן אַ שווייגנדיקע הסכמה צום יידישן אומגליק.

לויט אונדזער ילוד־אשה־באַנעם האָט דער כביכול געדאַרפט ענדערן דעם גאַנצן גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע צו פאַרמיידן אונדזער אומגליק. אָבער עולם כמנהגו נוהג. די וועלט מוז זיך פירן לויט איינגעשטעלטע געזעצן. דער גאַנצער גאַנג פון דער אייראָפּעאישער געשיכטע פון דעם רענעסאַנס אָן, האָט געפירט צום פאַרשאַרפטן נאַציאָנאַליזם און מדינה־העגעמאָניע אין דער וועלט, און דערפאַר צו דעם דאָזיקן יידישן אומגליק. מיר זיינען אַ טייל פון דער וועלט, פון דער גאַנצער מענטשהייט, ניט אָפּצוטיילן און ניט אָפּצוזונדערן. די קאַטאַסטראָפע איז די שולד פון די מענטשן און ניט גאָטס אויפטו. דער כביכול האָט לכתחילה געשאַפן אַ וועלט, וואָס אין איר זיינען מעגלעך אַלערליי אומרעכטן און קאַטאַסטראָפעס.

אַוודאי פרעגן מיר: „צו וואָס האָט דער כביכול געשאַפן אַזאַ וועלט, וואָס אין איר קאָנען טרעפן אַזעלכע טראַגעדיעס ?״ דער ענטפער איז: „דער צוועק פון יצירה איז דערווייל פאַר אונדז אַ סוד. אפשר וועט עס אונדז אַמאָל אַנט־פּלעקט ווערן, דורך זוכן און פאָרשן. אָבער דער גאַנג פון אונדזער וועלט קאָנען מיר פאַרשטיין״. עס איז קלאָר, אַז עס איז אַ דינאַמישע וועלט. אין די הענט פון דעם מענטשן איז איבערגעגעבן געוואָרן די ערד און איר פולקייט. דער מענטש וואָלט ניט געהאַט די פרייד פון שעפערישקייט און אַלייך־חשיבות ווען אַלץ וואָלט אים אָנגעקומען גרינג, אָן אַרבעט; ווען ער וואָלט אַלעמאָל געווען אונטער אַ שטרענגער השגחה, אָן פרייען ווילן. דעם מענטשן איז געגעבן געוואָרן די בעסטע און שטאַרקסטע וואָפן וואָס וועלכע עס איז בריאה קאָן באַגערן — פאַרשטאַנד! דער מענטש דאַרף שטענדיק האָבן אין זינען, אַז ער איז געשאַפן געוואָרן אין זיין גלייכעניש און ער האָט אין זיך די

עלעמענטן פון געטלעכקייט און ער איז דער פונקציאָנער, דער באַאַמטער, וואָס איז אָנגעשטעלט געוואָרן צו פירן די וועלט. דאָס איז דער אמתער זינען פון פסוק, אויסגעטאָן פון טעאָלאָגישן לבוש: „ויברך אלקים וכו׳ — און גאָט האָט זיי געבענטשט, און גאָט האָט צו זיי געזאָגט: ׳פרוכפּערט אייך און מערט אייך און פילט אָן די ערד און נעמט זי איין; און געוועלטיקט איבער די פיש פון ים און איבער די פויגלען פון הימל און איבער אַלץ וואָס קריכט אויף דער ערד׳״ (בראשית א, כח). דערפאַר דאַרף דער מענטש האָבן טענות צו זיך; אַלע פורענויותן און אַלע מגפות און אומגליקן זיינען ניט דירעקט פון דעם כביכול, נאָר פונעם מענטשן. ער האָט זיי גורם געווען. זאָל ער פאַרבעסערן זיינע וועגן און מאָדיפיצירן די איינגעשטעלטע געזעצן פון דער נאַטור. דער מענטש האָט דעם כוח דאָס צו טאָן. אויב ער וויל עס ניט טאָן, אָדער זוכט ניט צו געפינען אַ וועג עס צו טאָן, איז עס דעם מענטשנס שולד, און זאָל ער ניט האָבן קיין טענות צו גאָט.

וואָס מער דער מענטש דערוואַרבט וויסן און קאָן פאַרשטיין נאַטור־דערשיינונגען, אַלץ מער פאַרשטייט ער, אַז פאַר זיינע אייגענע נאַרישקייטן און אומוויסיקייט קאָן ער ניט באַשולדיקן דעם כביכול. עס איז געווען אַ צייט ווען מען האָט באַשולדיקט דעם רבונו־של־עולם פאַר דער קלענסטער קראַנקייט און פאַר יעדער סיבה פון טויט. ווען פרויען זיינען געשטאָרבן אין קימפּעט האָט מען צוגעשריבן צו דעם, ווייל די פרוי איז ניט געווען אָפּגעהיט אין אירע דריי מצוות (שבת לא, ב). עס איז די חז״ל, פון יענער צייט, ניט איינגעפאַלן, אַז די פרויען שטאַרבן אָפט אין קימפּעט, ווייל די באָבע, וואָס האָט אָפּגענומען דאָס קינד, האָט געהאַט שמוציקע הענט. היינט האָבן מיר טענות צו גאָט אויך פאַר זאַכן, וואָס וועלן אויסקומען נאַריש פאַר די קומענדיקע דורות. פאַראַן אַ סך אָנווייזונגען אויף דעם דאָזיקן געדאַנק אין תלמוד און מדרשים. זאָל זיין איין אָנוואונק: „הכל בידי שמים חוץ מצינים, פחים״ (כתובות ל, א) — אַלץ קומט פון גאָט אַ חוץ קאַלטס און וואַרעמס (אָדער קאַלטס און גריבער, פּאַסטקעס). עס מיינט, אַ מענטש דאַרף זיך אויסהיטן פון היץ אָדער קעלט. אויב ער היט זיך ניט אויס איז עס זיין שולד, ניט גאָטס שטראָף.

* * *

אָבער ווי אַזוי קאָן מען זיך מתקרב זיין צום כביכול? צו ערשט דאַרף קומען דאָס גלויבלעכקייט, דער באַוואוסטזיין, אַז ער איז בנמצא און דאָך זאָל עס ניט זיין קעגן שכל הישר. ער זאָל ניט זיין אין די אויגן פונעם מאָדערנעם מענטשן אַן אַבסורד — אַ טאַטע־גאָט, וואָס גיט אַכטונג אויף זיין

ניט־דערוואַקסן קינד. נאָך אַ שכלדיקער דערקענטעניש קאָן געמאָלט זיין אַן עמאָציאָנעלע איבערלעבונג, וואָס זאָל דערפילן די אַבסאָלוטע רעאַליטעט ווי אַ כוח אין דעם מענטשן און אין דער וועלט. ווען מיר וועלן דערגרייכן די דאָזיקע מדרגה וועט דעמאָלט מעגלעך ווערן צו שאַפן, אָדער עס וועט אויפ־קומען אַ דרך פון התקרבות.

דער רוב מנין און בנין פון אונדזער איצטיקן דור זעט ניט קיין גלויב־לעכקייט אין יידישקייט, ווייל דער באַנעם איז פון אַ גאָט פון די פריערדיקע דורות, אַ טאַטע־גאָט. דערפאַר זיינען מיר אַ פאַרלאָרענער דור. אומגלויבלעכ־קייט פון מציאות הבורא, די אַבסאָלוטע רעאַליטעט, איז אַ זיכערקייט ביי דער אינטעליגענץ, ווייל ביי איר איז דער כביכול פאַרבונדן מיט דעם האָמעטנעם אַנטראָפּאָמאָרפיזם פון קליינשטעטל. די כפירה פון דער אינטעליגענץ איז אַריינגעדרונגען דורך צעגיסונג (דיפיוזשן) צום ניט־טראַכטנדיקן מענטשן, וואָס גריבלט זיך ניט אין די דאָזיקע ענינים.

דערפאַר, ווען מיר קוקן זיך צו וואָס עס געשעט אויף דער יידישער גאַס, זעען מיר, אַז וואָס מער טעמפּלען און שולן, אַלץ ווייניקער אמתער רעליגיעזער אויפלעב. עס פעלן אונדז די צוויי יסודות פון אמונה: א) אַ באַוואוסטזיניקע גלויבלעכע דערקענונג פון גאָט, וואָס זאָל אונדז געבן אַ „פאַרוואָס" מען דאַרף זיך דערנענטערן צו גאָט. ב) אַ „ווי אַזוי", אַ תרי״ג, וואָס זאָל האָבן אַ זינען און אַ באַטייט פאַר אונדז; אַ תרי״ג וואָס זאָל פאַר אונדז קאָנקרעטיזירן דעם „פאַרוואָס". פּשוטער: אַ דרך פאַר יידישקייט וואָס זאָל ניט זיין קעגן שכל הישר.

אַוודאי וועלן אַ סך טענהן: „וואָס מיינט איר עס איז ניטאָ קיין דרך? האָבן מיר ניט קיין שולחן־ערוך? אין די פינף בענד פון יוסף קאַרו׳ס קאָדעקס זיינען אָנגעצייכנט אַלע פּרטים ווי צו מתקרב זיין זיך צו גאָט. אַלע דינים בין אָדם למקום און בין אָדם לחברו. עס גיט אַן דירעקציעס, אַפילו דעם אופן פון אָנטאָן די שיך אין דער פרי און וועלכן בענדל צו פאַרבינדן פריער. וואָס נאָך ווילט איר?"

דער ענטפער איז זייער אַ פּשוטער: „איר, דער פרעגער, פאַרוואָס היט איר ניט אָפּ אָט די אַלע מצוות? נאָך מער: פאַרוואָס איגנאָרירט אונדזער דור בכלל דעם דרך פון שולחן־ערוך?" די סיבה איז, ווייל די אַלע דינים פון שולחן־ערוך, און אויך די דירעקטיוון פון יידישער הלכה בכלל, זיינען צוגע־גרייט געוואָרן פאַר די דורות, וואָס האָבן געהאַט דעם באַגריף, אַז דער כביכול איז ווי אַן ערדישער בייזער טיראַנישער הערשער, וואָס דער מענטש דאַרף זיין אַ נכנע פאַר אים, אַלעמאָל זען ניט דערוועקן זיין צאָרן, כדי ער זאָל

זיין גנעדיק צו זיינע אונטערטאַנען. מיר קאָנען ניט אָננעמען אַזאַ דרך פון דערנענטערן זיך צו אים.

מיר מוזן צוגעבן, אַז אונדזער דור האָט ניט קיין אָנונג פון אַן איינגעשטעלטער רוטין פאַר אונדזער אמונה. עס איז פאַראַן אַ טרייסט פאַר אונדז. מיר זיינען ניט דער ערשטער דור, וואָס האָט די שוועריקייט צו געפינען אַ דרך צו אים לויט דעם גייסטיקן באַנעם פון דעם דור. גאַר אַ סך דורות האָבן געהאַט די דאָזיקע שוועריקייט. און ניט נאָר די לעצטע דורות, ווען די אמונה איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. שוין אין דעם אָנהויב פון יידישער געשיכטע, אין דער צייט פון די נביאים, האָט מען זיך געראַנגלט מיט אָט דער דאָזיקער פּראָבלעם. פרעגט מיכה (ו, ו־ח): „ווי אַזוי זאָל איך דינען גאָט? זאָל איך זיך בויגן מיט אונטערטעניקייט פאַר גאָט? זאָל איך קומען צו אים מיט בראַנדאָפּפער, מיט איין־יאָריקע קעלבער? וויל גאָט טויזנטער ווידער, צען־טויזנט טייכן אויל? זאָל איך אים געבן מיין בכור פאַר אַ באַגאַנגענעם פאַר־ברעכן? די פרוכט פון מיין לייב פאַר דעם חטא פון מיין זעל? דאָס האָט דיר אָנגעזאָגט אַ מענטש, אַז עס איז גוט. אָבער וואָס פאַרלאַנגט גאָט פון דיר? נאָר בלויז טאָן גערעכטיקייט און ליב האָבן גנאָד, און גיין שטיל באַשיידן פאַר גאָט" (די איבערזעצונג איז לויט יידישע מפרשים און דעם טראַפּ). דער נביא מיכה האָט ניט אָנגעגעבן קיין פרטים, ער האָט באַטאָנט אַ מאָטיווירונג און דעם דרך צו גאָט דאַרף מען געפינען לויט דער דאָזיקער מאָטיווירונג.

וועגן דעם זעלביקן ענין איז פאַראַן אַ מער דעטאַלע דערקלערונג אין גמרא (מכות כג, ב און כד, א): רבי שמלאי האָט געדרשנט: זעקס הונדערט און דרייצן מצוות האָט גאָט געגעבן משהן. דריי הונדערט און פינף און זעכציק לא־תעשהס, לאווין, און צוויי הונדערט און אַכט און פערציק עשהס — סך־הכל זעקס הונדערט און דרייצן. איז געקומען דוד און זיי רעדוצירט צו עלף: 1) דער וואָס באַגייט זיך ערלעך, 2) טוט גערעכטיקייט. 3) רעדט אמת אַפילו אין האַרצן. 4) טראָגט ניט קיין רכילות. 5) טוט ניט זיין חבר קיין שלעכטס. 6) פאַרליידט ניט קיין שאַנד אויף זיין נאָמען. 7) דער נבזה אין פאַרמיאוסט אין זיינע אויגן. 8) גיט אָפּ כבוד די גאָטספאָרכטיקע. 9) ווען ער שווערט, און אַפילו דערנאָך ברענגט עס אים שאָדן, ענדערט ער ניט די שבועה. 10) זיין געלט גיט ער ניט אויף פראָצענט; 11) נעמט קיינמאָל ניט קיין שוחד צו געפינען שולדיק דעם אומשולדיקן (תהילים ט, ב־ה).

איז געקומען ישעיהו הנביא און זיי רעדוצירט אויף זעקס: 1) ער גייט אויף דעם רעכטפאַרטיקן וועג. 2) ער רעדט ערלעך. 3) ער פאַראַכט דאָס געווינס וואָס קומט פון אונטערדריקונג. 4) ער טרייסלט אָפּ זיינע הענט פון

נעמען שוחד. 5) ער פאַרשטאָפּט זיין אויער פון הערן צו פאַרגיסן בלוט. 6) ער פאַרמאַכט די אויגן פון קוקן אויף שלעכטס (ישעיהו לג, טו). נאָך אים איז געקומען מיכה און רעדוצירט צו דריי: 1) טו גערעכטיקייט. 2) האָב ליב גנאָד. 3) גיי שטיל באַשיידן פאַר גאָט (מיכה ו, ח). איז ווידער געקומען ישעיהו און זיי רעדוצירט צו צוויי: 1) היט אָפּ גערעכטיקייט. 2) טוט גערעכטיקייט (ישעיהו נו, א). איז געקומען חבקוק און רעדוצירט אַלע מצוות צו איינער: „דער גערעכטער לעבט מיט זיין אמונה" (חבקוק ב, ד).

ריכטיק דערקלערט דער מהרש"א די מאמרים פון דער גמרא: „שאין הכוונה לומר כי בעשית אחד עשר או ג' מצוות מקנה לו השלמות האנושי — אלא שכל אחד מן הנביאים היה מתכוין לעשות כללים, כללים מצות רבות מן התורה". די כוונה פון די מאמרים מיינט ניט, אַז אויב מען וועט מקיים זיין עלף געבאָטן, אָדער דריי, וועט מען דערגרייכן יענע שלימות ווי דער מענטש וואָס היט אַלע תרי"ג מצוות. עס מיינט נאָר, אַז יעדער איינער פון די נביאים איז אויסן געווען צו געבן כללים, געבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס מען דאַרף אָפּהיטן די תרי"ג מצוות. אין אונדזער לשון: דער נביא האָט געגעבן אַ מאָטיווירונג פאַר די מצוות. די מענטשן זאָלן פאַרשטיין, אַז צוליב די אָנגעגעבענע טעמים דאַרף מען אָפּהיטן די מצוות. דער ריטואַל איז ניט קיין פוסטע צערעמאָניע.

דערפאַר איז וויכטיק פאַר אונדזער דור צו באַטאָנען די מאָטיווירונג פאַר הלכה. מיר דאַרפן פאַרשטיין, אַז מיר היטן ניט אָפּ קיין מצוות צוליב דער שרעק פון אַן אַנטראָפּאָמאָרפישן גאָט, אַ בייזן טאַטע. ער איז אַן אַבסטראַקציע, וואָס ווערט רעאַל צו אונדז ניט נאָר ווען מיר טוען רעכטפאַרטיקע מעשים בין אָדם לחברו, נאָר אויך ווען מיר פירן דורך באַשטימטע ריטואַלן און צערעמאָניעס הן בציבור און הן ביחידות. אונדזער דור ווייסט ניט און קאָן זיך ניט באַצווינגען מיט דעם אַלטן תרי"ג, דאַרף ער זוכן און פאָרשן אַ וועג וואָס וועט אונדז דערנענטערן צו אים.

אָבער דאָ קאָן געשטעלט ווערן זייער אַ האַרבע קשיה: „זאָל זיין אַז מיר נעמען אָן די מאָטיווירונג פאַר הלכה אין יידישן לעבן און זיינען מסכים, אַז הלכה איז אַ רעליגיעזער און פילאָזאָפישער באַגריף, אָבער יעדע מצווה פאַר זיך איז דאָך צוגעבונדן צו צייט און אָרט. דאָס איז דאָך מחייב אַן עקספּערימענטירונג אויף אַ גרויסן פאָלקס־מאַשטאַב. ווי אַזוי קאָנען מיר דורכפירן אַזאַ עקספּערימענט אין אונדזערע איצטיקע תנאים אין די תפוצות? אַט, לאָמיר זאָגן, ביז הונדערט יאָר צוריק, זיינען מיר באמת ניט געווען אין קיין גייסטיקן גלות. די יידישע אָפּגעזונדערטקייט איז געווען אַזאַ, אַז מיר זיינען

געווען די מאַיאָריטעט אין אונדזערע וואוין־ערטער. אָפט אַפילו בומעריש. אין אונדזער אייגענער „מדינה" האָבן מיר געקאָנט זיך אויפפירן ווי מיר האָבן געוואָלט; די סיגים און חומרות זיינען געוואָרן דאָס לעבנס־שטייגער פונעם פאָלק און אָפט פאַרקערט, אַ סיג און אַ חומרה איז אַרויסגעוואַקסן פונעם פאָלקס לעבנס־שטייגער.

אָבער איצט זיינען מיר ניט נאָר אינטעגרירט עקאָנאָמיש אין דער אַרו־מיקער סביבה, נאָר אויך גייסטיק. די בעסטע פון אונדז, סיי די סעקולאַריסטן און סיי די אָרטאָדאָקסן, אויסלאָזן אַ מיעוט־שבמיעוט, לעבן דעם גרעסטן טייל פון טאָג אין אַ ניט־יידישער סביבה. מיר האָבן ניט פשוט די פיזישע אָדער מעכאַנישע מעגלעכקייט צו שאַפן אַ צוגעפּאַסטן אַפּאַראַט, פאַר אונדז, פון דעם תרי"ג.

אַוודאי קען יעדער מאָדערנער מאמין אָננעמען אָפּצוהיטן געציילטע מצוות פון תרי"ג, יענע מצוות וואָס האָבן פאַר אים אַ זינען, און יוצא זיין מיט דעם. ער קאָן אַפילו זיך האַלטן פאַר אַ גוטן און פרומען יידן. ער קאָן אַפילו געפינען אַ סמוכין צו זיין הנהגה אין אַ שאַרפן מאמר אין גמרא. „עס שטייט געשריבן: 'עשה אלה לא ימוט לעולם' (תהילים טו, ה) — דער וואָס טוט די דאָזיקע זאַכן וועט קיינמאָל ניט אומפאַלן. ווען רבן גמליאל פלעגט קומען צו דעם פסוק פלעגט ער זיך צעוויינען און זאָגן: 'נאָר דער וואָס טוט די אַלע זאַכן, דער וואָס איז מקיים די אַלע מצוות, וועט ניט אומפאַלן. אָבער אויב איינער פאַרפעלט איינע פון די דאָזיקע זאַכן פאַלט ער דורך'. האָבן צו אים געזאָגט זיינע חברים: 'צי דען שטייט געשריבן „דער וואָס טוט אַלע פון די דאָזיקע זאַכן וועט ניט אומפאַלן"? עס שטייט דאָך געשריבן: „דער וואָס טוט די דאָזיקע זאַכן וועט ניט אומפאַלן". אַפילו ווען ער איז מקיים איינע פון די דאָזיקע זאַכן וועט ער ניט אומפאַלן'." (מכות כד, ב). עס איז ווי דאָס פאָלקס־ווערטל זאָגט: „אַלע יידן אינאיינעם זיינען מקיים דעם תרי"ג".

דער דרך, אויסצוקלייבן, אָדער אָפּקלייבן, יענע מצוות, הלכות, וואָס האָבן אַ באַטייט פאַר דעם אָפּקלייבער, קאָן טאָן אַ יחיד, וואָס זוכט גאָט און האָט ניט קיין אייגענעם נוסח, קיין אייגענעם אופן פון התקרבות צו דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט. אָבער דאָס קאָן ניט זיין קיין שיטה פאַרן פאָלק. פון אַזאַ דרך קאָן און וועט צעברעקלט ווערן די אמונה און דאָס פאָלק. דער דאָזיקער דרך קאָן קיינמאָל ניט ווערן דער אַפּאַראַט פאַר אַ קאָלעקטיוו, אָדער וועלכער עס איז וויכטיקער גייסטיקער כוח אין אַ געזעלשאַפט.

פון שטאַנדפּונקט פון גייסטיקן איבערלעב, תקומה, פון יידישקייט איז די

פראָבלעם צו געפינען אַ מאָטיווירונג פאַר יידישקייט אָ „פּאָרוואָס״; ספּעציפישע ווערטן אין יידישקייט וואָס זאָלן אונדז באַרעכטיקן צו טראָגן דעם עול פון כּביכול; אויך אַ „ווי אַזוי״ — אַ דרך, אַ נוסח, צו קאָנקרעטיזירן די יידישע ווערטן אין טאָג־טעגלעכן לעבן. דאָס זיינען עיקר־פּראָבלעמען סיי פאַר די תפוצות און סיי פאַר מדינת ישראל. איצט לעבן מיר אויף שיריים פון יידישקייט. ניט געקוקט אויף דעם גאַנצן טומל פון אויפלעב פון יידישער רעליגיע און אַ בענקעניש נאָך דער יידישקייט פון שטעטל, נאָך אינטעגראַלער יידישקייט. עס האָבן זיך פאַרמערט די באָסטאַלגיסטן, קיומיסטן, נאַציאָנאַליסטן און קאָנפאָרמיסטן, וואָס היטן אָפּ אַ סעלעקטיווע צאָל מנהגים און צערעמאָניעס. אָבער אין תוך איז דאָס אַן אידעאָלאָגיע פון אַסימילאַציע. די יידישע אינטעליגענץ און דער רוב פונעם פאָלק זעט ניט קיין שום ספּעציעלע ווערטן אין יידישקייט, ווערטן וואָס מאַכן אונדז פאַר אַן אויסנאַם־פאָלק. מען באַטאָנט איצט עטישקייט ניט אין ראַם פון יידישן וועלט־באַנעם, נאָר אין דער ראַם פון הומאַניזם. אַמאָל האָבן מיר געזאָגט: וואָס אַ בעסערער און גאַנצערער ייד, אַלץ אַ בעסערער מענטש איז מען און מען איז אַן אָדם השלם. היינט זאָגן מיר פאַרקערט: וואָס אַ גרעסערער הומאַניסט, אַלץ אַ בעסערער און גרעסערער ייד. זיינען מיר די איינציקע הומאַניסטן, אָדער שטרעבן צו הומאַניזם? פון גייסטיקן שטאַנדפּונקט איז איצט „אַ צייט פון בויט און שמאַך. די קינדער זיינען געקומען באַענט צום בראָכשטול און עס איז ניטאָ קיין כוח צו געבערן״.

פאַראַן אַ היפּשע צאָל סאָציאָלאָגן און יידישע דענקער וואָס האַלטן, אַז באמת האָט יידישקייט געקאָנט עקזיסטירן נאָר אין אַ האַלב־פעאָדאַלער סביבה, אָדער אין ערטער וואו די קולטור פון דער אַרומיקער געזעלשאַפט איז געווען נידעריקער פון דער יידישער. אויך נאָר ווען יידן האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט, אין קליינע שטעטלעך און איזאָלירט פון דער וועלט־קולטור. איצט אָבער קאָן דאָס יידישע פאָלק עקזיסטירן נאָר ווען עס וועט זיך נאָרמאַליזירן אויך אין דעם רעליגיעזן זינען. די רעליגיע וועט ווערן אַ טפל צום טאָג־טעגלעכן לעבן ווי ביי אַלע פעלקער. די יידן אין די תפוצות וועלן ווערן וויניקער און וויניקער, טייל וועלן זיך אַסימילירן, אַ טייל, אפשר אַ סך אַ קלענערער, וועט אימיגרירן, עולה זיין קיין מדינת ישראל. אין מדינת ישראל וועט אויפקומען אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער. פאַר אַ געוויסער צייט וועט עס זיין אַ קליין אויסגעצייכנט פאָלק, ווייל ביי יידן האָט זיך אָנגעקליבן אַ גרויסע מאָס פון גייסטיקע נייגעריקייט און פאַרמעג. אָבער דערנאָך וועט עס ווערן ווי אַלע פעלקער. עס וועט זיין גוט פאַר אייך יידן און בעסער פאַר דער וועלט. איר וועט אויפהערן זיין דער אויפרייץ, די אָנטוועקונג צווישן די פעלקער. דאָס

אַלטע יידיש לעבן וועט זיך אָפּשפּיגלען אין דער ליטעראַטור און קונסט. דאָרט וועט עס קריגן אַ תּיקון.

נביאות, גוטע אָדער שלעכטע, איז שווער אָפּצולייקענען אָדער באַיאָען. אָבער אָפּווישן אין צווייַ, דריי דורות די געשיכטע פון אַן אַלט דערפאַרן פאָלק, וואָס האָט אויפגעהיט זיין אייגנדיקייט פון קולטור אין פאַרשיידענע ציוויליזאַציעס און קולטורן, אין אַלערליי קלימאַטן און פאַרשיידענע תּנאים, גוט־גינציקע און אומגינציקע, איז אומגלויבלעך. ניין, עס איז ניט דער אַלטער שאַבלאָנער זאָג פון „נצח ישראל לא ישקר" — יידישע אייביקייט וועט ניט זאָגן קיין ליגן, וועט אונדז ניט אָפּנאַרן. דאָס איז בלינדער פאַטאַליזם. אָבער היינט זיינען פאַראַן גינציקע עלעמענטן אין דעם מצב פון יידן, וואָס קאָנען ענדערן די גאַנצע גייסטיקע אַטמאָספערע און לאַגע. עס זיינען דאָ אין איצטיקן יידנטום כּוחות און סיבות, וואָס קאָנען אונדז געבן אַ „פאַרוואָס" פאַר יידישקייט און אויך אויסאַרבעטן דעם „ווי אַזוי" אויסצוהאַלטן יידישקייט אויף אַ באַזונדערן אייגנדיקן אופן.

איין סיבה פאַרוואָס מיר קאָנען האָפן צו דערגרונטעוועון זיך צו אַ „פאַר־וואָס" פאַר יידישקייט איז וואָס קיינמאָל אין אונדזער געשיכטע האָבן מיר ניט פאַרמאָגט אַזוי פיל למדנים, וואָס זיינען אויך מלומדים אין וועלטישע קעגנ־שטאַנדן. בדרך־כּלל, ביז דער איצטיקער צייט, זיינען אונדזערע למדנים אין יידישקייט ניט געווען קיין גרויסע מלומדים אין וועלטלעכע קעגנשטאַנדן. די מלומדים אין די פרעמדע קולטורן זיינען געוויינטלעך אַוועק פון כּנסת ישראל. ניט געוואָלט און ניט געקאָנט זיין קיין שעפערישער כּוח אין יידישקייט. זעלטן ווען, מיט אַ הונדערט יאָר צוריק, האָט אַ גרויסער רבֿ, אַ גדול בתּורה, געהאַט וועלטלעכע ידיעות אין דער זעלבער מאָס ווי יידישע לומדות. היינט זיינען דאָ ביי אונדז, ממש אין די הונדערטער, גדולי ישראל, אין אַלע יידישע רעליגיעזע באַוועגונגען, וואָס זייערע יידישע ידיעות און אַלגעמיינע ידיעות זיינען טיף און גרינטלעך. גאָר אַ סך פון זיי זיינען דורשי אלקים און זיי זיינען מסוגל צו געפינען אַן אויסוועג פון אונדזער פאַרפּלאָנטעריש און אַ לייזונג צו אונדזערע ספקות.

נאָך אַ גינציקע סיבה איז די געאָגראַפישע לאַגע פון די תּפוצות. די יידן, דאָס רוב יידן, וואוינען אין לענדער, וואָס איז ניטאָ קיין צוואַנג צו בלייבן אַ ייד. די געלעגנהייט פאַר אַסימילאַציע, טאָטאַלער אַסימילאַציע, זיינען אומבאַגרענעצט. אויב אַלץ וועט גיין כּשורה אין די פרייע לענדער, וועלן בלייבן יידן נאָר יענע, וואָס ווילן באַוואוסטזיניק זיין יידן. די פרייוויליקע געבליבענע יידן, וואָס גאָר אַ גרויסער טייל וועט באַשטיין פון אינטעלעקטואַלן,

וועלן זיך מוזן דערגרונטעוועז צו א „פּאַרוואָס". די טבע פון זייער לעבן וועט עס מחייב זיין. עס וועט דאָך מוזן זיין אַ מאָטיווירן פאַר דער אַליין־אָנגעגנו־מענער אַנדערשקייט, פאַר וועלן בלייבן אַ מינאָריטעט אין אַ ניט קיין אַנטאַ־גאָניסטישער מאַיאָריטעט.

די תפוצות וועלן שאַפן דעם „פאַרוואָס" און מדינת ישראל וועט האָבן די גינציקע תנאים צו שאַפן דעם „ווי אַזוי".

עס איז אַ טעות וואָס מען מיינט, אַז מיר האָבן זיך אומגעקערט קיין ארץ־ישראל ווייל מיר האָבן געוואָלט ווערן אַ נאָרמאַל פאָלק ווי אַלע פעלקער. פאַרקערט, מיר האָבן זיך אומגעקערט צו ארץ־ישראל ווייל מיר זיינען געוואָרן אַזוי ווי אַלע אַנדערע פעלקער און אָן אַ מדינה איז געווען אַ סכנה מיר זאָלן ווערן אויס פאָלק. ווען מיר זיינען געוואָרן, על־פּי רוב, ווי אַלע אַנדערע פעלקער איז אויף אונדז חל געוואָרן די זעלביקע היסטאָרישע געזעצן, וואָס האָבן געווירקט און ווירקן אויף נאָרמאַלע פעלקער. אַ נאָרמאַל פאָלק איז אַ נאַציע, און אַ נאַציע קאָן ניט עקזיסטירן אָן אַן אייגענער טעריטאָריע און אָן אַן אייגענער מלוכה; אָדער לכל־הפּחות אָן אַן אייגענער טעריטאָריע און אָן אַן איינהייטלעכן לשון. מיר האָבן געמוזט זיך איינשאַפן אַ טעריטאָריע כדי צו בלייבן אַ „חטיבה אחת בעולם" — אַ באַזונדערע קאָנטיקע איינהייט אין דער וועלט.

דאָך, ניט געקוקט, וואָס מיר האָבן זיך סעקולירט און אין פלוג זיינען מיר געוואָרן ווי אַלע אַנדערע פעלקער, און מיר האָבן זיך אָריענטירט אויף דעם פּרינציפּ פון דער נייער רעליגיע — נאַציאָנאַליזם, האָבן מיר בעצם ניט געוואָלט קיין מלוכה־מדינה ווי אַלע אַנדערע פעלקער, און גרינדן אַ מדינה אויף דעם חשבון פון אַן אַנדער פאָלק. זאָל ווער עס וויל נאָר דורכבלעטערן די גאַנצע ציוניסטישע ליטעראַטור פון איידער מיר האָבן געהאַט די מלחמה מיט די אַראַבער און געפינען אַן אָנטייט, אַז מיר האָבן געוואָלט פאַרכאַפן „פאַלעס־טינע" מיט געוואַלד. אָבער די וועלט האָט אונדז ניט געגלויבט, אַז אַלץ וואָס מיר זיינען אויסן געווען איז צו האָבן אַ ווינקל פאַר זיך, „אַ לאַנד פון אָפענע שטעט, ווערן אַ רואיק פאָלק, וואָס זיצט אין זיכערקייט, וואָס זיצט אָן אַ טויער, און ניטאָ ביי זיי קיין ריגל און טויערן" (יחזקאל לח, יא).

קרוב צוויי טויזנט יאָר האָט די ניט־יידישע וועלט אונדז ניט געגלויבט, אַז מיר זיינען אַן איינהייטלעך פאָלק אָן אַ לאַנד, אָן אַן אַרמיי און אָן אַ בשותפותדיק לשון און אָן אַ צענטראַלער רעגירנדיקער קערפּערשאַפט. דאָס האָט זיך די פעלקער ניט געלייגט אויפן שכל. דערפאַר טאַקע האָבן זיי אויס־געטראַכט, אַז עס איז דאָ ערגעץ אַ „קהל", אַ „זקני־ציון"־קערפּערשאַפט,

וואָס רעגירט אויף אַלע תפוצות און גיט אַלע יידן דירעקטיוון, געהיימע באַ־פעלן, וואָס יעדער ייד מוז אויספאָלגן. זיי האָבן אויך איצט ניט געגלויבט, אַז מיר האָבן ניט געהאַט בדעה צו פאַרכאַפּן דאָס לאַנד פון די אַראַבער.

מען האָט אויף אונדז אַרויפגעצוואונגען מלחמות און האָבן אַ מדינה ווי אַלע פעלקער. אין איצטיקער רשעותדיקער וועלט איז מלוכה פאַרבונדן מיטן רשעותדיקן לא תרצח. מען האָט אַפילו אַרויפגעצוואונגען אויף אונדז צו ווערן אָקופּאַנטן. מען לאָזט אונדז ניט ווערן קיין מוסטער פון אַן עטישן שטאַט. אונדזער יידישער וועלט־באַנעם צעטיילט ניט דעם ציבור־לעבן, דעם שטאַט, אויף צוויי באַזונדערע עטישע געבאָטן „גיב דעם קייסער וואָס געהער צום קייסער, און צו גאָט וואָס געהער צו גאָט". מען לאָזט אונדז ניט ווערן דאָס וואָס מיר האָבן געהאַט בדעה צו ווערן אין אונדזער מדינה.

אָבער, די השגחה, אָדער אויב איר ווילט באַצייכנט עס: „דער גאַנג פון געשיכטע", האָט אַזוי איינגעשטעלט, אַז מדינת ישראל קאָן אונטערגיין, חלילה, נאָר ווען די גאַנצע וועלט וועט אָפּגעווישט ווערן אין אַן אַטאָמישער מלחמה. דערפאַר וועט מוזן קומען צו אַ פּערמאַנענטן שלום אין מדינת ישראל. דעמאָלט ווען די יידישע ענערגיע וועט ניט פאַרשווענדט ווערן אויף אויפהיטן דעם פיזישן קיום, וועט דאָס פאָלק מוזן שאַפן אַ „ווי אַזוי" פאַר יידישקייט.

די יידן אין מדינת ישראל וועלן דאָך זיין אויטאָמאַטישע יידן. זיי וועלן ניט דאַרפן זוכן קיין „פאַרוואָס" פאַר זייער יידישקייט, אָבער זיי וועלן נויטיקן זיך איינצושטעלן דעם „ווי אַזוי". דער קיבוץ אין מדינת ישראל וועט האָבן שבת און יום־טוב לויט דעם יידישן לוח, אָן קיין שום שטערונג פון דער אַרו־מיקער סביבה. וואָס וועלן זיי טאָן מיטן שבת און יום־טוב? זייער טאָג־טעג־לעך לעבן וועט אויך מוזן האָבן אַ יידישן נוסח. אַפילו זיי וועלן זיך אָנ־שטרענגען ניט צו לעבן יידישלעך, וועלן זיי ניט קאָנען. מען קאָן ניט אַראָפּ־וואַרפן פון זיך אַ טויזנט־יאָריקע ירושה און זי איבערבייטן אויף אַן ערזאַץ, אויף אַ במקום, פון אַ פרעמדער קולטור. דער קיבוץ אין מדינת ישראל וועט מוזן שאַפן אַ דרך געבויט אויף יידישער מסורה — עס מיינט שאַפן אַ „ווי אַזוי", אַט ווי די תפוצות וועלן מוזן געפינען אַ „פאַרוואָס".

עס האָט געדויערט כמעט צוויי הונדערט יאָר ביז דאָס יידישע פאָלקס־לעבן האָט זיך אויסגעליידיקט פון יידישן תוך. די איבערשאַצונג, לויט מאָ־דערנע תנאים און איצטיקן וועלט־באַנעם, קאָן ניט געטאָן ווערן איבער נאַכט. עס איז אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס. אָבער מיר זיינען איצט אין אַ גינציקן מצב און קאָנען עס אויספירן.

ט״ו שבט תשכ״ז — ה׳ טבת תשכ״ח

# די שטרענגקייט פון אגדה און פשרות פון הלכה

## א.

### דער יידישער מקור פון עטיק

דער יידישער וועלט־באַנעם האָט זיין ספּעציפיש אייגנאַרטיקן צוגאַנג צום מקור פון עטיק. נאָך דעם יידישן קוק, איז דער מקור פון עטיק דער באַפעל פון אַ טראַנסצענדענטאַלן כוח וואָס פירט די וועלט, און ניט אַלע־מאָל קאָנען מיר זיך דערגרונטעווען צו דער סיבותדיקייט פון זיין רצון. אונדזער עטיק איז אויך דער פּועל־יוצא פון דער גרופּע־מאָראַל, וואָס צווינגט אַרויף אויף אונדז ספּעציפישע הנהגות און מאָראַלישע התחייבותן. אָבער די דאָזיקע מאָראַלישע נאָרמעס זיינען נישט בלויז אימפּעראַטיוון צו פאַרשטאַרקן די עקזיסטענץ פון דער גרופּע אָדער פאַרזיכערן איר קיום, נאָר אויך אַ וועג אַז די גרופּע זאָל ווערן אַ געהייליקטע געמיינדע און קריגן אַן אָפּגלאַנץ פון דעם שעפּער פון דער וועלט, וואָס איז דער סימבאָל פון מאָראַלישער פּערפעקציע.

די יידישע עטיק איז געבויט אויף דעם יסוד פון דעם אייגנאַרטיקן נביאישן מאָנאָטעאיסטישן גאָט־באַגריף.

די נביאים האָבן באַנומען גאָט ווי אַ כוח אָן וועלכן צובונד צו דער מאַטעריאַליסטישער וועלט. ער איז אויסער דער נאַטור און אויסער דעם קאָסמאָס. די נביאים האָבן באַפרייט גאָט פון וועלכער ס׳איז צוגעבונדנקייט צו דער נאַטור אָדער צום פאַטום. זיינע באַפעלן צו מענטשן צו זיין גוט און ערלעך האָבן נישט צו טאָן מיט מענטשלעכער דערפאַרונג. אָבער אין די אויגן פון די נביאים איז דער יידישער גאָט ניט קיין אַבסטראַקט, וואָס איז אָפּגעריסן פון דער וועלט; ער איז ניט קיין גאָט וואָס זיצט רואיק און שטיל און באַנוגנט זיך מיט זיין אייגענער עקזיסטענץ און האָט גאָרניט וואָס צו טאָן מיט דער מענטשלעכער וועלט און מיט דעם מענטשלעכן גורל. ניין, ער איז אַ גאָט פון טואונג. נישט נאָר דער מענטש זוכט אַ וועג צו גאָט, נאָר גאָט נידערט אַראָפּ צום מענטשן און לערנט אים גיין אין זיינע וועגן.

די דאָזיקע צוויי מאַניפעסטאַציעס פון גאָט ווערן קלאָר אויסגעדריקט

אין פסוק: „ווייל אַזוי זאָגט דער הויך דערהויבענער, וואָס רוט אין אייביקייט, וואָס זיין נאָמען איז הייליק: איך רו אין דער הויכקייט און אין הייליקייט, אָבער איך בין מיט דעם דערשלאָגענעם און געפאַלענעם אין געמיט, אויפצו־מונטערן דעם מוט פון די געפאַלענע און אויפצולעבן דאָס האַרץ פון די דערשלאָגענע" (ישעיה נז, טו).

די דאָזיקע צווי סתירותדיקע מאַניפעסטאַציעס פון גאָטס עקזיסטענץ שפּיגלען זיך אָפּ זייער קלאָר אין די מאמרי חז"ל, אין מאמרים וואָס זיינען זיך אויך סותר און מען דאַרף ניט פאַרענטפערן די סתירות, ערשטנס, ווייל דער מקור איז אין תנ"ך, און שנית, ווייל „אין קיין שום אָרט אין תלמוד געפינט זיך ניט קיין שום איינגעשטעלטע שיטה וועגן דעם תוך פון דער יידישער אמונה. דערפאַר איז אוממעגלעך צו באַשטימען פּינקטלעך די גרענעץ צווישן אַן אַלגעמיינער אָנגענומענער מיינונג און דער מיינונג פון אַ יחיד. דאָס איז ערשט באַשלאָסן געוואָרן אין דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון יידישקייט" (יצחק יוליוס גוטמן, „הפילוסופיה של היהדות", ז' 44)*.

וועגן יענע חז"ל, וואָס האָבן אָנגענומען נאָר דעם נביאיש־אַבסטראַקטן באַגריף פון גאָט, וואָלטן מיר געזאָגט אויף אונדזער היינטיקן לשון, אַז זיי האַלטן אַז אַלע מצוות, אָן אַן אויסנאַם, אַפילו די מצוות וואָס די באַלויבונג פאַר זיי ווערט אָנגעגעבן און ס'איז גרינג צו געפינען אַ טעם פאַר זיי, אַ פאַרוואָס, אַ געזעלשאַפטלעך־עטישע דערקלערונג, — אויך די דאָזיקע מצוות זיינען ניט מער ווי געבאָטן פון אַ טראַנסצענדענטאַלער מאַכט, אַן אַבסאָלוטע פאָדערונג פון אים, וואָס איז ניט צוגעבונדן צו גרופּע־דערפאַרונג. אויף אונדזער היינטיקן לשון — אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו.

זאָגט די משנה:

„האומר על קן צפור יגיעו רחמיך משתקין אותו" — ווען איינער זאָגט ביים דאַווענען צו גאָט: אַזוי ווי דיין רחמנות דערגרייכט דעם פויגלס נעסט, אַזוי זאָלסטו אויף אונדז רחמנות האָבן, הייסט מען אים שטיל שווייגן (ברכות פרק ה, משנה ג; מגילה פרק ד, משנה ט).

אין דער גמרא גייט אָן אַ פּלוגתא: איין אמורא האַלט, אַז מ'טאָר אַזוינס ניט זאָגן צוליב אַן עטישן טעם, ווייל עס וועט אויסקומען אַז דער רבונו־של־עולם האָט רחמנות בלויז אויף פייגל און ניט אויף אַנדערע ברואים; דער אַנדער אמורא זאָגט, אַז מען מאַכט אים שווייגן ווייל מען טאָר ניט באַטראַכטן גאָטס געבאָטן פון מענטשלעכע געפילן ווי רחמנות, נאָר ווי באַפעלן, ווי

* זע מער באריכות וועגן דעם אין מיין „אילוזיע און וואונטש", אויף זייט 59.

גזירות, פאַר וועלכע מען דאַרף ניט זוכן קיין טעמים, קיין פאַרוואָס (ברכות דף לג, ע׳ ב).

רש״י טייטשט „גזירה״ אַ חוק, אַ געזעץ, וואָס האָט ניט קיין טעם, און אומגלויביקע האַלטן אַז די מצווה האָט ניט קיין זין און גלויביקע טאָרן ניט נאָכטראַכטן וועגן דעם זין.

לויט דער דאָזיקער משנה, טאָר מען ניט זוכן אָדער געבן קיין טעם צו אַלע מצוות, ניט נאָר צו די ריטואַלע געבאָטן, וואָס קאָנען ניט האָבן קיין טעם, ווי למשל: פרה אדומה אָדער כלאים, וואָס זיינען גזירות, נאָר אַפילו די מצוות וואָס מען קאָן געפינען פאַר זיי אַ דערקלערונג, וואָס ס׳איז פאַר זיי פאַראַן אַ דערקלערונג, זיינען אויך חוקים און גזירות. „כל התורה כולה היא גזירת המלך״ („שפתי חכמים״, במדבר יט, פסוק א) — די גאַנצע תורה איז ניט מער ווי אַ גזירה, אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו, וואָס איז ניט צוגעבונדן צו מענטשלעכער דערפאַרונג. די מצוות שטאַמען ניט פון דער גרופּע־מאָראַל.

אָבער די מערסטע חז״ל זיינען זיך סומך אויף דעם צווייטן גביאישן באַגריף פון גאָט — ער איז אַ גאָט פון טואונג, אַ גאָט וואָס ווייסט די ליידן פון מענטשן, וואָס טוט גנאָד, טוט גוטס און שלעכטס, רעכנט זיך אָפּ פאַר זיבּד און באַלוינט פאַר גוטס. דורך זיינע מעשים לערנט ער מענטשן ווי זיך אויפצופירן, כדי די גרופּע, דאָס געזעמל, די עדה, זאָל האָבן אַ קיום. ער איז ניט גלאָט גוזר אָן אַ זין און אָן אַ טעם.

זאָגט די גמרא:

„עס שטייט אין פּסוק: ׳אחרי ה׳ אלקיכם תלכו׳ (דברים יג, ה) — נאָך גאָט אייער גאָט זאָלט איר גיין. איז דען מעגלעך פאַר אַ מענטשן נאָכצוגיין דער שכינה?... ניין. עס מיינט, אַז דו זאָלסט נאָכגיין, נאָכטאָן די מידות פון גאָט: אַזוי ווי ער האָט באַקליידט די נאַקעטע (אָדם און חווה), אַזוי זאָלסט דו אויך באַקליידן די נאַקעטע; אַזוי ווי ער האָט מבקר־חולים געווען, באַזוכט די קראַנקע (אברהמען נאָך זיין מל־זיין זיך), אַזוי זאָלסט דו באַזוכן די קראַנ־קע; אַזוי ווי ער האָט מנחם־אָבל געווען (יצחקן נאָך אברהמס טויט), אַזוי זאָלסט דו מנחם־אָבל זיין; אַזוי ווי ער ברענגט צו קבורה (משהן), אַזוי זאָלסט דו מקבר זיין די טויטע״ (סוטה יד).

פאַרוואָס דאַרף מען מקיים זיין די מצווה פון קן צפור, פון אַוועקשיקן די מאַמע־פויגל און איבערלאָזן די קינדער? זאָגט דער מדרש: „עס שטייט געשריבן: ׳שלח תשלח את האם ואת הבנים תקח לך׳ (דברים כב, ז) — אַוועקלאָזן זאָלסטו אַוועקלאָזן די מוטער און די קינדער זאָלסטו נעמען פאַר

זיך. האָט געזאָגט ר׳ אלעזר: פאַרוואָס האָט גאָט געזאָגט אַזוינס דווקא אויף אַ פויגל־מוטער? דאָס איז דערפאַר, וואָס זי פאַרנעמט זיך, זי איז זיך מתעסק מיט באַזעצן די וועלט און אויפריכטן די וועלט, איז זי ווערט געראַטעוועט צו ווערן (מדרש רבה, דברים, פרשה ו, יג).

לויט די דאָזיקע מאמרים איז יידישע עטיק אַ גרופּע־עטיק, צוגעבונדן צום לעבן, צו דער גרופּע־מאָראַל, און גאָט אַליין האָט געלערנט דעם מענטשן ווי דער מענטש זאָל זיך אויפפירן כדי עס זאָל מעגלעך זיין אַ ישוב פון מענטשן אויף דער וועלט.

אויך אין דער תורה איז שוין פאַראַן די דאָזיקע קאָנצעפּציע. זאָגט דער פּסוק:

„העידותי בכם” — איך שטעל עדות קעגן אייך הימל און ערד, אַז איך האָב פאַרגעלייגט פאַר אייך לעבן און טויט, די ברכה און די קללה, זע, קלייב אויס דאָס לעבן, כדי דיינע קינדער זאָלן געדייען (דברים ל, יט).

און די זעלביקע פרשה מאַכט עס נאָך קלאָרער: מצוות, סיי די בין אָדם למקום און סיי די בין אָדם לחברו, זיינען ניט עפּעס גלאַט באַפעלן פון אַ ווייטן גאָט, פון אַ גאָט וואָס איז ניט דערגרייכלעך, נאָר דאָס זיינען זאַכן וואָס דער מענטש קאָן זען פון דער נאָענט, פון דער סביבה אַרום זיך:

„אָט די געבאָטן, וואָס איך זאָג דיר היינט אָן, זיינען ניט עפּעס וואָס איז פאַרהוילן פון דיר און ניט זיי זיינען ווייט פון דיר. ניט אויפן הימל זיינען זיי, אַז איר זאָלט דאַרפן זאָגן: ווער וועט פאַר אונדז אַרויפגיין אויפן הימל און זיי אַראָפּברענגען צו אונדז און אונדז געבן צו פאַרשטיין כדי מיר זאָלן זיי קענען טאָן? און זיי זיינען אויך ניט אויף יענער זייט ים, אַז דו זאָלסט וועגן זיי זאָגן: ווער וועט פאַר אונדז אַריבערגיין אויף יענעם זייט ים און זיי ברענגען צו אונדז און אונדז געבן צו פאַרשטיין כדי מיר זאָלן זיי טאָן? ביין, די זאַך איז זייער נאָענט צו דיר, אין דיין מויל און אין דיין האַרצן פאַר דיר זי אָפּצוהיטן” (דברים ל, יא).

אַ פּסוק פון דעם זעלביקן כאַראַקטער ווערט גענוצט ווי אַן אַסמכתא פאַר צוויי מערקווירדיקע מדרשים, וואָס טייטשן אויס דעם פּסוק אַזוי, אַז די כוונה פון מצוות, דער צוועק פון די מצוות איז פאַר דעם מענטשן, כדי ער זאָל קאָנען לעבן און קריגן עפּעס אַן ענלעכקייט צו זיין שעפער.

זאָגט דער פּסוק: „הא־ל תמים דרכו, אמרת ה׳ צרופה, מגן הוא לכל החוסים בו” (תהילים יח, לא) — דער גאָט, וואָס זיין וועג איז גאַנץ, דאָס וואָרט פון גאָט איז געלייטערט, ער איז אַ שילד פאַר אַלע וואָס שיצן זיך אין אים.

אויב גאָטס וועגן זיינען גאַנץ, איז ער דאָך אַוודאי און אַוודאי!

רב האָט געזאָגט, אַז די מצוות זיינען געגעבן געוואָרן נאָר כדי צו לייטערן מיט זיי דעם מענטשן, ווייל וואָס אַרט גאָט צי מען שעכט די בהמה על־פּי דין אָדער מען האַקט איר אָפּ דעם קאָפּ" (בראשית רבה, פרשה מד, א).

זאָגט אויך דער מדרש תנחומא: „הא־ל תמים — וואָס אַרט גאָט צי מען שעכט די בהמה און מ'עסט זי, צי מען שטעכט זי און מ'עסט זי? טוסטו דען גאָט אַ טובה אָדער אַ רעה? אָדער: וואָס אַרט גאָט צי דו עסט כשר (טהורות) אָדער נבלה? די מצוות זיינען געגעבן געוואָרן נאָר כדי צו לייטערן די מענטשן" (מדרש תנחומא, פרשה שמיני, ח).

אָבער עס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז אויך אין די מאמרים איז פאַראַן, ווי אין גאַנץ תנ"ך, אַ סינטעז פון ביידע באַגריפן וועגן גאָט: ער איז אַן אַבסטראַקטער גאָט, אָבער אויך אַ באַענטער. אויף אונדזער לשון קאָנען מיר עס אויסטייטשן אַזוי: אמת, די דערפאַרונג פון עטיק שטאַמט פון דער גרופּע־מאָראַל. דער דירעקטער אימפּעראַטיוו קומט פון דער גרופּע דורך אירע לערער און אויך פון עלטערן צו קינדער. אונדזער ווילן צו טאָן וואָס איז רעכט ווערט אויף אתדז אַרויפגעצוואונגען פון דער נאָרמע פון דער גרופּע צו וועלכער מיר געהערן. אָבער די אור־סיבה, דער מקור פון וועלן טאָן גוטס, איז די קאָנצעפּציע פון אַ טראַנסצענדענטאַלן כוח, וואָס איז די פּערפעקציע אַליין, די אַבסאָלוטע גערעכטיקייט.

דערפאַר האָט בלויז דער מענטש געקאָנט שאַפן אַ געמיינדע, אַ גרופּע, אַ פאָלק, וואָס קאָן נאָר געדייען אויף אַן עטישן איינשטעל. ווייל דער מענטש איז געשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט און גלייכעניש. אויב מען וויל עס אויסדריקן אין אַ מאָדערנער טערמינאָלאָגיע — דער מענטש איז די אָפּ־שפּיגלונג פון דער געטלעכקייט, אָדער ער האָט אין זיך אַ טייל פון דער געטלעכקייט אין דעם קאָסמאָס, און ווייל דער מענטש איז אַ טייל פון דעם געטלעכן אין אוניווערס, איז ער אַלעמאָל אומרואיק, פול מיט נייגעריקייט, גאַרונג און בענקשאַפט צו זיין גלייך צו זיין באַשעפער.

דאָס איז אויך די סיבה וואָס די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז אַלעמאָל דינאַמיש. זי קאָן ניט בלייבן רואיק, פאַרגליווערט, אָן אַ שינוי פאַר אַ לענ־גערער צייט. דאָס געטלעכע אין דעם מענטשן זוכט שטענדיק צו פאַרברייטערן זיין גרופּע־עטיק, אַזוי אַז זי זאָל זיין חל ניט נאָר אויף די אייגענע, נאָר אויף אַלעמען, אויף פרעמדע ווי אויף אייגענע, אַפילו אויף די שטומע ברואים, אַט ווי ער, גאָט, וואָס זיין רחמנות פאַלט אויף אַלע זיינע באַשעפענישן — „ורחמיו על כל מעשיו" (תהילים קמה, ט).

דאָס איז אויך דער מקור פאַר דעם גרויסן מענטשלעכן טרוים, פאַר דעם משיח־טרוים, און נאָך מער פאַר דעם גרויסן טרוים פון באַחרית־הימים: „עס וועט קומען אַ צייט ווען אַלע רשעותן וועלן אָפּגעשאַפט ווערן, ווען דער מענטש וועט סוף־כל־סוף דערגרייכן צו דער פּערפעקציע פון דעם אָפּגלאַנץ פון דעם כביכול. ווען ער וועט דערגרייכן די דאָזיקע מדרגה, דעמאָלט וועלן ניט נאָר אָפּגעשאַפט ווערן אַלע געזעלשאַפטלעכע איבלען, נאָר אַפילו דער הויפּט־אומגליק פון דעם מענטשן, דער טויט, וועט פאַר־שווינדן: „און ער וועט פאַרטיליקן דעם טויט אויף אייביק און גאָט וועט אָפּווישן די טרער פון איטלעכן פּנים" (ישעיה כה, ח).

## ב.

דער באַנעם פון די נביאים, אַז גאָט איז אַ טראַנסצענדענטאַלער כוח, וואָס איז ניט צוגעבונדן צו דער נאַטור און מען קאָן אים ניט מגשם־זיין און מען טאָר ניט און מען קאָן ניט מאַכן פון אים קיין בילד אָדער געשטאַלט; אַז ער איז איבער דעם מענטשן און אויסער דער נאַטור, אָבער ער איז אויך אַ געזעלשאַפטלעכער גאָט, אַ גאָט וואָס איז פאַראינטערעסירט אין דעם מענטשלעכן גורל און אין זיין גליק, שפּיגלט זיך קלאָר אָפּ אין דער פאַנאַנדער־טיילונג פון יידישן עטישן באַגריף אין די חומרות פון דער אַגדה און די קולאָס פון דער הלכה. די דאָזיקע פּאָקטישע אַנווענדונג פון די דאָזיקע מאַניפעסטאַציעס האָט געשאַפן דעם יידישן עטאָס, דעם יידישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, אין דעם איינשטעל פון דער וועלט פון אמונה.

דער יאָך, וואָס די אַגדה לייגט אַרויף אויף דעם מענטשן, שפּיגלט אָפּ דעם אַבסטראַקטן נביאישן באַגריף פון גאָט, אַ טראַנסצענדענטאַלער כוח, וואָס מען קאָן אים ניט פאַרגעשטאַלטיקן און באַנעמען. ער באַפעלט און זיין וואָרט איז אַ גזירה. מען דאַרף אים פאָלגן אַפילו ווען מיר פאַרשטייען ניט דעם טעם און דעם פאַרוואָס פון זיין באַפעל. נאָך מער טאָר מען ניט זוכן די טעמים פון מצוות און מיר טאָרן זיי ניט אויסטייטשן, ווייל זיי זיינען אַלע גזירות המלך און זיי טאָרן ניט זיין קיין באַווייז פון רחמנות און גוטסקייט, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט מענטשלעכע חושים. די מצוות מוזן אויסגעפאָלגט ווערן ניט קוקנדיק צי זיי זיינען נוציק פאַר דער געזעלשאַפט צי ניט, ווייל זיי זיינען באַפעלן פון אַ מאַכט וואָס האָט ניט צו טאָן מיט גרופּע־דערפאַרונג. דערפאַר זיינען די פאָדערונגען פון דער אַגדה שטרענג, רעכענען זיך ניט מיטן מענטשן.

הלכה שפּיגלט אָפּ דעם נביאישן אַנטראָפּאָמאָרפישן גאָט, דעם גאָט פון דער גרופּע, פון די אָבות, וואָס באַווייזט זיך צום מענטשן און לערנט אים צו גיין אין זײַנע וועגן. ער לערנט אים, אַז מען דאַרף באַקליידן די אָרעמע, געבן עסן די הונגעריקע, קומען מבקר־זײַן דעם קראַנקן, און באַגלייטן דעם טויטן. ער איז אַ גאָט, וואָס איז נאָענט צום מענטשן און ווינטשט אים גליק און רו. ער גיט אים מצוות וואָס זאָלן אויפהאַלטן די גרופּע און זי שטאַרקן, ברענגען גליק און שפע צו די וואָס פירן אויס די געבאָטן, ווייל די מצוות זײַנען אָנווייזונגען ווי צו לעבן אויף דער וועלט. דערפאַר איז די הלכה, להיפּך דער אַגדה, מקיל.

דער טערמין הלכה אין ברייטן זין פון וואָרט באַטייט ניט קיין ספּעציפיש־יידישן דין אָדער הנהגה אַפילו, ווי די גמרא זאָגט: עס שטייט געשריבן „הליכות עולם לו" (חבקוק ג, ו) — דאָס זײַנען זײַנע אייביקע אויפפירונגען. „אַל תקרי הליכות אלא הלכות" — דו זאָלסט ניט לייענען הליכות — אויפפירונגען, נאָר הלכות — דינים (נידה, צום סוף פון דער מסכתא; מגילה כח, ב).

דער אַלגעמיינער טייטש פון הלכה מיינט ניט נאָר מנהג, דין, נאָר אויך חכמה, די שטודיע פון אַ קענגשטאַנד. למשל, הלכות־מדינה מיינט די חכמה ווי אָנצופירן אַ מדינה, די געזעצן און מנהגים פון אַ מדינה אָדער קאַנט און אויך די באַציאונג פון דער אידישער תורה צו מדינה. זאָגט די גמרא: „שומרי פירות אוכלין מהלכות מדינה אבל לא מן התורה" — די וואָס היטן פּירות, די שומרים, מעגן עסן פון די פּירות על־פּי מנהג, אָדער געזעץ פון דער מדינה, פון דער געגנט אָדער קאַנט, אָבער ניט לויט דעם דין פון דער תורה (בבא מציעא דף צג, ע' א, משנה). אין דער גמרא זײַנען אויך פאַראַן הלכות דרך־ארץ, הלכות־רופאים, און אַנדערע*.

דאָ ניצן מיר דעם טערמין הלכה אין אַ באַגרענעצטן זין: דינים פון ריטואַל און צערעמאָניאַל, דאָס מיינט בין אָדם למקום, צווישן מענטש און גאָט, און די עטישע רעגולאַציעס, בין אָדם לחברו, די איינשטעלונגען צווישן מענטש און מענטש. מיר וועלן דאָ באַניצן דעם טערמין הלכה בלויז פאַר די דינים וואָס זײַנען אָנגענומען געוואָרן נאָך אַ שקלא־וטריא פון אַ בית־דין, דורך אַן אָפּשטימונג, און זײַנען איינגעשטעלט געוואָרן ווי אַ הלכה פסוקה, אַן אָנגענומענער דין וואָס איז חל אויף כל ישראל.

דער טערמין אַגדה, אין ברייטערן זין, נעמט אַרײַן גאָר אַ סך זאַכן:

* זע חיים טשערנוביץ, „תולדות ההלכה", חלק ראשון, ז"ז 23, 24; אויך „ערוך השלם", אונטער דער רובריק: הלך והלכה.

מעטאַפיזישע ספעקולאַציעס, וויכוחים צווישן יידן און ניט־יידן, היסטאָרישע געשעענישן, פאַנטאַסטישע מעשיות, טרוקענע כראָניקעס, מעשיות מיט אַ מוסר־השכל, און גלאַט אונטערהאַלט־מעשיות. אָבער דאָ ניצן מיר דעם טערמין אַגדה נאָר פאַר יענע טיילן וואָס האָבן צו טאָן מיט די דינים בין אָדם למקום און עטישע איינשטעלונגען בין אָדם לאָדם, וואָס זייַנען חל נאָר אויף חסידים און אַנשי־מעשה, וואָס מיינט נאָר יחידי־סגולה. די חומרות זייַנען ניט חל אויף כל ישראל.

ווי עס ווערט געזאָגט אין ירושלמי:

„ר׳ לוי יתב ודרש — ר׳ לוי איז געזעסן און געדרשנט: עס שטייט אין פסוק: ׳איש אשר יתן לו האלקים׳ — אַ מענטש וואָס גאָט האָט אים געשענקט עשירות, גיטער און כבוד און קיין זאַך וואָס ער גלוסט פעלט אים ניט, נאָר גאָט האָט אים ניט געגעבן קיין שליטה צו געניסן דערפון (קהלת ו, ב), דאָס מיינט מען דעם בעל־אַגדה, וואָס קאָן ניט אַסרן און קאָן ניט מתיר זיין, ער קאָן ניט מטהר זיין און קאָן ניט מטמא מאַכן״ (הוריות, ירושלמי, פרק שלישי, הלכה ה). טייטשט דער „פני משה״: ער קאָן ניט פסקנען קיין דינים (דאָס איז געזאָגט געוואָרן בדרך־כלל. עס איז פאַראַן יוצא מן הכלל, און שפּעטער האָט עס זיך געענדערט, ווי מיר וועלן זען ווייטער).

הלכה איז אויפגעקומען מיט דעם שליסן פון נבואה. דער נביא מלאכי, וואָס האָט געלעבט אַרום הונדערט יאָר נאָך שיבת ציון, איז דער לעצטער נביא מוכיח, דער לעצטער שטראָף־נביא, וואָס זייַנע נבואות זייַנען פאַרשריבן געוואָרן אונטער זיין נאָמען און זייַנען אַרייַנגענומען געוואָרן אין די קאַנאָניזירטע כתבי הקודש. מיט מלאכי איז נבואה געשלאָסן געוואָרן, געשלאָסן געוואָרן, אָבער ניט אונטערגעגאַנגען.

מיט דעם שליסן פון נבואה איז אויפגעקומען הלכה ווי אַ ווירקנדיקער כוח אין פאָלק. עס דאַרפן אָבער זיין קלאָר צוויי זאַכן: ראשית, האָט הלכה זיך ניט אָנגעהויבן באַלד נאָך חתימת הנבואה. תורה שבעל־פה, טראַדיציעס ווי אויסצופירן מצוות, זייַנען נאָך עלטער פון תורה שבכתב. אָבער די תורה שבעל־פה, די הלכה, איז געווען אַ טפל צו נבואה און צו דער תורה שבכתב. פּאַקטישע הלכה איז געווען אַ פאַמעלעכער פּראָצעס פון קאָנקרעטיזירונג. די טראַדיציע איז מייסטנס געווען ביי די כהנים, די דורכפירער פון ריטואַל און צערעמאָניאַל. דאָס פאָלק, ווי אַ גאַנצס, האָט געהאַט ווייניק מצוות מעשיות. שנית, דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז הלכה, ווי דער דרך החיים פון יידישן פאָלק, איז ניט אויפגעקומען בלויז באַלד ווי די נבואה איז געשלאָסן געוואָרן. אַ שטיק צייט האָבן געווירקט ביידע, נבואה און הלכה. דער כתב אַמנה, דער

אָפּמאַך, וואָס נחמיה האָט געמאַכט מיטן פאָלק (נחמיה י), איז דורכגעפירט געוואָרן פאַר חתימת הנבואה. די אַכצן תקנות פון דעם כתב אַמנה זיינען די ערשטע הלכות פון די סופרים. דער כתב אַמנה איז געחתמעט געוואָרן אין דער צייט ווען נבואה האָט נאָך עקזיסטירט *.

למעשה האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצושטעלן די וויכטיקייט פון הלכה אין גלות בבל נאָכן חורבן בית־ראשון און מסתמא נאָך אַ סך פריער, נאָכן גלות יהויכין, אין דער בלי־צייט פון נבואה. אין די לעצטע יאָרן פון ירמיהו הנביא, אין דער צייט פון יחזקאל און שפּעטער אין דער צייט פון דעם גרויסן טרייסט־נביא. דער גלות יהויכין, און נאָך מער, דער חורבן בית־המקדש, זיינען געווען אַ טאָטאַלער איבערבראָך אין דער יידישער אמונה. יידן זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון לאַנד און פון איינגעשטעלטן ריטואַל, וואָס איז געווען צוגעבונדן צום לאַנד און צום הייליקטום, וואו דער גאַנצער ריטואַל פון קרבנות און דער צערעמאָניאַל פון ימים־טובים איז דורכגעפירט געוואָרן. יידן האָבן זיך איצט געפונען אין דער פרעמד, אין אַ טמא לאַנד. ווי אַזוי, אויף וואָס פאַר אַן אופן האָבן זיי געקאָנט אָנהאַלטן זייער אמונה?

יידישקייט איז געשטאַנען פאַר אַ נסיון. פאַר דעם זעלביקן נסיון זיינען געשטאַנען אַלע פעלקער וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד. רעליגיע איז אין יענער צייט געווען צונויפגעקניפּט מיט לאַנד, פאָלק און מיט דער גאַנצער קולטור פון פאָלק. דינען צום אייגענעם גאָט אין אַ פרעמד לאַנד האָט מען „טעאָרעטיש" אפשר געקאָנט, אָבער ס'איז געווען אַ קולטורעלע אוממעגלעכקייט, ווייל דאָס דינען צו גאָט איז געווען פאַרבונדן מיט דעם קולטורעלן לעבן פון לאַנד.

די געצנדינערישע פעלקער האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם נסיון. דער דרוק פון דער פרעמדער קולטור און ציוויליזאַציע האָט מיטגעשלעפּט אויך די אמונה פון די פאַרטריבענע פעלקער. די פּאַגאַניסטישע פאַרטריבענע פעלקער האָבן זיך טעאָרעטיש ניט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן דער אמונה פון די נייע געטער, ווייל זיי, די פאַרטריבענע, זיינען דאָך געווען פּאָליטעאיסטן, געגלויבט אין אַ סך געטער. זיי האָבן זיך ניט געקאָנט שטעלן מיט קנאות קעגן נאָך איין גאָט אָדער געטער. אין אַ דור אָדער צוויי, האָבן זיי זיך אויס־געמישט מיטן זיגערישן פאָלק.

יידן האָבן אָבער אויסגעהאַלטן דעם נסיון. פון טאָטאַלער אַסימילאַציע

* זע חיים טשרנוביץ, „תולדות ההלכה", חלק שלישי, ז' 107; און יחזקאל קופמן, „תולדות האמונה הישראלית", כרך רביעי, ספר ראשון, ז"ז 331־332, און 381־382.

האָט זיי געראַטעוועט דער מאָנאָטעאיזם. די גולים זיינען טאַקע געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון דער אַרומיקער ציוויליזאַציע. זיי האָבן אויך אָנגענומען ביז אַ מאָס די אַרומיקע קולטור. זיי האָבן פאַרביטן זייער יהודית — העברעאיש — אויף אַראַמעאיש. זיי האָבן אַפילו פאַרביטן דעם אידישן אַלף־בית. אָבער דאָך איז געבליבן אַ באַשטימטער סעפּאַראַטיזם, אַן אָפּגעזונדערטקייט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג — זייער אמונה אין איין גאָט. אין דעם מאָנאָטעאיזם איז געלעגן דאָס קערנדל פון אַן אמונה וואָס איז ניט צוגעבונדן בלויז צו לאַנד, צו אַ באַשטימטן שטיקל ערד, און צו אַ באַשטימטן הייליקטום.

אמת, דער יידישער מאָנאָטעאיזם איז צונויפגעקניפּט מיט יידישער אויסדערוויילטקייט, אויסדערוויילטן לאַנד, און אויסדערוויילטער שטאָט, וואָס זיינען גאָטס וואוינונג. „זיין פייער איז אין ציון און זיין אויוון אין ירושלים" (ישעיה לא, ט), אָבער וויבאַלד עס איז פאַראַן נאָר איין גאָט וואָס איז דער האַר פון דער גאַנצער וועלט, דערהערט ער דאָך דאָס געשריי פון אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, וואו זיי זאָלן נאָר ניט זיין. אַזאַ גאָט קאָן מען ניט פאַרבייטן אויף געטער פון האָלץ און שטיין. די פעלקער וואָס דינען צו אַזעלכע נישטיקייטן, האָבן ניט גאָטס חסד אויף זיך. פאַר אַזאַ גאָט קאָן מען קעמפן מיט קנאות.

ניט געקוקט אויף דער גרויסער פּאַקטישער אַסימילאַציע פון די גולים אין בבל, האָט דאָך ניט געקאָנט פאַרקומען קיין טאָטאַלע אַסימילאַציע, ווייל די גולים זיינען ניט געוואָרן קיין געצנדינער. דאָס האָט געשאַפן אַ געוויסע מאָס פון סעפּאַראַטיזם, ווי ביי אַ היינטיקן אַסימילירטן יידן, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעשמדט *.

דאָך איז די קעגנערשאַפט צום געצנדינסט געווען בלויז אַ נעגאַטיווע. אַ נעגאַטיוו קאָן ניט זיין קיין גרויסער שעפערישער פאַקטאָר. אָבער די גרויסע און טיפע אמונה אין אַחדות אלקים איז געווען אַ פּאָזיטיווער פאַקטאָר. טיפע אמונה אין איין איינציקן גאָט, וואָס איז די פאַרקערפּערונג פון פולקומענקייט און גוטסקייט, און זיין תורה, האָבן געפּאָדערט אַ הייליק און ריין לעבן. די דאָזיקע פּאָדערונג האָט געשאַפן אַ נייעם דרך צו דינען גאָט. עס איז אויפגעקומען אַ ריטואַל וואָס האָט זיך ניט גענויטיקט אין דער פאַרמיטלונג פון כהנים, גאָר אַן אַנדערער ריטואַל ווי אין בית־המקדש.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אויסצופיקן די עבודה אין אַ בית־

* מער באַריכות וועגן דעם זען דצ״וו פון יחזקאל קופמן, ז״ז 36־80.

הכנסת. דאָס איז געווען אַ דינען צו גאָט אָן קרבנות, אָן כהנים. אַ צערעמאָניאַל פון שבת, יום־טוב און ראש־חודש אָן קרבנות און אָן דעם אָנפיר פון כהנים און לוויים. דער בית־הכנסת, אונזער איצטיקע שול, איז אַן אָריגינעלע יידישע שאַפונג, וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין דער געצנדינערישער וועלט. דער צערעמאָניאַל פון בית־מדרש האָט אַנגעהויבן אַריינצונעמען תפילה, ווידוי, תעניתים, קריאַת־התורה, דורכפירן גרויסע צערעמאָניעס נאָך געבורט (מילה, געבן אַ נאָמען), חתונות, הספדים, דרשות, לערנען מיט קינדער (בית־הספר), אויסרופן אַבידות, צדקה, אַסיפות, און סעודת־מצווה. שלוחי־מצווה האָבן געגעבטיקט אין בית־המדרש, און דער בית־דין איז געזעסן אין בית־מדרש, געגעבן אַ גט, אָדער מחרים געווען און געגעבן אַ שבועה ווען מען האָט געדאַרפט *.

חוץ דער אינסטיטוציע פון בית־הכנסת, האָט מען דעמאָלט אָנגעהויבן אויסצוטייטשן די תורה פאַר דעם טאָג־טעגלעכן לעבן. די תורה האָט אָנגעזאָגט אַפּצוהיטן מצוות. די נביאים האָבן געשטראָפט און געדראָט, און די יידן האָבן איצט מסכים געווען אַז די נביאים זיינען געווען גערעכט. גאָטס תורה איז אַ תורה פון לעבן. זיי האָבן מסכים געווען מיטן פאַרוואָס. אָבער ווי אַזוי?

„אין בבל האָט מען אָנגעהויבן צו זיין מער פּאַרזיכטיק מיט מצוות. עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרשונג פון די פּרטים פון מצוות. דאָס נאָכזוכן האָט זיך פאַרמערט פון טאָג צו טאָג און פון דור צו דור" („דור דור ודורשיו" פון א. ה. ווייס, חלק ראשון, ז' 48). עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס דרשנען פון דער תורה — דער וועג פון הלכה, — דאָס געפינען און פאַרמירן אַ פאַסיקע פאָרמע פון דער תורה פאַר די נייע תנאים פון לעבן.

דער וועג פון הלכה איז געווען אַ סיסטעם פון סומך זיין זיך אויף אַ פּסוק, אויף אַ קבלה, אָדער אויסטייטשן די מצוות דורך באַשטימטע כללים פון לאָגיק. עס האָט זיך אָנגעהויבן וועבן אַ געוועב, וואָס האָט אַריינגענומען אַלטע קבלות, מנהגים, חומרות, קולאָס, אָנזאָגונגען פון נביאים, ריטואַלן פון כהנים און לוויים, לאָקאַלע קבלות, נייע תקנות, וואָס זיינען געווען נויטיק פאַר דער געגעבענער צייט, ווי למשל, די אַכצן תקנות פון דעם כתב אָמנה, און סיגים, על־פּי דין און לפנים משורת הדין. דאָס אַלץ האָט געדאַרפט סיסטעמאַטיזירט ווערן און איינגעשטעלט ווערן אַזוי, אַז די גאַנצע אומה זאָל האָבן אַ קיום, כדי ביי איר זאָל זיך קאָנען שאַפן אַ הייליק לעבן, סיי פאַרן

* זע אליעזר לוי: „יסודות התפילה", ז"ז 90־94.

כלל און סיי פאַר יעדן יידן באַזונדער, וואָס דאָס איז דער רצון פון גאָט.

דער צוועק פון הלכה איז געווען ניט בלויז צוליב קיום האומה, ווי אַ סך פון אונדזערע היסטאָריקער מיינען. עס איז אַוודאי ניט געווען גלאַט אַ קאַפּריז, אָדער אַ פאַרשווערונג פון אַ באַשטימטן קלאַס פון דער אומה. גע־רעכט איז ר. טראַווערס הערפאָרד, וואָס שרייבט: „דער צוועק פון זייער אויס־טייטשן די תורה איז בעצם געווען אַ פּראַקטישער, נעמלעך: צו מאַכן די געטלעכע תורה וואָס איז געגעבן געוואָרן צו ישראל אַזוי, אַז ישראל זאָל זי קאָנען אַסימילירן" („דהי פאַריסיס", ז' 69).

און אָט איז נאָך אַ קלאָרערע שטעלע אין דעם דאָזיקן מערקווירדיקן בוך: „איינע פון די כאַראַקטעריסטיקעס פון עזראַן איז געווען דאָס, וואָס ער איז באַשטאַנען, אַז יעדער יחיד פון דער יידישער עדה האָט אויף זיך דעם חוב אויסצופאָלגן די מצוות פון דער תורה. אין דעם ליגט גאָטס רצון" (ז' 71).

אין פאַרמירן דאָס געוועב פון הלכה האָט געווירקט דער סתירותדיקער ספּעציפיש־נביאישער באַגריף פון גאָט: אַ טראַנסצענדענטאַלער גאָט, וואָס איז אויסער דעם מענטשן און אויסער דער וועלט, און אויך אַ געזעלשאַפט־לעכער גאָט, וואָס איז נאָענט צום מענטשן.

דער תלמוד, וואָס איז די פּרושימשע תורה, האָט איינגעשלאָסן (ניט אָפּגעטיילט פון דער הלכה) אַ סך אַגדות, וואָס זיינען פול מיט המונישע אמונות אין דער הגשמה פון גאָט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס דער תלמוד איז אָפיציעל געשטאַנען אויפן יסוד פון אַבסאָלוטער פאַרגייסטערונג פון גאָט און האָט אַרויסגעוויזן אַ לעגאַלע קעגנערשאַפט צו הגשמה*.

עס דאַכט זיך אונדז, אַז מען קאָן גיין אַ היפּש ביסל ווייטער: דער גאַנצער צוגאַנג פון הלכה צו דער תורה שטאַמט פון דעם ספּעציפישן נביאישן באַגריף, אַז גאָט איז ניט בלויז אַן אַבסטראַקציע, נאָר אַז ער איז אויך אַ היסטאָרישער און געזעלשאַפטלעכער גאָט, אַן אַנטראָפּאָמאָרפישער גאָט, אָבער זיין הגשמה איז ניט קיין חושימדיקער באַנעם, נאָר אַ געזעלשאַפטלעכער באַנעם. מען קאָן אים דערקענען לויט זיינע מידות. דערפאַר קאָן מען ניט אויסמאָלן אָדער אויסשניצן קיין בילד פון אים, אָבער מ'קאָן גיין אין זיינע וועגן.

אַ טראַנסצענדענטאַלער גאָט גיט באַפעלן, מצוות, חוקים שאין להרהר עליהם, וואָס מען טאָר איבער זיי ניט נאָכטראַכטן. זיי זיינען האַרב און ניט בויגעוודיק — דאָס איז דער אַגדהשער באַגריף פון עטיק און ריטואַל. אָבער

* דצ"ו פון ח. טשרנוביץ, ז' 315. מער באַריכות וועגן דעם ענין אין דעם גאַנצן קאַפּיטל „התורה והתלמוד", און ז"ז 313־315. ח. טשרנוביץ נעמט אָן דעם אויסטייטש פון יחזקאל קופמן וועגן סתירותדיקן באַגריף פון די נביאים.

גאָטס מידות קאָנען מיר יאָ אָננעמען, ווייל ער איז דאָך אויך אַ געזעלשאַפט־לעכער גאָט וואָס איז פּאַראיינטערעסירט אין דעם קיום פון דער גרופּע, און דערפאַר האָבן זיינע באַפעלן אַ פאַרוואָס און אַ טעם. און דערפאַר זיינען די הלכות אַלעמאָל לקולא לגבי די שטרענגע אָנזאָגונגען פון דער אַגדהשער הלכה.

הלכה איז פאַרבונדן מיט טאָג־טעגלעכקייט, מיט דעם לעבן פון יעדן מענטשן. „די אָנזאָגונגען פון דער תורה קאָנען ניט זיין קעגנעריש צו דערווירקלעכקייט, ווייל אויב זיי וואָלטן זיך צונויפגעשטויסן מיט אונדזער וועלט און זיי וואָלטן בעגירט די ווערטן פון ממשותדיקן קיום, דעם פיזיאָלאָגיש־ביאָלאָגישן, וואָלטן די רייד פון דער תורה ניט אַנטהאַלטן קיין רחמנות, חסד און שלום, נאָר צאָרן און נקמה״ („איש ההלכה״ מאת יוסף דוב הלוי סולוביציק, „תלפיות״, שנה א׳, חוברת ג־ד, ז׳ 671. זע אויך ז״ז 671־676).

די הלכה איז געקומען מקיים צו זיין די פּסוקים, אַז די תורה איז אַ תורה פון לעבן, צו קאָנען פאַנאַנדערטיילן צווישן גוטס און שלעכטס, צווישן לעבן און טויט, צווישן ברכה און קללה (דברים ל, טו, יט). דער גאַנג פון הלכה איז צו קאָנקרעטיזירן די עטישע און ריטואַלע געבאָטן אויף אַזאַ מין אופן, אַז מען זאָל קאָנען מיט זיי לעבן, זיי דורכפירן אין לעבן. די הלכה האַלט, אַז די תורה איז ניט קיין תורה פאַר יחידי־סגולה, וואָס זאָלן קאָנען קומען אין פאַרבינדונג מיט די עולמות העליונים, מיט די העכערע ספערן, נאָר אַ תורה פאַר דעם דורכשניטלעכן מענטשן אויף אונזער ערד.

אָן הלכה איז די תורה אַן אַבסטראַקציע וואָס ניט מען קאָן זי מקיים זיין און ניט מען קאָן זי אָננעמען. דער תכלית פון הלכה אַפילו בנוגע ריטואַל איז אַראָפּצונעמען די שאַרפקייט און די ניט־בויגעוודיקייט פון די אַבסטראַקטע באַפעלן פון דעם טראַנסצענדענטאַלן גאָט.

אָבער דאָס מיינט ניט, אַז הלכה איז אָפּאָרטוניזם, דאָס צופּאַסן זיך צו אומשטענדן. שיין איז דער זאָג פון ר׳ יוסף דוב סולוביציק: „דער אידעאַל פון דעם מאַן פון הלכה איז צו מאַכן די רעאַליטעט אונטערטעניק צום יאָך פון הלכה״ (דצ״ו, ז׳ 670). נאָר הלכה ווייסט די באַגרענעצונג פון מענטשן, זיינע יכולתן. הלכה איז ניט קיין בלינדער באַפעל, ניט קיין גזירה. הלכה האָט אַ געזעלשאַפטלעכע פונקציע.

אונדז איז ניט באַקאַנט קיין מאמר וואָס זאָגט קלאָר, אַז אַלע הלכות און אַלע מצוות זיינען גזירות המלך — באַפעלן וואָס מען טאָר ניט באַטראַכטן און מען טאָר ניט נאָכפאָרשן זייער טעם. פון דער משנה וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט וועגן קן ציפּור דרינגט רש״י פון איר אַרויס, אַז אַלע מצוות פון דער תורה זיינען חוקים און גזירות (רש״יס לשון: „מדותיו מצוותיו

והוא לא לרחמים עשה, אלא להטיל על ישראל חוקי גזירותיו להודיע שהם עבדיו ושומרי מצוותיו וגזירות חוקותיו""). דער עיקר תוספות יום טוב" גיט אויף דער דערמאָנטער משנה אַ שאַרפן זאָג: „ווען גאָטס געבאָטן וואָלטן געווען צוליב רחמנות וואָלט ער בכלל פאַרבאָטן צו שעכטן חיות און עופות". די דאָזיקע משנה אין רש"יס אויסטייטש איז מסתמא דער מקור פאַר דעם זאָג וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט פון „שפתי חכמים" אויפן ערשטן פסוק פון דער סדרה חוקת (במדבר יט, א): „די גאַנצע תורה איז ניט מער ווי אַ גזירה פון אַ מלך" — „ואף על גב דכל התורה כולה היא גזירת המלך".

דאָס איז ניט דער אָנגענומענער כלל וועגן דער תורה אין תלמוד. אַ סך מער איז די אָנגענומענע מיינונג ביי די חז"ל, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן נאָר כדי איינצושטעלן אַ פרידלעכן וועג אין לעבן — „כל התורה כולה נמי מפני דרכי שלום" (גיטין נט, ב). אויך אַזוי איז די מיינונג פון מאמרים פון מדרש וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט, אַז די מצוות זיינען געגעבן געוואָרן כדי צו לייטערן דעם מענטשן. עס זיינען פאַראַן אַ סך אַזעלכע מאמרים, למשל: „תורה תחילתה גמילת חסדים וסופה גמילת חסדים" (סוטה יד, א. זע דאָרט נאָך עטלעכע מאמרים) — די תורה הויבט זיך אָן מיט טאָן גנאָד — גאָט באַקליידט אָדם און חוה; און לאָזט זיך אויס מיט גנאָד — ער איז זיך מתעסק מיט משהס קבורה.

הלכה האַלט ניט, אַז דער ריטואַל און צערעמאָניאַל און אויך דעם מענטשנס אויפפירונג בין אָדם לחברו האָבן אין זיך אַ מיסטישן כוח וואָס קאָן ווירקן אויף דעם טראַנסצענדענטאַלן כוח וואָס פירט די וועלט, אַז ער זאָל ווערן גוט צו אונדז. ניין, די הלכה מיינט די קאָנקרעטיזירונג פון גאָטס באַפעלן לויט די מענטשלעכע יכולתן און באַנעם, אַזוי אַז דער יחיד זאָל קאָנען רעאַליזירן אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן די אידעאַלע וועלט, וואָס גאָט האָט געהאַט בדעה אַז דער מענטש זאָל איינשטעלן, אַזוי אַז די געמיינדע, דער ציבור, זאָל ווערן אַ הייליקע געמיינדע.

די הלכה איז די גרופּע־מאָראַל, דאָס איז דער יסוד פון דעם הלכהשן טייל פון תלמוד און דער גרעסטער טייל פון די פסוקים. אָבער ביי דער אַגדה איז יעדער דין אַ גזירה וואָס דאַרף ניט קיין טעם, קיין דערקלערונג. דערפאַר איז דער אַגדהשער דין שטרענג, ניט בויגעוודיק. ער בלייבט אין זיין גאַנצער שטרענגקייט אַפילו ווען ער שאַדט דעם קיבוץ. אָט זיינען עטלעכע מוסטערן וואָס אילוסטרירן אַנדזערע הנחות:

שבועה:

די אוראַלטע קבלה און אַגדה האָבן געקוקט זייער קרום אויף דעם

ענין שבועה. „אמרי אינשי: בין זכאי בין חייב לשבועה לא תועיל" (ירושלמי, פרק שישי, הלכה ה) — זאָגן מענטשן, עס מיינט אַן אַגדה, סיי גערעכט, סיי שולדיק, זאָלסטו אויף זיך ניט נעמען קיין שבועה. דער „פני משה" טייטשט אַזוי: „שצריך לשמור עצמו מהשבועה ואפילו כסבור שזכאי ואמת הוא, ולא תכניס עצמך לשבועה". איידער מען האָט געגעבן אַ שבועה צו עדות, האָט מען אויף זיי אָנגעוואָרפן אַן אימה מיט דראָאונגען: דו זאָלסט וויסן אַז די גאַנצע וועלט האָט אויפגעציטערט ווען גאָט האָט אָנגעזאָגט אויפן באַרג סיני אַז „דו זאָלסט ניט שווערן צו פעלשן מיטן נאָמען פון גאָט" (שמות כ, ז), ווייל אויף אַלע עבירות האָט גאָט געזאָגט: ונקה — ער וועט פאַרגעבן, אָבער אויף אַ שבועה שטייט אין פסוק: לֹא ינקה — ער וועט ניט פאַרגעבן (בבלי, שבועות, לח, לט).

אין מדרש „עשרת הדברות" ווערט אָנגעזאָגט: „אַפילו אויף אַן אמת טאָר אַ מענטש ניט שווערן". און אָט איז אַ מעשה: איינער אַ גרויסער גביר האָט קיינמאָל ניט גענומען קיין שבועה. פאַר זיין טויט האָט ער איבערגעלאָזט זיין זון אַ צוואה, אַז ער זאָל קיינמאָל ניט נעמען קיין שבועה, אַפילו אויף אַן אמת. נאָך דעם גבירס פטירה, האָבן שווינדלער זיך דערוואוסט וועגן דער צוואה און זיינען געקומען מאָנען געלט ביים יורש. ער וואָלט געקאָנט שווערן און זיין פטור פון באַצאָלן, אָבער ער האָט ניט געוואָלט עובר זיין אויף זיין פאָטערס צוואה. דער סוף איז געווען, אַז די שווינדלער האָבן צוגענומען ביי אים זיין פאַרמעגן. גרויסע אומגליקן זיינען דערנאָך געקומען אויפן יתום: ניט נאָר האָט ער פאַרלוירן די גאַנצע ירושה, נאָר מען האָט אים נאָך אַריינגעזעצט אין תפיסה, ווייל ער האָט ניט געקאָנט באַצאָלן וואָס אַנדערע שווינדלער האָבן פון אים געמאָנט. זיין ווייב האָט אים געוואָלט אויסלייזן פון תפיסה, האָט זי אָנגעהויבן גיין וואַשן פרעמדע גרעט. זי איז געווען זייער אַ שיינע, און ווען זי איז געגאַנגען וואַשן די גרעט פון מאַטראָסן אויף אַ שיף, האָבן די מאַטראָסן זי געפאַנגען און אַוועקגעפירט אין אַ ווייטער מדינה. דער סוף איז אַ גוטער: גאָט באַלוינט דעם יתום פאַר זיין ערלעכקייט („מדרשים קטנים מקובצים", סדורים ומוגהים על ידי י. ח. רבניצקי וח. נ. ביאַליק, ז"ז 77־78).

אָבער די הלכה האָט ניט אָנגענומען די האַרבקייט פון שבועה. ניט נאָר מעג מען שווערן, נאָר אין באַשטימטע פאַלן פון אַ דין־תורה רעדט מען צו איינעם פון די בעלי־דין צו נעמען אַ שבועה. פסקנט דער „חושן משפט" (סימן ט, ו): „שכיר הבא להשבע" — ווען אַ געדונגענער אַרבעטער קומט שווערן, מאַכט מען עס פאַר אים ניט שווער און מען דראָט אים ניט. עס

איז אַ כלל, אַז פאַר די וואָס קומען שווערן מאַכט מען עס פאַר זיי ניט גרינג, חוץ פאַר אַ געדונגענעם אַרבעטער, ווען מען רעדט צו און מען זאָגט צו אים: „ערגער זיך ניט, שווער און נעם וואָס דיר קומט" — „פותחין לו תחילה".

גאַר אַן אינטערעסאַנטע ראַנגלעניש גייט אָן צווישן הלכה און אַגדה אין דעם ענין נידה.

דער טערמין „נידה" אין זיין אורשפּרינגלעכן זין מיינט: דערווייטערט, אָפּגעזונדערט, פאַרוואָגלט. „שבעת ימים תהיה בנדתה" (ויקרא טו, יט) — זיבן טעג זאָל זי זיין אין איר אומריינקייט. מאַכט רש"י: זי זאָל זיין דער־ווייטערט פון באַרירונג מיט אַלע מענטשן, אַזוי ווי „ומתבל ינדהו" (איוב יח, יח) — און פון דער וועלט ווערט מען אים פאַרוואָגלען, דערווייטערן.

די האַרבקייט און דעם טאַבו פון נידה אין די אַמאָליקע צייטן באַשרייבט דער רמב"ן זייער קלאָר אין זיין פּירוש אויפן פסוק וואָס רחל האָט געזאָגט צו לבנען: „זאָל ניט פאַרדריסן אין די אויגן פון מיין האַר וואָס איך קאָן ניט אויפשטיין פאַר דיר, ווייל דער שטייגער פון ווייבער איז איצט ביי מיר" (בראשית לא, לה). זאָגט דער רמב"ן: „והנכון בעיני" — די ריכטיקייט אין מיינע אויגן איז, אַז אין אַמאָליקע צייטן זיינען די נידות געווען זייער דערווייטערט. זיי האָבן ניט געטאָרט זיין נאָענט צו מענטשן און האָבן ניט געטאָרטריידן צו זיי, ווייל גאַר אַמאָליקע מענטשן האָבן שוין געוואוסט, אַז דער הויך זייערער איז שעדלעך.

איך וויל נאָך דערמאָנען, אַז זיי פלעגן זיצן אָפּגעזונדערט אין אַ געצעלט, וואוהין קיין מענטש האָט ניט געטאָרט אַריינגיין, ווי אונדזערע חז"ל האָבן דערמאָנט אין אַ ברייתא פון מסכתא נידה: „מען טאָר ניט אָנרירן קיין נידה. ר' נחמיה זאָגט, אַז אַפילו די רייד, עס מיינט, דער הויך וואָס גייט אַרויס פון איר מויל איז טמא. ר' יוחנן האָט געזאָגט, אַז מען טאָר ניט נאָכגיין אַ נידה און מען טאָר ניט טרעטן אויף דער ערד וואָס זי טרעט, ווייל די ערד וואָס זי באַרירט איז טמא ווי די ערד פון אַ מת. מען טאָר אויך ניט הנאה האָבן פון איר אַרבעט. דערפאַר האָט רחל געזאָגט צו לבנען: 'דאַרפן דאַרף איך אויפשטיין פאַר מיין האַר און קושן זיינע הענט, אָבער איך בין אין נידה און טאָר זיך ניט דערנענטערן צו דיר און דו טאָרסט ניט אַריינקומען אין מיין געצעלט, ווייל דו טאָרסט ניט טרעטן אויף דער ערד וואָס מיינע פיס האָבן באַטראָטן'. און לבן האָט געשוויגן און האָט איר ניט געענטפערט, ווייל מען טאָר ניט ריידן מיט קיין נידה, ווייל אירע רייד זיינען מטמא".

אויף דעם פסוק (ויקרא יח, יט), „און צו אַ פרוי ווען זי איז אומריין אין איר נידה־צייט זאָלסטו זיך ניט דערנענטערן אָפּצודעקן איר שאַנד",

ברענגט דער רמב״ן אַ סך „וויסנשאַפטלעכע״ ראיות ווי שעדלעך און געפער־לעך אַ נידה איז: „ווען זי וועט אַ קוק טאָן אין אַ שפּיגל, וועלן זיך אויף אים באַווייזן רויטע פלעקן ווי בלוט, און אַוודאי אויף אַ פּאָלירטן גלאַנציקן מעטאַל, ווייל די שלעכטע נאַטור, וואָס איז שעדלעך, וועט ברענגען אַ פּלאָג, און די שלעכטע לופט באַהעפט זיך מיט דעם שפּיגל־גלאָז״.

דעם רמב״נס דערקלערונגען און די האַרבקייטן פון דער ברייתא וואָס ער ברענגט שטימען אַגב מיט דעם באַגריף נידה אין דעם וועלט־פאָלקלאָר *.

אין דער גמרא גייט אָן אַ געראַנגל צווישן דער האַרבקייט פון דער אַגדה וועגן נידה, וואָס דערקלערט זי ווי אין חרם און דערווייטערט זי פון דער וועלט, און דער הלכה, וואָס האַלט פון תיקון העולם.

זאָגט די גמרא:

„תניא, היה ר׳ מאיר אומר — מיר האָבן געלערנט, רבי מאיר האָט געזאָגט: פאַרוואָס האָט די תורה אָנגעזאָגט אַז אַ נידה דאַרף זיין אומריין גאַנצע זיבן טעג? ווייל דער מאַן ווערט צוגעוואוינט צו זיין מיט זיין ווייב און ער ווערט גלייכגילטיק צו איר, האָט די תורה אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל זיין אומריין זיבן טעג יעדן חודש וועט זי דערנאָך זיין באַליבט ביי אים ווי אין דעם טאָג פון דער חופה״ (נידה לא, ב).

דאָ איז שוין נידה ניט קיין ענין פון טאַבו אָדער גזירה, נאָר פּשוט צוליב תיקון העולם, צוליב אַ שיינעם משפחה־לעבן.

נאָך קלאָרער ווערט עס אַרויסגעבראַכט אין דער פלוגתא צווישן ר׳ עקיבא און די זקנים. די אַמאָליקע זקנים האָבן געזאָגט:

„אַ נידה טאָר ניט צושוואַרצן די ברעמען, זיך אָפּפאַרבן דאָס פּנים, אָדער זיך אויספּוצן אין קאָלירטע קליידער. איז געקומען רבי עקיבא און האָט געזאָגט: אויב אַזוי, וועט איר זי דאָך פאַרמיאוסן פאַר איר מאַן און ער וועט זי אָפּגטן. איי, עס שטייט: ׳והדוה בנדתה׳ — אַז זי, וואָס איז קראַנק, אומריין, אין איר אָפּגעזונדערקייט? מיינט עס, אַז זי זאָל בלייבן אומריין ביז זי וועט זיך טובל זיין״ (שבת סד, ב).

רש״י טייטשט: עס מיינט, אַז אַפילו נאָך דעם ווי איר נידה האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז זי ניט ריין ביז זי איז זיך טובל.

דאָ איז קלאָר, אַז די הלכה האָט ממש אָפּגעוואָרפן די אַגדהשע גלויבנס אַרום נידה, עס קאָן זיין, אַז די הלכה, וואָס איז מקיל, איז אויפגעקומען נאָך

* זע דזשיימס פרייזערס פאַרקירצטע אויפלאַגע פון „דהי גאָלדען באָו״, ז׳ 606, און יהושע טראַכטענבערגס „דזשואיש מעדזשיק ענד סופּערסטישאָן״, ז׳ 185.

דעם ווי פיל־ווייבערייי איז געווארן אַ זעלטנקייט. ווען אַ מאַן האָט נאָר איין פרוי און זי וואָלט זיך אין צייט פון נידה אינגאַנצן געמוזט אָפּשיידן פון אים און פון שטוב־לעבן, וואָלט געווען אוממעגלעך צו פירן די באַלעבאַטישקייט, מוז זי דעריבער זיין אין שטוב, דאַרף דער מאַן קוקן אויף איר, מוז זי זיך צופוצן. אפשר איז אויך ניט קיין צופאַל, וואָס רבי עקיבא איז דער מקיל, ער האָט געהאַט אַ סך דרך־ארץ פאַר דער פרוי.

ווי ווייט די הלכה איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט דער האַרבער טראַדיציע, קאָן מען זען פון דער ווייטערדיקער שקלא־וטריא אין דער גמרא:

„האָט מען געפרעגט: מעג אַ נידה שלאָפן מיט איר מאַן אין איין בעט ווען זי איז אין אירע קליידער און ער אין זיינע קליידער? האָט רב יוסף געזאָגט: מען מעג דערלאַנגען צום טיש אַן עוף און קעז, וואָס ווערן איבאייינעם ניט געגעסן. אַזוי זאָגט בית שמאי. בית הלל זאָגט: ניט מען מעג זיי דערלאַנגען אויף איין טיש און ניט מען מעג זיי עסן אינאייינעם" (שבת יג, א).

דער דין בלייבט טאַקע, אַז מאַן און ווייב טאָרן ניט שלאָפן אין איין בעט ווען זי איז נידה, אַפילו ווען זי איז אין אירע קליידער, ווייל איינער וועט ניט אָפּשטעלן אָדער ניט דערמאָנען דעם אַנדערן. דאָס איז אַ סיג. אָבער וואָס פאַר אַ מהלך פון דעם אור־טאַבו וועגן נידה ביז דער הלכה.

אָבער די אַגדה איז ניט צופרידן מיט אַזאַ קולא. באַלד טאַקע אויף דעם זעלביקן דף ברענגט די גמרא אַ מעשה, ווי איינער אַ למדן, אַ פרומער ייד, איז געשלאָפן מיט זיין ווייב אין איין בעט בקרבת בשר, ניט אין נידה־צייט, נאָר אין די שבעה נקיים, אין די זיבן טעג פון אַ זבה, וואָס טוט זיך אָן אין ווייסן, כדי צו זען צי זי בלוטיקט באמת ניט מער. דער למדן איז דערפאַר געשטאָרבן יונג. גאָט האָט אים געטייט.

דאָס איז נאָך ווייניק פאַר דער אַגדה. קומען צוויי אמוראים און באַוואָרענען זיך, אַז חלילה וחלילה, ס'איז ניט געווען בקרבת בשר. דאָס וואָלט דער למדן דאָך געוואוסט אַז מען טאָר ניט, נאָר זיי זיינען געשלאָפן אין אַ ברייט בעט, האָט ער געמיינט אַז מען מעג. קומט אַן אַנדער אמורא און באַוואָרנט זיך נאָך מער: ניט קיין נאַקעטע איז זי חלילה געווען, זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פאַרטעך, וואָס האָט צוגעדעקט איר נאַקעטקייט פון די לענדן אַראָפּ.

די זעלביקע מעשה איז פאַראַן אין אַן אַנדער וואַריאַנט אין „תנא דבי אליהו רבה", פרק ט"ו, און אין „אָבות דרבי נתן, פרק ב'. דאָרט שלאָפט ער מיט איר אָנגעטאָנערהייט אין איין בעט, ניט אין נידה־צייט, נאָר אין די ימי הליבון, איידער זי האָט זיך געטובלט, און דאָך האָט גאָט אים געטייט...

וואָס פאַר אַ מרחק צווישן דער אַגדה און דער הלכה!

די דינים אין שולחן־ערוך זיינען בלי ערך מקיל אין ענין נידה אין פאַרגלייך מיט דער ברייתא וואָס דער רמב״ן האָט געבראַכט, ווייל די ברייתא פאַרלאָזט זיך אויף עלעמענטן פון דער אַגדה. דערפאַר טאָר מען אַפילו קיין הנאה ניט האָבן פון דער אַרבעט פון אַ נידה. אָבער די הלכה זאָגט: „אַלע זאַכן וואָס אַ פרוי טוט פאַר איר מאַן, מעג זי אויך טאָן אין צייט פון איר נידה, חוץ אָנגיסן פאַר אים אַ גלאָז און עס אַוועקשטעלן פאַר אים אויפן טיש, סיידן זי טוט עס מיט אַ שינוי, אַנדערש ווי געוויינטלעך, למשל: דער־לאַנגען דאָס מיט דער לינקער האַנט, אָדער מאַכן אַן אַנדער ענדערונג" („יורה דעה", הלכות נידה, קצה, י).

דעם זעלביקן געראַנגל צווישן דעם גזר־דין פון דער אַגדה און דעם געזעלשאַפטלעכן איינשטעל פון דער הלכה געפינען מיר וועגן דאַוונען.

די משנה אין ברכות (פרק חמישי, משנה א׳) זאָגט סתם, אַז ווען איינער האַלט אין מיטן דאַוונען, טאָר ער ניט מפסיק זיין און ענטפערן, אַפילו ווען דער מלך באַגריסט אים. ער טאָר ניט מפסיק זיין, אַפילו ווען אַ שלאַנג וויקלט זיך אַרום זיין קנעכל.

די הלכה פסוקה לויט דער גמרא איז אַנדערש: מען טאָר ניט מפסיק זיין נאָר ווען די שלאַנג איז ניט אויפגערעגט, ווייל סתם אַ שלאַנג בייסט ניט. אָבער אויב אַן עקדיש פאַלט אָן, מעג מען מפסיק זיין. ווען דער מלך וואָס באַגריסט איז אַ יידישער טאָר מען ניט מפסיק זיין, אָבער ווען דער באַגריסער איז אַ גויאישער מלך אָדער שר מעג מען מפסיק זיין, ווייל עס איז פאַראַן אַ סכנה. בכלל מעג מען מפסיק זיין ווען עס שטייט פאַר אַ סכנה, אָבער ניט ווען עס האַנדלט זיך וועגן געלט־פאַרלוסט (זע גמרא ברכות דף לג און „אורח חיים" הלכות תפילה סי׳ קז; זע אויך „באר היטב" דאָרט סעיף א).

דאָס איז דער דין, אָבער די אַגדתא נעמט אים ניט אָן. אַ פרומער ייד וועט ניט מפסיק זיין אַפילו צוליב אַ גויאישן מלך:

„תנו רבנן, מעשה בחסיד אחד" — אַ מעשה מיט אַ פרומען יידן, וואָס האָט געדאַוונט און ס׳איז געקומען אַ גויאישער שר און האָט אים באַגריסט און דער פרומער ייד האָט אים ניט געענטפערט. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט צו גוטן (ברכות לב־לג).

די אַגדה וויל ניט וויסן פון קיין פשרות, אַפילו ווען עס קומט צו הצלת נפשות — צו ראַטעווען מענטשלעך לעבן.

זאָגט די תוספתא: „אַ מחנה יידן, וואָס גויים האָבן געזאָגט צו זיי: גיט אונדז אַרויס איינעם פון אייך און מיר וועלן אים טייטן, אויב ניט, וועלן מיר

איך אַלעמען הרגענען, זאָלן זיי זיך בעסער לאָזן אַלע אויסהרגענען און ניט אַרויסגעבן קיין יידישן נפש. אויב אָבער די גוים האָבן אָנגעוויזן אויף איינעם פון זיי, אַזוי ווי יואָב האָט אָנגעוויזן אויף שבע, דעם זון פון בכרי (שמואל־ב כ, כא), זאָלן זיי אים אַרויסגעבן, כדי אַלע זאָלן ניט געהרגעט ווערן (ירושלמי, תרומות, סוף פרק שמיני; תוספתא פרק שביעי).

די אַגדה איז ניט צופרידן פון אַזאַ פסק־דין:

„עולא, דער זון פון קושר, איז פון מלכות פאַרמשפט געוואָרן צום טויט. איז ער אַנטלאָפן קיין לוד צו ר׳ יהושע, דעם זון פון לוי.

„דער מלכות האָט געשיקט נאָך אים אַן אָפּטיילונג זעלנער, וואָס האָבן אַרומגעריגגלט די שטאָט און געזאָגט צו די איינוואוינער: אויב איר וועט ניט אַרויסגעבן עולאַן, וועלן מיר חרוב מאַכן די שטאָט. ר׳ יהושע איז אַוועק צו עולאַן, האָט אים איבערגערעדט און אים איבערגעגעבן צום מלכות. אליהו הנביא פלעגט אָפט זיך אַנטפּלעקן צו ר׳ יהושען. אָבער נאָך יענער געשעעניש האָט אליהו זיך מער ניט באַוויזן. האָט ר׳ יהושע געפאַסט דרייסיק טעג און אליהו האָט זיך צו אים באַוויזן. האָט ר׳ יהושע געפרעגט: רבי, פאַרוואָס ביסטו ניט געקומען? האָט אליהו אים געענטפערט: וואָס מיינסטו, איך וועל זיך חברן מיט אַ מסור? האָט ר׳ יהושע געפרעגט: האָב איך דען ניט געטאָן על־פי דין? האָט אליהו געענטפערט: איז עס אַ דין פאַר אמת־פרומע מענטשן? זאָל עס געטאָן ווערן דורך אַנדערע, ניט דורך דיר" (ירושלמי, דאָרטן; אויך בראשית רבה, סדרה ויגש).

די הלכה פסוקה איז לויט דער תוספתא, וואָס מיר האָבן געבראַכט פון ירושלמי, און ניט לויט דער אַגדה (רמב״ם, הלכות יסודי התורה, ה, ה, און „יורה דעה", הלכות עבודת כוכבים, קנז, א. די שקלא־וטריא דאָרטן וועגן חייב מיתה איז גענומען פון דער גמרא וועגן דעם ענין).

מען קאָן אָננעמען ווי אַ כלל, אַז די אַגדה איז מער מחמיר ווי די הלכה. הלכה איז פאַר דעם דורכשניטלעכן מענטשן, אָדער די מעגלעכע קדושה, וואָס אַ מענטש קאָן דערגרייכן מיט דער געוויינטלעכער מענטשלעכער אָנשטרענגונג. די עטיק פון דער אַגדה איז דאָס אוממעגלעכע פאַר דעם דורכשניטלעכן מענטשן.

די עטיק פון דער אַגדה איז די אָפּשפּיגלונג פון די שטרענגע געבאָטן פון דעם טראַנסצענדענטאַלן גאָט, וואָס קאָן ניט האָבן קיין באַרירונג מיט דעם מענטשן. ער גיט באַפעלן און דער מענטש מוז זיי אויספאָלגן און ניט פרעגן קיין פאַרוואָס. די הלכה איז די צופּאַסונג פון די גזירות צו די עקזיס־טירנדיקע געזעלשאַפטן, צום ילוד־אשה, וואָס האָט באַגרענעצטע כוחות.

* * *

אַפילו אין די געציילטע פאַלן וואו אַגדה איז מקיל, וואָגט נישט די אַגדהשע הלכה צו באַהויפּטן אַז מען זאָל אָפּשאַפן די חומרא איצט. זי שטעלט עס אַרויס ווי אַן אידעאַל לעתיד לבוא. אַ גוטער מוסטער איז דער מערקווירדיקער מדרש וועגן ממזר:

„ושבתי ואראה את כל העשוקים אשר נעשים תחת השמש" (קהלת ד, א) — און איך האָב ווידער באַטראַכט אַלע אונטערדריקונגען וואָס ווערן דורכ־געפירט אונטער דער זון, און „והנה דמעת העשוקים ואין להם מנחם" — און אָט זיינען די טרערן פון די באַעוולטע און ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל זיי טרייסטן. דניאל דער שניידער האָט אויסגעטייטשט דעם דאָזיקן פסוק אויף ממזרים: „דער טאַטע זייערער האָט געזינדיקט און וואָס זיינען שולדיק די דאָזיקע באַשעפענישן? דער טאַטע זיינער האָט מזנה געווען מיט איינער פון די עריות און זי האָט אים געבוירן, וואָס איז ער שולדיק?" און דער פסוק זאָגט ווייטער: „ואין להם מנחם אלא מיד עושקיהם כוח" (דער מדרש האָט צוגעשטעלט דאָס וואָרט אלא) — און ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל זיי טרייסטן נאָר פון דער האַנט פון זייערע אונטערדריקער וואָס האָבן מאַכט. ווע־מענס האַנט? דאָס מיינט מען פון דער האַנט פון דעם גרויסן סנהדרין פון ישראל, וואָס קוקט אויף זיי, אויף די ממזרים, מיט דעם כוח פון דער תורה און דערווייטערט זיי צוליב דעם פסוק „לא יבוא ממזר בקהל ה'" — אַ ממזר טאָר נישט ווערן קיין טייל פון דער עדה פון גאָט (דברים כג, א). „ואין להם מנחם" — עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זיי טרייסטן, דאַרף איך, גאָט, זיי טרייסטן. איצט, אויף דער דאָזיקער וועלט, האָבן יידן אין זיך פסולת. אָבער לעתיד לבוא, האָט געזאָגט דער נביא: „והנה מנורת זהב כולה" (זכריה ד, ב) — איך האָב ערשט געזען די מנורה איז אינגאַנצן פון ריינעם גאָלד. איך האָב געזען, אַז גאַנץ ישראל, אַלע יידן, זיינען ריין ווי גאָלד, נישטאָ אין זיי קיין פסול („ויקרא רבה", סוף פרשה לב; „קהלת רבתי", פרק ד, ג).

דער „לעתיד לבוא" מיינט דאָ אי משיחס־צייטן אי עולם־הבא. דער ממזר וועט האָבן עולם הבא, אַפילו ווען ער איז דאָ אַן אַרויסגעשטויסענער.

די אַגדה קאָן נישט אָפּפרעגן קיין דין למעשה. ווען זי איז אַפילו מקיל, טוט זי דאָס „לעתיד לבוא", אָבער נישט למעשה, איצט.

ווי אַ כלל, לערנט מען נישט קיין דין פון דער אַגדה. זאָגט הרב ר' צבי הירש חיות: „ונשאר לנו עוד לדבר מעניני אַגדה — עס איז אונדז נאָך איבערגעבליבן צו ריידן פון דעם ענין אַגדה, וואָס איז אַ גרויסער טייל פון

תלמוד און אַ גרויסער צווייג אין דער תורה און איז צעשפּרייט אין דער משנה און אין די ברייתות און איןביידע תלמודים (תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי), און הגם אין דער אַגדה זיינען ניט פאַראַן קיין ענינים וואָס זיינען מכריח און נויטיק פאַר הלכה און למעשה, איז אָבער דער ווערט פון דער אַגדה זייער און זייער וויכטיק גאָר פון אַן אַנדער צד („מבוא האגדות", געדרוקט צו אַלע גוטע אויסגאַבעס פון „עין יעקב").

דאָס איז בדרך־כלל. עס זיינען אָבער פאַראַן גאָר, גאָר אַ סך אויסנאַמען סיי אין דער משנה און סיי אין דער גמרא, וואו מען לערנט אָפּ אַ הלכה פון אַן אַגדה. אָט איז איין מוסטער:

אַ בת כהן, וואָס האָט חתונה מיט אַ ישראל, וועט דער זיווג ניט געלינגען. וואָס וועט געשען? זאָגט רב חסדא: זי וועט אָדער ווערן אַן אַלמנה, אָדער זי וועט אָפּגעגט ווערן; אויב ניט, וועט זי ניט האָבן קיין קינדער. רב חסדא דרינגט עס אַרויס פון דער נאָענטקייט פון די צוויי פסוקים וואָס אין ויקרא כב, יג. דאָרט שטייט געשריבן: „אַ כהנס טאָכטער וואָס וועט נעמען אַ מאַן אַ פרעמדן (עס מיינט, ניט קיין כהן), טאָר זי ניט עסן פון דער הייליקער תרומה". באַלד נאָך דעם פסוק קומט דער פסוק י"ד: „און די טאָכטער פון אַ כהן וואָס וועט ווערן אַן אַלמנה אָדער אַ גרושה און קיין קינדער האָט זי ניט". די נאָענטקייט פון די פסוקים, זאָגט רב חסדא, איז אַ סימן אַז דער שידוך פון אַ כהנס טאָכטער מיט ניט קיין כהן וועט ניט געלינגען. זי וועט ווערן אַן אלמנה אָדער אַ גרושה, אָדער זי וועט ניט האָבן קיין קינדער, זי וועט בלייבן אַן עקרה.

ס'איז דאָך קלאָר אַז עס איז אַן אַגדה, ניט קיין הלכה פסוקה, ווייל ווי קאָן מען אָפּפסקענען אַז אַזאַ שידוך וועט ניט געלינגען? עס איז ריינער פאַלקלאָר, אַן אַגדה, דאָך איז עס אַן אַסמכתא אויף אַ דין פון רבי שמעון, וואָס זאָגט אַז אַזאַ סעודה איז ניט קיין סעודת־מצווה און אַ תלמיד־חכם טאָר פון איר קיין הנאה ניט האָבן. און וויבאַלד עס איז ניט קיין סעודת־מצווה, קאָן מען אויסטייטשן פון יענעם שטיקל גמרא, אַז אויב ער איז געגאַנגען צו אַזאַ סעודה און ער האָט פאַרגעסן צו פאַרברענען דעם חמץ, מוז ער זיך אומקערן און קאָן ניט מבטל זיין דעם חמץ, ווי ער קאָן עס טאָן ווען ער גייט צו אַ דבר־מצווה *.

* זע פסחים מט, א; זע אויך רמב"ם „הלכות דעות", פרק חמישי, הלכה ב, און דעם „כסף משנה" אויף דער דאָזיקער הלכה. עס איז אַ הלכה פסוקה, אַז ווען אַ בת־כהן האָט חתונה מיט ניט קיין כהן, עס מיינט אַ לוי אָדער אַ ישראל, איז די סעודת־אירוסין ניט קיין סעודת־מצווה.

דאָ איז קלאָר, אַז אַ דין ווערט אַרויסגעדרונגען פון אַן אַגדה. דאָס איז בלויז איין מוסטער, אָבער אין דער גמרא זיינען פאַראַן אַ סך אַזעלכע פאַלן.

שפּעטער, נאָך די גאונים, ווען דער תלמוד איז פאַרהייליקט געוואָרן, זיינען אַ סך תלמודישע אַגדות געוואָרן דער יסוד פון הלכות, ווייל ראשית זיינען סיי אין דער גמרא און סיי אין דער משנה די אַגדות ניט קיין באַזונדערע אָפּטיילונג. אַגדה און הלכה זיינען אַזוי צונויפגעפלאָכטן, אַז גאַנץ אָפט איז שווער צו געפינען די גרענעץ צווישן זיי. די בעלי־התלמוד האָבן פון אַגדה ניט געמאַכט קיין באַזונדער ספר און אַפילו ניט קיין באַזונדערע פּרקים. שנית, זיינען אַ סך פון די אַגדות אַזוי אַריין אין האַרצן פון פאָלק און זיינען געוואָרן אַזוי באַליבט, אַז מ׳האָט זיי בשום אופן ניט געקאָנט איגנאָרירן. זעען מיר דערפאַר, אַז אַ סך אַגדות זיינען געוואָרן הלכות פסוקות. אָט זיינען עטלעכע פון זיי: זאָגן קדיש און די מערסטע מנהגים פון אַבילות, בלאָזן שופר אין חודש אלול, אסתר־תענית, כסא־אליהו אויף אַ ברית, און פירן זיך ווי אַן אָבל אין דער צייט פון ספירה.

„עס קאָן זיין, אַז ווען די גאונים, אָדער איינער פון זיי, וואָלטן [געווען] אָפּגעטיילט די אַגדות פון די הלכות אין תלמוד און וואָלטן [געווען] געמאַכט באַזונדערע ספרים אָדער איין ספר פון דער אַגדה, וואָלט זיכער דער דאָזיקער ספר אַגדה פאַררעכנט געוואָרן ווי איינער פון די ספרים חיצונים און מען וואָלט אויף אים גוזר געווען גניזה, מען וואָלט ניט דערלויבט אים אַראָפּ־צושרייבן אָדער איבערצודרוקן״ *.

די שפּעטערדיקע מחמירים, ווי ר׳ יעקב בן אָשר, דער בעל־הטורים, אָדער ר׳ יוסף קאַרו, דער בעל־שולחן־ערוך, און די אַלע אַחרונים, האָבן זיך נאָך מער פאַרלאָזט אויף אַגדות און מנהגים, אָבער דאָס פרעגט ניט אָפּ דעם געדאַנק, אַז אַגדה איז אַ פּועל־יוצא פון דעם טראַנסצענדענטאַלן באַגריף פון גאָט און אַז די הלכה איז דער פּועל־יוצא פון דעם באַגרענעצטן אַנטראָפּאָ־מאָרפיזם, וואָס די נביאים האָבן אונדז איבערגעגעבן.

## ג.

דער אָרטאָדאָקסישער קוק אויף הלכה איז וואָס מיר רופן „פונדאַמענ־טאַליסטיש״. יעדער דין, יעדער סיג לסיג, יעדער אַנגענומענער מנהג וואָס איז פאַרשריבן פון די ראשונים אָדער אַחרונים, איז אַ געבאָט וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני דורך אַן איינמאַליקער התגלות. מיר

* זע באריכות וועגן דעם ענין אין „תולדות הפוסקים״ פון רב צעיר, חלק ראשון, ז״ז 24־29 ועד בכלל.

קאָנען ניט און מיר טאָרן ניט מיגערן, אָפּט אַפילו ניט צוגעבן עפּעס צו דעם קאָמפּלעקס הלכה, ווייל די אויטאָריטעט פון איצטיקע רבנים איז קליין לגבי אַמאָליקע פּוסקים, און אַוודאי כלפּי די תנאים און אַמוראים.

עס איז אַ כלל ביי די פרומע אָרטאָדאָקסן, אַז מיט יעדן דור ווערט דער מענטש גייסטיק קלענער. זיי נעמען אָן ווי אַ הלכה פּסוקה די אַגדהשע מאמרים פון דער גמרא: „טובה צפּורנן של ראשונים מכריסן של אַחרונים" (יומא ט, ב) — דער נאָגל פון די אַמאָליקע איז וויכטיקער, גרעסער, פון דעם גאַנצן לייב פון היינטיקן מענטשן. אָדער: „אם ראשונים בני מלאכים" — אויב די אַמאָליקע זיינען געווען מלאכים, זיינען מיר, די היינטיקע, בלויז מענטשן, און אויב די אַמאָליקע זיינען געווען מענטשן, זיינען מיר ווי אייזלען, אָבער ניט אַזוי גוט און פרום ווי דאָס אייזל פון רבי חנינא, דעם זון פון דוסא, אָדער ווי דאָס אייזל פון רבי פּנחס, דעם זון פון יאיר, נאָר ווי אַנדערע, פּראָסטע אייזלען (שבת קיב, ב).

אַזאַ דעפּעטיסטישער און שיפלותדיקער צוגאַנג צו זיך אַליין מאַכט די הלכה אַ צוואַנג־יאָקע. דער דאָזיקער צוגאַנג איגנאָרירט די רעאַליטעט פון איצטיקן טאָג־טעגלעכן לעבן און די פאַקטן פון געשיכטע.

עקסטרעמע גרופּעס זיינען פאַראַן אין אַלע באַוועגונגען און אין אַלע אמונות. ביז אַ געווויסן גראַד זיינען זיי אויך דערפּאָלגרייך. עס געפינען זיך אַלעמאָל יחידים וואָס גראַד דער עקסטרעמיזם איז פאַר זיי צוציִענדיק. אָבער פאַר דעם דורכשניטלעכן מענטשן פון אונדזער דור איז די הלכה פון דער פרומער אָרטאָדאָקסיע אַ טויטער אות.

דאָך איז די וויכטיקייט פון דער פרומער אָרטאָדאָקסיע ניט אָפּצושאַצן. זי שטייט אויף דער וואַך און דערלאָזט ניט צו קיין האַסטיקע שינויים. איר תמימות און טיפע אמונה זיינען שעפעריש. איר אָפּהיטן די אַלטע טראַדיציעס מיט אַלע פּרטים מאַכט פון אַלט ידישקייט אַ לעבעדיקן וועזן. איר אָפּגעבן זיך מיט לערנען תורה איז אַ קוואַל פאַר אמת־טיפער ידישער לומדות. מען טאָר זי ניט באַקעמפן און מען דאַרף זי שטיצן און העלפן אויפהאַלטן אירע אינסטיטוציעס. מען דאַרף נאָר זען, אַז די אָרטאָדאָקסיע זאָל ניט ווערן דער דאָמינירנדיקער כוח אין ידישן לעבן. איר אומטאָלעראַנץ צו אַפּנייגער און קעגנער איז אַ מקור פאַר מחלוקת און צעריסנקייט.

די אולטראַ־רעפאָרמער זיינען געגאַנגען צום צווייטן עקסטרעם, און האַלטן אַז דער גאַנצער ידישער ריטואַל איז ניט מער ווי אַ זאַמלונג פון צערעמאָניעס און טאַבוס אָן קיין שום אינערלעכע ווערטן.

אַזאַ צוגאַנג מאַכט צונישט די גאַנצע ידישע געשיכטע. אומזיסט זיינען

געווען אונדזערע ליידן, נאַריש איז געווען אונדזער קידוש־השם, זינלאָז — אונדזער אויפהאַלטן זיך ווי אַן אומה. אַ פאַרשטיינערט רעשטל האָט זיך קרוב צו צווי טויזנט יאָר געקלאַמערט אין נאַרישע, אָפּגעלעבטע און פוסטע צערעמאָניעס און פרימיטיווע טאַבוס און זיך געמאַטערט.

חוץ דעם, צו וואָס אויפהאַלטן ייִדישקייט? די אַבסטראַקטע עטיק פון תנ״ך איז געוואָרן דער קנין פון דער גאַנצער אייראָפּאַישער ציוויליזאַציע. אָן תורה שבבעל־פה, אָן הלכה, איז בישטאָ קיין ייִדישקייט. דאָס האָבן שוין לאַנג געוואוסט אונדזערע חז״ל. לאָמיר ניט גרינגשעצן קיין, טיף היסטאָרישן געדאַנק בלויז דערפאַר וואָס ער איז אָנגעטאָן אין אַ רעליגיעזן לבוש.

זאָגט דער מדרש: גאָט האָט געזען, אַז די אומות העולם וועלן איבערזעצן די תורה און וועלן זי לערנען אויף גריכיש און וועלן זאָגן: מיר זיינען די אמתע ייִדן, האָט גאָט געזאָגט צו די אומות העולם: איר זאָגט, אַז איר זענט מיינע קינדער, אָבער איך ווייס, אַז נאָר די וואָס ווייסן מיינע סודות, מיינע מיסטעריעס, זיינען מיינע קינדער. און וואָס זיינען מיינע סודות? די משנה און די הלכה (מדרש תנחומא, פרשת כי תצא, לד).

נאָך קלאָרער ווערט עס אַרויסגעבראַכט אין דער ווערסיע פון שמות רבה: „די משנה, דעם תלמוד און די אַגדה וועל איך זיי געבן בעל־פה (ניט פאַר־שריבן). ווען די אומות העולם וועלן קומען און פאַרשקלאַפן די ייִדן, וועלן זיי, די ייִדן, זיין מובדלים מהם, אָפּגעזונדערט פון זיי" (דצ״ו, פרשה מז, א).

אָן הלכה קאָנען ייִדן ניט לעבן קיין אייגנאַרטיק לעבן. אָן הלכה, בלויז מיט דער אַבסטראַקטער תורה, מיט דער תורה שבכתב, קאָנען ייִדן ניט בלייבן ספּעציפיש ייִדיש.

די אולטראַ־רעפאָרמער, ווי עקסטרעמיסטן, קאָנען אויך האָבן אַ היפּשן דערפאָלג. עס זיינען פאַראַן געגנוג ייִדן וואָס ווילן ניט נעמען אויף זיך דעם עול מצוות און פירן אַ ייִדיש לעבן און דאָך ווילן זיי ניט ווערן קיין גויים. דער דאָזיקער פליגל פון ייִדישקייט דערמאָנט זייער שטאַרק די יראי ה׳ פון דער צייט פון פאַרן צווייטן חורבן. דאָס זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן ניט געוואָלט לעבן ווי געצנדינער און אויך ניט געהאַט דעם כוח צו ווערן גאַנצע ייִדן.

די עקסטרעמע רעפאָרמער זיינען היסטאָריש וויכטיק, ווייל זיי זיינען געווען די ערשטע ייִדן וואָס זיינען צוגעגאַנגען קריטיש צו דער ייִדישער אמונה און זיינען געבליבן אין כלל ישראל. זיי זיינען געווען ביז גאָר אַ הויכן גראַד שעפעריש. זייער קעגנערשאַפט צו דאָגמאַטישער ייִדישקייט, וואָס איז דעמאָלט געווען דער איינציקער דאָמינירנדיקער כוח אין ייִדישן לעבן, איז געווען

זייער טרייב־קראַפט. קיין פאָלקס־באַוועגונג איז דער עקסטרעמער רעפאָרמיזם קיינמאָל ניט געוואָרן.

יידישע סעקולאַרע נאַציאָנאַליסטן־העברעאיסטן, יידישיסטן, און אַ גרויסער סעקטאָר פון די ציוניסטן, ווי אויך די רעקאָנסטרוקציאָניסטן — אַ פליגל פון די קאָנסערוואַטיוון — האַלטן, אַז הלכה איז פאָלקישקייט, הלכה איז אַ לעבנס־שטייגער, וואָס איר ציל איז קיום האומה, לאָיאַליטעט צום יידישן פאָלק. יידישע אמונה שטייט כמעט אויסער די גרענעצן פון דעם באַגריף רעליגיע. פאַר אַ געוויסער צייט האָבן אויך די טעאָרעטיקער פון די קאָנסערוואַטיוון באַרעכטיקט דאָס אויספאָלגן פון דער הלכה צוליב פאָלקישקייט.

ווי ווייט אונדז איז באַקאַנט, האָט עס צום בעסטן פאָרמולירט אברהם גאָלאָמב: „אַזוי אַרום דאַרפן מיר אָננעמען יידישקייט ווי עפּעס וואָס איז ניט קיין רעליגיע אין דעם אָנגענומענעם זינען. קודם־כל האָט יידישקייט אַן אַנדער ציל — ניט פאַר גאָט, נאָר פאַרן פאָלק. דער יידישער גאָט פאַרלאַנגט פון זיין פאָלק צו גלויבן אין פאָלק, ניט אין גאָט" (זע זיין: „גאָט און געטלעכקייט").

אברהם גאָלאָמב איז אַן עקסטרעמיסט אַפילו צווישן יידישע סעקולאַריסטן. אָבער אין זיינע רייד הערט זיך דער אָפּקלאַנג פון אַ סך מאָדערנע יידישע דענקער וואָס גריבלען זיך אין מהות פון יידישקייט.

רבי מרדכי קאַפּלאַן, דער פירער און טעאָרעטיקער פון די רעקאָנסטרוקציאָניסטן, איז אידעאיש גאָר ניט ווייט פון אברהם גאָלאָמב.

קאַפּלאַנס רעקאָנסטרוקציאָניזם האַלט, אַז לאָיאַליטעט צום יידישן פאָלק איז די הויפּט־טרייב־קראַפט פון יידישן קיום. ווי יידן, ווילן מיר אָנהאַלטן די קאָנטינואיטעט פון אונדזער עקזיסטענץ. דער אויסדרוק פון אונדזער עקזיסטענץ אין די תפוצות איז דאָס יידישע קהילה־לעבן, אין אַלע אירע פאַזעס („מאָדערן פילאָסאָפיס אָוו דזשודאַאיזם", דזשייקאָב ב. אייגוס, ז' 319).

דער ערשטער וואָס האָט אַרויסגעבראַכט דעם דאָזיקן געדאַנק, איז געווען אחד־העם, וואָס האָט געהאַלטן, אַז ווייל יידן האָבן געוואָלט לעבן ווי אַן אומה, זייַנען זיי געוואָרן אַנדערש. די גאַנצע יידישע עטיק, דער ריטואַל און צערעמאָניאַל זייַנען געווען ניט מער ווי מיטלען אויפצוהאַלטן דאָס יידישע פאָלק*.

אַזאַ באַנעם איז גאָר אַ שוואַכער יסוד פאַר דער אויפקלערונג פון דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון יידישקייט און עס קאָן אַפילו ניט ווערן קיין מאָטיווירונג פאַרן קיום פון יידישן פאָלק.

* מער באַריכות וועגן דעם זען: שלמה סיימאָן „יידן צווישן פעלקער", ז' 77.

יידישקייט צוליב קיום קאָן ניט אינספּירירן דעם מענטשן צו העכערע אידעאַלן. אויב דער קיום פון יידישן פאָלק איז דער עיקר, פאַרוואָס ניט אָננעמען די ברוטאַלע מיטלען פון דעם עקסטרעמען נאַציאָנאַליזם? קיום צוליב קיום נעמט אַוועק די גאַנצע קדושה און דערהויבנקייט פון יידישן לעבן. חוץ אַלעמען, אַ לעבנס־שטייגער וואָרפט ניט אַרויף קיין מוז אויף דעם מענטשן. און דער עיקר פון אַלע עיקרים — אונדזער געשיכטע לערנט אונדז, אַז מיר האָבן אָפּט פאַרוואָפן אונדזערע נאַציאָנאַלע, ווי אויך קולטורעלע ווערטן, ווי למשל: שפּראַך, לאַנד, און אַפילו דעם יידישן אַלף־בית, מיר זיינען אָבער געגאַנגען אויף קידוש־השם פאַר גייסטיקע ווערטן**.

די וואָס האָבן אָנגענומען, אַז די טרייב־קראַפט אין דער יידישער געשיכטע איז געווען די אייגנאַרטיקע יידישע גאָט־אידייע און די קאָנקרעטיזירונג פון דער אידייע אין הלכה, האָבן אַ גרויסע שוועריקייטן אַוועקצושטעלן הלכה אין צענטער פון אונדזער יידישן לעבן. זיי באַאומרואיקט וואָס זיי קאָנען ניט אויפנעמען די איינמאָליקע התגלות ווי אַ היסטאָרישן פאַקט, בלייבט הלכה ניט מער ווי אַ לעגאַליזם.

„מיר האָבן אויפגעגעבן די אידייע אַז הלכה איז אויפגעקומען דורך התגלות, ניט געקוקט אויף אַלע אויסטייטשונגען און דערקלערונגען״ (דצ״וו, ז' 92). און „וויבאַלד אַז מיר גלויבן ניט אין דער טראַדיציאָנעלער התגלות און הלכה איז איינגעשטעלט געוואָרן דורך מענטשן, וואָס קאָנען מאַכן טעותים, איז הלכה ניט מער ווי אַ מענטשלעך־געשאַפענע, וואָס איז ניט חל אויף אונדז״.

פרעגט ר' יעקב ב. אייגוס: „אויב הלכה שטיצט זיך ניט אויף התגלות, ווי קאָן עמעצער נעמען ערנסט די באַהויפּטונג אַז הלכות, וואָס זיינען אָנגעקומען געוואָרן צוליב אַ גזירה־שווה זיינען געטלעך? ווען מיר ווייסן, אַז די גזירה־שווה האָבן צוגעטראַכט די גראַמאַטיקער פון אַלעקסאַנדריע כדי אויס־צוטייטשן די גריכישע פּאָעטן האָמער און העסיאָד?״ (דצ״וו, ז' 83).

די גאַנצע שוועריקייט קאָן באַזייטיקט ווערן, אויב מיר ווען אויפנעמען די גאָט־אידייע און די הלכה־אידייע קולטור־היסטאָריש.

ווי מיר האָבן דערקלערט באַריכות אין „אילוזיע און וואונטש״, איז די דערקענונג פון אַ כוח, גאָט, אויסער דער וועלט און אויסער דעם מענטשן, אַן אייביקער אמת. די פאָרמע, די אַטריבוטן, זיינען צייטמעסיקע און זיי בייטן זיך.

** זע וועגן דעם ענין באַריכות: „אַ טעאָרעטישע איבערשאַצונג פון הלכה״, פון רבי יעקב ב. אייגוס: ראַביניקל אַסעמבלי פּראָסידינגס 1958, אויך די צוויי וויכטיקע מאמרים אין זעלביקן קונטרס, פון רבי דזשעק דזשיי קאָהען און רבי אייזיק קליין.

אַזוי איז אויך מיט הלכה. הלכה איז אַ ספּעציפיש יידישע אידייע, וואָס שטיצט זיך אויף דער עקזיסטענץ פון אַ כוח וואָס פירט די וועלט צו אַ תכלית, אָבער די פאָרמע פון דער קאָנקרעטיזירונג פון הלכה און ספּעציפישע דינים זיינען צייטמעסיקע און בייטן זיך.

הלכה איז די געטלעכע אידייע צו קאָנקרעטיזירן דעם רצון פון גאָט אויף אונדזער וועלט. „די נבואה האָט געפאָדערט אַ רעכטפאַרטיק לעבן דורך אויספירן גאָטס באַפעלן. די חכמים זיינען געקומען צו לערנען און איינחזרן די דאָזיקע פאָדערונג און זי מאַכן פאַר דעם קנין פון פאָלק" (ד"ר נחום גלאַצער).

די תורה און די נבואה האָבן געגעבן דעם פאַרוואָס, און די הלכה האָט געגעבן דעם ווי אַזוי.

די נביאים האָבן זיך דערטראַכט דורך התגלות, אָדער, אויב איר ווילט, דורך דער געטלעכקייט אין מענטשן, אַז גאָט איז אַ טראַנסצענדענטאַלער כוח איבער דער וועלט און אויסער וועלט און מענטש. ער איז אַ גאָט וואָס איז כולל אַלץ. ווען אָבער די נביאים זיינען געקומען צום מענטשן, האָבן זיי געמוזט אָנקומען צום אַנטראָפּאָמאָרפישן באַגריף. אויב ניט, וואָלט גאָט געבליבן אַן אַבסטראַקציע, וואָס האָט ניט קיין שום באַרירונג מיטן מענטשן און מיט דער וועלט. אָט אַזוי האָבן אויך די חכמי התלמוד געמוזט אָנקומען צו די מיטלען פון לאָגיק און נעמען צו הילף אַפילו די גראַמאַטיקער פון אַלעקסאַנדריע, כדי איינצושטעלן די הלכה, דעם אויסטייטש פון גאָטס ווילן.

עס איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס אַ טייל הלכה האָט אין זיך דעם וועלט־בליק פון דער צייט, ווען זי, די הלכה, איז געשאַפן געוואָרן, און האָט אין זיך אויך די אָבערגלויבנס און די באַגרענעצונגען פון יענער צייט.

דאָס דאַרף ניט מינערן פון דעם עצם וויכטיקייט פון דער הלכה. נאָר די וואָס האַלטן אַז הלכה שטאַמט פון אַן איינמאָליקער התגלות קאָנען אָפּוואַרפן די גאַנצע הלכה צוליב אירע צייטמעסיקע עלעמענטן.

דער מענטש איז באַגרענעצט אין זיין באַנעם. אַפילו ווען דאָס געטלעכע אַנטפּלעקט זיך צו אים דורך זיין אינטואיציע, וואָס איז בלויז אַן אַנדער וואָרט פאַר התגלות, נעמט ער עס אויף לויטן קולטור־היסטאָרישן מצב פון זיין צייט. אָבער דאָס פאַרלייקנט ניט די אייביקייט פון דעם גאָט־אמת און די הלכה, וואָס איז די אָפּשפּיגלונג פון דעם זעלביקן אמת. דער עצם געדאַנק, די אידייע פון הלכה, איז אייביק, אָבער דער לבוש איז צייטמעסיק, אָט ווי אַ סך באַגריפן אין תנ"ך אַפילו.

אַט איז אַ ספּעציפישער מוסטער פון אַן אַנאַכראָניזם אין דעם ריינעם יידישן גאָט־באַגריף:

אין תנ״ך, און נאָך מער קלאָר אין דער שפּעטערדיקער תורה, און איבער־הויפּט אין די מיטלאַלטערישע מוסר־ספרים און פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען, איז די שייכות צווישן מענטש און גאָט ווי צווישן אַן אונטערטאַן און אַ מלך, אָפטער נאָך ווי צווישן קנעכט און האַר. מיר האַלטן ניט פון אַזאַ הכנעה. איז וואָס? מינערט עס פון דער גרויסקייט פון תנ״ך? קאָנען מיר ניט האָבן קיין יראת ההתרוממות פאַר גאָט? אין יענע צייטן איז דער פאַרגלייך געווען רעאַליזם. הייַנט מוזן מיר עס נעמען סימבאָליש. אויב ניט, איז עס אַן אַנאַכראָניזם.

ווען מיר זאָגן, אַז מיר דאַרפן צוגיין צו הלכה פון קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, מיינט עס ניט אַז מיר דאַרפן אָנהויבן רעפאָרמירן און אָפּוואַרפן וואָס אונדז געפעלט ניט אין הלכה. עס מיינט נאָר, אַז מיר דאַרפן ניט אָננעמען אַז הלכה איז אַן אָפּגעשלאָסענע סיסטעם, אַ פאַרענדיקטער פּראָצעס. מיר דאַרפן פאַרשטיין די צייטמעסיקייט פון יעדער הלכה. דער אָפּקליב וועט שוין במילא קומען.

איין מוסטער: די פרוי אין דער יידישער אמונה. אין אַמאָליקע צייטן איז די פרוי געווען פאַררעכנט פאַר אַ סך אַ נידעריקערן מענטש ווי דער מאַן. דערצו איז זי שטענדיק געווען פאַרשלייערט און פאַרהילט און אָפּגעזונדערט פון דער מענערישער סביבה. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער שטיקל נאַקעטקייט פון איר קערפּער האָט גערייצט און געוועקט די מענערשע תאווה. זאָגט די גמרא: „קול באשה ערוה״ — דאָס קול פון אַ פרוי איז ווי די שאַנד. „כל המסתכל באצבע קטנה של אשה כאילו מסתכל במקום התורף״ — דער וואָס קוקט אויף דעם קלענסטן פינגער פון אַ פרוי איז גלייך ווי ער וואָלט געקוקט אויף דער שאַנד. „טפח באשה ערווה״ — איין טפח אָפּגעדעקט ביי דער פרוי איז ווי אַ שאַנד (ברכות כד, א).

פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט אַזאַ באַגריף וועגן דער פרוי, קאָן זי נישט אָנטייל נעמען אין אַלע פונקציעס פון יידישן ריטואַל צוזאַמען מיטן מאַן. פּסקנט דער שולחן־ערוך, לויט אַ גמרא: „הכל עולין לשבעה״ — מען קאָן יעדן איינעם אויפרופן צו דער תורה און אים פאַררעכענען פאַר איינעם פון די שבעה קרואים, אַפילו אַ פרוי אָדער אַ מינדעריעריקן וואָס ווייסט פאַר־וואָס מען מאַכט די ברכה. אָבער די חכמים האָבן געזאָגט: „אשה לא תקרא בציבור מפני כבוד הציבור״ — אַ פרוי טאָר ניט לייענען אין ציבור צוליב

דעם כבוד פון ציבור (שולחן־ערוך, קריאת התורה ומפטיר בשבת; אורח־חיים רפב, ג; רמב״ם, הלכות תפילה, יב, יז; מגילה כג, א).

דאָס איז אַן אַנאַכראָניזם, ווייל הייַנטיקע צייטן איז די פרוי ניט פאַרהילט און ניט פאַרשלייערט, ניט אָפּגעשלאָסן און ניט אָפּגעזונדערט. זי נעמט אָנטייל אין אַלע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. מען ווערט ניט נתפעל פון איר אָפּדעקן אַפילו מער פון אַ טפח, און אוודאי און אוודאי איז ניט קיין באַליידיקונג פאַר אַן עולם, ווען אַ פרוי וועט עולה לתורה זיין. פאַרקערט גאָר, הייַנטיקע יידן פילן זיך באַליידיקט וואָס פרויען ווערן אָפּגעטיילט פון מענער ביים דאַווענען.

פאַראַן אַ סך אַזעלכע ביישפּילן אין הלכה.

ווי מיר האָבן פריער באַמערקט, איז הלכה, אָדער איר גרעסטער טייל, די פאַרקערפּערונג פון גרופּע־עטיק. גרופּע־עטיק בייט זיך. דער ענין פון „ניט טאָרן" און „מעגן" איז אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו, אַ גזירה, אַ באַפעל פון טראַנסצענדענטאַלער מאַכט. לויטן יידישן באַנעם, איז דאָס אַן אייביקע אידייע. אָבער די דעטאַלן, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט, ווענדן זיך אין דער צייט און אין דעם אָרט.

דער דאָזיקער באַגריף וועגן הלכה מינערט ניט איר הייליקייט אָדער איר געטלעכקייט. פאַרקערט, אַזאַ הלכה איז דינאַמיש און גיט אונדז אַ וועג צו קאָנקרעטיזירן די נביאימשע יידישקייט און גיט אונדז די זכיה זיך צו דערנענטערן צו געטלעכקייט דורך אויספאָלגן גאָטס געבאָטן און טראָגן דעם יאָך פון יידישקייט.

צוליב היסטאָרישע סיבות האָבן מיר פאַרוואָרפן די גאַנצע הלכה. מיר האָבן אָנגענומען דעם אַנאַכראָניזם ווי דעם עצם הלכה און האָבן באַשלאָסן אַז גאַנץ הלכה איז ניט מער ווי די שיריים פון אַ פאַרגליווערטער שבט־קולטור. איצט, אַז מיר האָבן זיך אָפּגעוואוינט פון דער דיסציפּלין פון הלכה, איז אונדז שווער צוריקצונעמען אויף זיך דעם יאָך. אָבער אויב מיר ווילן פאַרשטיין דעם אינערלעכן געטלעכן זין פון דעם גרויסן אויפטו פון הלכה, וועלן מיר זיך אָנהויבן איבערדערציען. ס'איז אַ שווערער און לאַנגער פּראָצעס פון זוכן, פאָרשן, איבונג און רגילות. אָבער צוליב צוריק דערזען די קאָנקרע־טיזירונג פון דעם געטלעכן געבאָט, וועט זיין כדאי דער אינערלעכער איבער־בראָך און די אָנשטרענגונג.

אדר ראשון — סיון תשי״ט

# אילוזיע און וואונטש

די גרעסטע מתנה, וואָס דער מענטש האָט געקראָגן פון באַשאַף, איז דאָס געשאַנק פון לשון. אין דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור ווערט דער מענטש אָנגערופן „מדבר“ — דער וואָס רעדט. „אַלץ, וואָס געפינט זיך אין דער וועלט, ווערט צעטיילט אויף: דומם — טויטע זאַכן, צומח — פלאַנצן, חי — לעבעדיקע וועזנס און מדבר — דער מענטש, וואָס איז באַשאָנקען געוואָרן מיט דער מתנה פון ריידן — שפּראַך“.

דאָס לשון אין מויל פון מענטשן האָט אים געמאַכט פאַר דער אויסדער־ווילטער באַשעפעניש אויף דער ערד און פאַר דעם הערשער איבער אַלץ, וואָס איז אויף איר. אָבער ווי הערלעך עס איז די מתנה, איז זי דאָך אין דעם רשות פון אַ לעבעדיקן וועזן מיט פינף חושים, מוז זי זיין באַגרענעצט און אומפּערפעקט.

אין די עלטסטע טעקסטן, וואָס מען געפינט אויסגעקריצט אויף שטיין, אויף סטעלאַס און אָבעליסקן אין אַלט־עגיפּטן, האָט דאָס לשון שוין געהאָט ווערטער נישט נאָר פאַר קאָנקרעטע, ממשותדיקע קעגנשטאַנדן, נאָר אויך אויסדרוקן פאַר די דינסטע ניואַנסן פון אַבסטראַקטע באַגריפן און עמאָציאָ־נעלע וואַריאַציעס. דאָך איז לשון עד־היום נישט קיין שלימותדיקער איג־סטרומענט פאַר פולער קאָמוניקירונג צווישן מענטש און מענטש. די זעלביקע ווערטער האָבן ביי פאַרשיידענע מענטשן פאַרשיידענע בילדלעכקייט און אַנ־דערע עמאָציאָנעלע אָפּקלאַנגען.

אָבער ווי אומפּערפעקט אַן אינסטרומענט ווי דאָס לשון איז, דאָך איז עס אַ גענוג ווירקזאַמער מיטל פאַר דעם בויטיקן און גענוגנדיקן צונויפריידן זיך צווישן מענטש און מענטש. די סיבה איז, וואָס ווי פאַרשיידן מענטשן זיינען, האָבן זיי דאָך אַ באַשטימטן געמיינשאַפטלעכן שכל צווישן זיך. דער אומ־וויסנדיקער מענטש האָט אַ מדרגה פון אינטעליגענץ, וואָס דערגרייכט לכל־הפּחות צו דער נידעריקסטער פלאַך פון דעם העכסטן אינטעלעקטואַל. ווען איינעם פעלט די פלאַטאָ פון דעם מינימום מענטשלעכן פאַרשטאַנד, קאָן מען זיך מיט אים נישט צונויפריידן. ס'איז אינגאַנצן אוממעגלעך צו קאָמוניקירן זיך דורך לשון מיט הונדערט־פּראָצענטיקע אידיאָטן, אָדער מיט עופּהלעך פון אַ געוויסער עלטער.

צווישן מענטש און חיה איז דאָ אַ באַשטימטע מאָס פון קאָמוניקאַציע אויף אַ זייער באַגרענעצטן און שווערן אופן. אונדזער לשון פּאַסט נישט פאַר דער פלאַטאָ פון דער אינטעליגענץ פון דער חיה. פאַר דער חיה מוזן מיר האָבן אַ ספּעציעלן מין לשון. עס קאָן זיין, אַז בהמות און פויגלען האָבן זייער אייגן לשון און קאָנען קאָמוניקירן צווישן זיך אַזוי גרינג ווי מענטש מיט מענטש. אפשר איז דאָ אַ שטיק אמת אין מדרש, וואָס זאָגט: „הבהמות יש להן לשון, כל מין ומין לבדו" — בהמות האָבן זייער לשון און יעדער מין חיה האָט איר באַזונדערע שפּראַך. עס איז מעגלעך, אַז אַפילו פלאַנצן האָבן זייער אייגענעם לשון.

אין יידישן פאָלקלאָר און אויך אין וועלט־פאָלקלאָר איז דאָ אַ שלל מיט מעשיות וועגן מענטשן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען די שפּראַך פון חיה און פויגל און אַפילו שיחת דקלים — דאָס לשון פון טייטל־ביימער.

דער מרחק, מהלך, דיסטאַנץ אין אינטעליגענץ צווישן מענטש און חיה איז צו גרויס פאַר אַ גענוגנדיקער מאָס פון קאָמוניקאַציע, פון באַנעמלעכקייט. דער מהלך צווישן מענטש און פלאַנץ איז אינגאַנצן צו גרויס פאַר וועלכער ס'איז פאַרשטענדלעכקייט.

אָבער נאָך גרעסער איז דער מרחק צווישן דעם טראַנסצענדענטאַלן כוח, וואָס פירט די וועלט, און דעם מענטשן.

דער מענטש איז אַ בעל־חי מיט פינף חושים און די שכלדיקע דערקענונג פון גאָט שליסט אויס וועלכע ס'איז גשמיותדיקע פאָרשטעלונג. זאָגט ר' משה קורדובירו:

„ווען דו ווערסט זיך פאָרשטעלן מיט שכל, אַז ס'איז דאָ גאָט, זאָל דיר נישט איינפאַלן צו טראַכטן, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויפן שטייגער וואָס עס לייגט זיך דיר אויפן געדאַנק, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט. ווייל אויב אַזוי, וועט דאָך אויסקומען, אַז זיין עקזיסטענץ געפינט זיך אין דיין פאָרשטאַנד אויף אַ באַגרענעצטן אופן און חס־ושלום אויף אַ התגשמותדיקן וועג (עס מיינט, אַז גאָט האָט אַ גוף. ש.ס.). דו דאַרפסט זיך פאָרשטעלן בלויז די מוזיקייט פון זיין עקזיסטענץ און באַלד לויפן אויף צוריק. ווייל אויב דו ווערסט זיך פאָר־שטעלן מער פון דעם, וועט דאָך אויסקומען, אַז דו באַטראַכסט אים ווי אַ זעלביקייט, און דעם מענטשנס דמיון איז באַגרענעצט און פאַרקערפּערט. דערפאַר דאַרפסטו אויפשטעלן אַ צאָם פאַר דיין געדאַנק, כדי דו זאָלסט אים נישט צופיל אָנדייטן, נאָר דו זאָלסט בלויז מחייב זיין די עקזיסטענץ זיינע, אָבער דו זאָלסט נישט דערלאָזן דיין געדאַנק אים צו באַגרייפן. דאָס ערשטע ווי דאָס צווייטע — נאָכלויפן און צוריקלויפן. לויף צו מחייב זיין די עקזיס־

טענץ זייבע און אַנטלויף צוריק, כדי דו זאָלסט אים נישט פאָרשטעלן און נישט אויסמאָלן, ווייל אונדזער דמיון, אונדזער פאָרשטעלונגס־קראַפט לויפט נאָכן שכל נאָך. דערפאַר ווערט געזאָגט אין ספר יצירה: 'אויב דיין האַרץ לויפט, קער זיך אָפּ הינטערווייליקעס'" (תורת הקבלה של רבי משה קורדובירו, רעדאַקטירט פון ש. א. האָראָדעצקי, „יחודו", ז.ה.).

נו, פרעגט זיך, וויבאַלד אַז מיר טאָרן זיך אים נישט פאָרשטעלן און אַוודאי טאָרן מיר אים נישט אויסמאָלן אין אונדזער דמיון, ווייל אים זיך פאָרשטעלן אין דמיון מיינט שוין באַגרענעצן אים מיט אַ וואָרט, מיט אַ פאָרם פון בילדלעכקייט, ווי אַזוי זשע קאָנען מיר קאָמוניקירן מיט אים? ווי אַזוי קאָן ער זיך אַנטפּלעקן צו אונדז? אַוודאי האָט דער כביכול דעם כוח זיך צו אַנטפּלעקן צו אונדז, אָבער ווי אַזוי קאָנען מיר האָבן די יכולת אויפצונעמען זיין התגלות, זיין רעוועלאַציע? ס'איז ווי אַ בוים וואָלט געוואָלט אויפנעמען די רייד פון אַ מענטשן. ווי קאָנען מיר, די בעלי־חושים, אויפנעמען עפּעס, וואָס איז אויסער דער וועלט, אויסער אונדז און אויסער אונדזערע חושים?

טויזנטער יאָרן ראַנגלט זיך דער מענטש מיט דער דאָזיקער פראַגע און זוכט אַן ענטפער.

אין תנ"ך געפינען זיך זייט ביי זייט, פּאַראַלעל איינער צום אַנדערן, צוויי גאָט־באַגריפן, אַן אַבסטראַקטער און אַן אַנטראָפּאָמאָרפישער, אַ גשמיותדיקער, מיט מענטשלעכע אַטריבוטן.

די נביאים האָבן באַנומען גאָט ווי אַ כוח אַן וועלכן ס'איז צובונד צו דער מאַטעריאַליסטישער וועלט. גאָט איז אויסער דער נאַטור און קאָסמאָס. ער איז גייסט און נישט פלייש. ער איז נישט צוגעבונדן צו די נאַטור־געזעצן און איז ניט אונטערוואָרפן צום פאַטום (גורל). דער גאָט פון די נביאים איז אַן איבער־מיטאָלאָגישער און אַן איבערנאַטירלעכער. דאָס איז דער גרונט־חילוק צווישן דעם יידישן וועלט־באַנעם און דעם פּאַגאַניסטישן, וואָס האַלט, אַז די געטער זיינען אַ טייל פון דער נאַטור, אַז אויף די געטער זיינען חל די געזעצן פון דער נאַטור און אַז זיי קאָנען נישט אויסמיידן דעם פאַטום. די געטער האָבן אויך אַלע מענטשלעכע שוואַכקייטן און גלוסטונגען, אַפילו מענטשלעכע צרות.

אָבער דער גאָט פון די נביאים, וואָס איז נישט צוגעבונדן צו די נאַטור־געזעצן און צו דער מאַטעריאַליסטישער וועלט, ווערט פאַרגעשטעלט אַן וואָקלעניש, סיי אין דער תורה און סיי פון די נביאים, אין אַ קערפּערלעכער געשטאַלט. אַוודאי זיינען דאָ אין תנ"ך באַזונדערע באַגריפן פון גאָט אין פאַרשיידענע תקופות. אָבער אין גאַנץ תנ"ך איז פאַראַן אַ געמיינשאַפטלעכע

בילדלעכע פאָרשטעלונג פון גאָט: ער וואוינט אין הימל. דאָרט איז דאָ אַ היכל, אַ שטול, אַ רייטוואָגן. זיין געשטאַלט איז ווי פון אַ מענטשן מיט אַ גוף. ער האָט הימלישע חיילות. עס זיינען פאַראַן קלאָרע דערציילונגען פון גאָטס התגלות צו די אָבות אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט, און צום גאַנצן פאָלק אויפן באַרג סיני אין אַ באַשטימטער גשמיותדיקער פאָרם.

די בעלי־הלכה, די חכמים פון גמרא און די מיטלאַלטער־פילאָזאָפן, וואָס האָבן געהאַלטן פון איינמאָליקער התגלות, פאַרענטפערן די סתירה אין תנ״ך מיט דעם, וואָס די תורה האָט געמוזט ריידן צום מענטשן אויף דער שפּראַך פון מענטשן, און דערצו האָבן די נביאים זיך באַנוצט מיט דעם משל, כדי קלאָר צו מאַכן דעם ענין פון גאָט.

די גמרא זאָגט: „דברה תורה כלשון בני אדם״ (ברכות לא, ב) — די תורה האָט גערעדט ווי אויף אַ מענטשלעכן לשון. שפּראַך איז אַ מענטשלעכער אינסטרומענט און כדי צו מאַכן דעם מענטשן צו פאַרשטיין גאָטס וועגן, באַנוצט זיך גאָט מיט דעם מענטשלעכן אינסטרומענט.

פאַראַן אַ מאמר אין דער גמרא, וואָס גייט נאָך אַ סך ווייטער. זאָגט די גמרא:

„דברה תורה לשון הבאי (אין טעקסט „הואי״), דברו נביאים לשון הבאי, דברו חכמים לשון הבאי״ — די תורה האָט גערעדט אויף אַ גוזמאדיקן אופן, די נביאים האָבן גערעדט אויף אַ גוזמאדיקן אופן, די חכמים פון דער גמרא האָבן גערעדט אויף אַ גוזמאדיקן אופן. (רש״י טייטשט „לשון הבאי״ — „אויף דעם פראָסטן לשון פון אַ געוויינטלעכן מענטשן, וואָס איז נישט צופיל איבער־קלייבעריש אין זיינע רייד און זאָגט אַרויס זאַכן, וואָס זיינען נישט פּינקטלעך. ער רעדט אַזוי נישט ווייל ער וויל זאָגן ליגן, נאָר ווייל צוליב זיין פּראָסטקייט איז ער נישט מדקדק אויף זיין ריידן״.)

ווען און וואו האָבן די חכמים גערעדט אויף אַ גוזמאדיקן לשון? זאָגט אַ גמרא: מיר האָבן געלערנט: אין מיטן מזבח איז געלעגן אַ קופּע אַש, האָט זי געהאַלטן דריי הונדערט כור (אַזאַ מאָס). האָט רבא געזאָגט, אַז דאָס איז אַ גוזמא. אין דער תורה שטייט געשריבן: „ערים גדולות ובצורות בשמים״ (דברים א, כח) — שטעט גרויסע און באַפעסטיקטע ביזן הימל — ס׳איז איבערגעטריבן. אין די נביאים שטייט געשריבן: „ותבקע הארץ בקולם״ (מלכים־א א, מ) — און די ערד איז צעשפּאָלטן געוואָרן פון זייערע קולות — ס׳איז דברי הבאי, איבערגעטריבן (חולין צ, ב).

אויף דעם דאָזיקן סמך האָבן דער רבנו בחיי און דער רמב״ם געגעבן זייערע אייגענע ראַציאָנאַליסטישע דערקלערונגען וועגן דעם אַנטראָפּאָמאָר־

פיזם, אין תנ״ך, זיי איז די דערקלערונג פון דער גמרא געווען צו גשמיותדיק.

„די שווערקייט האָט אונדז געצוואונגען (אין טעקסט — „הביאנו״ — האָט אונדז געבראַכט) מגשם צו זיין גאָט, צו געבן גאָט אַ קערפּערלעכע געשטאַלט און אויסצומאָלן אים מיט קערפּערלעכע מידות. כדי אויפצוקלערן די עקזיסטענץ פון גאָט פאַר דעם מענטשן, האָט מען עס אַרויסגעבראַכט אין די ספרים פון די נביאים מיט ווערטער פון הגשמה, וואָס זיינען נאָענט צום מענטשלעכן שכל און פאַרשטאַנד. ווען מען וואָלט גערעדט וועגן דעם ענין, ווי עס פּאַסט פאַר אים (פאַר גאָט), מיט אַבסטראַקטע רייד וועגן אַבסטראַקטע געדאַנקען, וואָלטן מיר נישט פאַרשטאַנען נישט די רייד און נישט די געדאַנ־קען. דעמאָלט וואָלטן מיר נישט געקאָנט דינען צו אַ זאַך, וואָס מיר פאַרשטייען נית, ווייל ס׳איז דאָך אוממעגלעך צו דינען צו עפּעס, וואָס מען פאַרשטייט ניט און מען ווייסט ניט. דערפאַר איז געווען נויטיק, אַז סיי די ווערטער און סיי דער געדאַנק זאָלן זיין לויט דער אויפנאַמס־מעגלעכקייט פון דעם, וואָס הערט זיי.

„כדי דער געדאַנק זאָל זיך לייגן אויפן שכל, דאַרף ער צוערשט אויס־געדריקט ווערן אויף דעם וועג פון הגשמה, וואָס נאָר גשמיותדיקע ווערטער קאָנען אים מאַכן פאַרשטענדלעך. דערנאָך וועלן מיר קליגער ווערן און אָנהויבן צו פאַרשטיין און באַנעמען, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַן אופן צו מאַכן אים פאַרשטענדלעך פאַר אונדז און אַז דאָס זיינען מליצות. דער אמתער זין פון גאָט איז דין, הויך, דערהויבן און אַזוי ווייט פון אונדז, אַז צוליב דער דינקייט פון געדאַנק קאָן מען עס גאָרנישט פאַרשטיין. דער, וואָס האָט אַ פאַרשטענדיק האַרץ, וועט זיך באַמיען אַראָפּצושיילן די ווערטער־שאָלעכצן און זייער הגשמה פון געדאַנק. ער וועט אין זיין טראַכטן שטייגן פון מדרגה צו מדרגה, ביז ער וועט זיך דערגרונטעווען צום אמתן תוך פון דעם געדאַנק. פאַרשטייט זיך, לויט זיין יכולת און השגה. אָבער דער אָפּגעריסענער נאַר וועט באַנעמען גאָט לויט דעם וועג, וואָס ווערט אָנגעוויזן אין די מליצות פון דעם ספר.

„דאָס, וואָס דער גאָט־געדאַנק ווערט פאַרגעשטעלט אויף אַ גשמיותדיקן אופן, וועט נישט ברענגען קיין שאָדן דעם פאַרשטענדיקן, ווייל ער וועט דאָך באַנעמען דעם זין פון די ווערטער. אָבער דעם נאַר וועט עס העלפן, אַז עס זאָל זיך אים לייגן אויפן שכל, אַז עס איז פאַראַן אַ שעפער, וועמען ער איז מחויב צו דינען.

„און דאָס קאָן מען פאַרגלייכן מיט איינעם, וואָס איז געקומען צו גאַסט צו זיינעם אַ רייכן פריינד, וואָס איז מחויב אים צו געבן עסן, און וואָס האָט

געהאַט אַ סך בהמות, וואָס מען האָט געדאַרפט אָנקאָרמענען מיט היי און האָבער. האָט דער רייכער פריינט זיינער געשיקט אַ סך גערשטן און האָבער פאַר די בהמות, אָבער פאַר אים, פאַר דעם אורח, האָט ער געשיקט, אין פאַרגלייך, גאָר ווייניק עסן, נאָר אַזוי פיל, וויפל ער האָט געדאַרפט. אַזוי האָט דאָס הייליקע לשון אויך גערעדט אין אַלע ספרים פון די נביאים און די רייד פון די פרומע וועגן דעם שעפער, געבענטשט זאָל זיין דער נאָמען זיינער, מיט גשמיותדיקע מליצות, וואָס מיר האָבן דערמאָנט, לויט דעם פאַרשטאַנד פון דעם פּראָסטן המון און לויט דעם לשון, וואָס אַ מענטש רעדט צו אַן אַנדערן, און די חז״ל האָבן וועגן דעם געזאָגט: ׳דברה תורה כלשון אדם׳״ — די תורה האָט גערעדט ווי מיט אַ מענטשלעכן לשון (חובת הלבבות, שער היחוד, פּרק יוד).

דער רמב״ם דערקלערט אויף זיין אייגענעם ראַציאָנאַלן אופן דעם אַנטראָ־פּאָמאָרפיזם פון תנ״ך:

„עס ווערט בפירוש דערקלערט אין דער תורה און אין די נביאים, אַז גאָט האָט ניט קיין גוף, ווייל דער פּסוק זאָגט: ׳גאָט, אייער גאָט, איז אַ גאָט אין הימל אויבן און אויף דער ערד אונטן׳ (יהושע ב, יא). אַ גוף קאָן דאָך ניט זיין אין צוויי ערטער. עס שטייט אויך געשריבן אין דער תורה: ׳מיט וועמען קאָנט איר מיך פאַרגלייכן, אַז איך זאָל זיין גלייך?׳ (ישעיה מ, כה). אויב ער וואָלט געהאַט אַ גוף, וואָלט מען אים דאָך געקאָנט פאַרגלייכן מיט אַנדערע גופים.

„וויבאַלד אַזוי, איז דאָס, וואָס שטייט געשריבן אין דער תורה: ׳און אונטער זיינע פיס איז געווען אַ דיל פון סאַפּירשטיין און אַזוי ווי דער הימל אַליין אין לויטערקייט׳ (שמות כד, י) און ׳גאָטס האַנט וועט זיין אין דיינע פי, וואָס אין פעלד׳ (שמות ט, ג), און ׳עס איז אַנטפּלעקט געוואָרן אין די אויערן פון דעם גאָט פון די חיילות׳ (ישעיה כב, יד) (אין טעקסט פון רמב״ם: „אזני ה׳״ — ש.ס.), און ענלעכע זאַכן — דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן לויט דעם באַנעם פון די מענטשן, וואָס קאָנען באַגרייפן נאָר גשמיותדיקע זאַכן, און די תורה האָט גערעדט ווי מען רעדט אויף אַ מענטשלעכן לשון. דאָס זיינען אַלץ כינויים, מעטאַפאָרן, אַטריבוטן, אַ בילדלעכער אופן פון ריידן. ווייל אָט שטייט געשריבן: ׳אויב איך האָב אָנגעשאַרפט דעם בליץ פון מיין שווערד׳ (דברים לב, מא). האָלט דען גאָט אַ שווערד און מיט דער שווערד הרגעט ער? עס איז בלויז אַ משל. מען קאָן עס באַווייזן מיט דעם, וואָס איין נביא דערציילט, אַז ער האָט אים (גאָט) געזען אָנגעטאָן אין ווייסער וואָל (דניאל ז, ט). אַן אַנדערער האָט אים געזען אָנגעטאָן אין רויטע קליידער

אַנקומען פון בצרה, די הויפּטשטאָט פון אדום (ישעיה סג, א). משה רבנו אַליין האָט אים געזען אויפן ים, ווי אַ מלחמה־העלד (שמות טו, ג). אויף דעם באַרג סיני האָט ער אים געזען איינגעוויקלט ווי אַ שליח־ציבור (שמות כד, טז). דאָס מיינט צו זאָגן, אַז גאָט האָט נישט קיין געשטאַלט און קיין בילד, נאָר אַלץ ווענדט זיך אין דער פאָרשטעלונג פון דער נבואה, אין דער וויזיע. דער אמת איז, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד קאָן אים נישט פאַרשטיין און קאָן אים נישט באַנעמען און אויספאַרשן. דאָס איז, וואָס דער פסוק זאָגט: 'צי קאָנסטו דערפאָרשן די געטלעכקייט?'" (איוב י, ז). רמב"ם יסודי התורה, הלכות ח, ט).

ר' משה קורדובירו, וואָס היט זיך מגשם צו זיין גאָט און האַלט, אַז מען מוז אויפשטעלן אַ צוים אין געדאַנק פאַרצושטעלן זיך זיין עקזיסטענץ, פאַר־ענטפערט די סתירה אין תנ"ך צווישן דער אַבסטראַקציע און דער הגשמה אויף דעם זעלביקן אופן, ווי דער רמב"ם און רבנו בחיי, אָבער ער גיט צו אַן אייגענעם אייגנאַרטיקן קנייטש. ער זאָגט, אַז די אַלע גשמיותדיקע מליצות, בילדלעכקייטן, וואָס באַשרייבן גאָט אין תנ"ך, זיינען ניט קיין מעטאַפאָרן, נאָר אידייען, ווערטער, וואָס גיבן איבער דעם אינערלעכן זין פון די גשמיותדיקע באַגריפן:

„אַ האַנט ווערט נישט אָנגערופן האַנט צוליב דעם שטיקל פלייש, וואָס שטעלט פאָר די האַנט, נאָר צוליב דער פונקציע, וואָס זי דערפילט. אַ באַווייז פאַר דעם איז דאָס, וואָס די גמרא פרעגט: 'אַ מינדעריאָריק מיידל האָט אַ האַנט, צי זי האָט נישט קיין האַנט?' דאָס מיינט דאָך ניט, אַז איר האַנט איז אָפּגעשניטן. דאָס מיינט, צי זי האָט דאָס רעכט צו קריגן קדושין, אָדער צו נעמען אַ גט — אַ פונקציע, וואָס אַ האַנט דאַרף דורכפירן". (משה קורדובירו, „כינוים" ז' קסח, אין תורת הקבלה של ר' משה קורדובירו)

די אַלע דערקלערונגען זיינען גוט און פּאַסיק פאַר מאמינים, וואָס האַלטן, אַז נישט נאָר באַשטייט דער גאַנצער תנ"ך פון אייביקע ווערטן, נאָר אויך, אַז די ראַם, די פאָרם איז אייביק און ענדערט זיך נישט. רירט מען אָן דעם קלענסטן אָרנאַמענט פון דער ראַם, צעפאַלט זיך דער גאַנצער בנין. פאַר אָט די מאמינים איז אַ נויטווענדיקייט צו פאַרענטפערן אַלע סתירות פון תנ"ך, זיי אויסגלייכן און אויפבויען אַ שיטה, וואָס זאָל נישט אָפּנייגן פון וועלכן ס'איז אויסדרוק אין תנ"ך.

ס'איז טשיקאַווע, וואָס די פרייע, גאָר אַ גרויסער טייל פון אונדזערע אויפגעקלערטע, זיינען מסכים מיט דער דאָזיקער מיינונג. אויך זיי האַלטן, אַז דער תנ"ך טאָר ניט האָבן קיין שום טעותים און אַז אַלץ, וואָס שטייט געשריבן

אין דער תורה, אין די נביאים און כתובים מוז שטימען מיט דעם לעצטן וואָרט פון דער וויסנשאַפט. אָבער וויבאַלד, אַז עס שטימט ניט, איז דער תנ״ך ניט מער ווי אַ ליטעראַרישע זאַמלונג פון דעם פאָלקלאָר פון אַ פּרימיטיוון פאָלק. למשל, דער וועלט־באַשאַף. אין חומש בראשית שטייט געשריבן, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אין זעקס טעג. מיר ווייסן דאָך אָבער, אַז דער וועלט־שאַף האָט געדויערט אַ סך לענגער ווי זעקס טעג. רעדט דאָך דער תנ״ך קינדערשע רייד און דערפאַר איז נישט כדאי אויך צו פאַרטיפן זיך אין דער תנ״כישער קאָסמאָגאָניע, וועלט־באַשאַף, וואָס האַלט, אַז די וועלט איז אויפגעקומען ניט פון אַ צוזאַמענשטויס, אַ שטרייט צווישן די עלעמענטן, נאָר פון אַ האַרמאָנישער באַהעפטונג אויף דעם באַפעל פון אַ טראַנסצענדענטאַלן כוח, וואָס האָט געגעבן אַ זין און אַ תכלית צום באַשאַף. אונדזערע אויפגעקלערטע באַווייזן אויך, אַז דער פּערפעקטער תנ״ך איז ניט געווען באַקאַנט מיט דער מאָדערנער אַנאַטאָמיע און פילאָזאָפיע. עס איז געשריבן אין תנ״ך, אַז דער אויפברויז פון געוויסן קומט פון די נירן און טראַכטן טראַכט מען מיט דעם האַרץ. וויבאַלד אַזוי, איז דער גאַנצער עטישער באַנעם אויך אַ פאַלשער.

אַ סך אַמאָליקע און אויך היינטיקע משכילים, וואָס ווילן באַטראַכטן דעם תנ״ך פאַר אָנפעלערדיק, כדי זיך אויסצופייַנען פאַר דער וועלט מיט יידישער גאונות, טייטשן אַריין אין דעם תנ״ך מאָדערנע באַגריפן און די לעצטע אויפטואונגען פון דער וויסנשאַפט. למשל, זיי זאָגן, אַז די תורה פאַרלייקנט ניט עוואָלוציע. אויב עס שטייט אין דער תורה, אַז די וועלט איז געשאַפן געוואָרן אין זעקס טעג, מיינט אַ טאָג ניט קיין טאָג, נאָר אַ מילעניום מילעניומס. דאָס פּאַסט זיך אַריין אין די מאָדערנע טעאָריעס פון קאָסמאָגאָניע, פון וועלט־באַשאַף. די דינים פון טומאה און טהרה, טענהן די דאָזיקע משכילים, באַווייזן באַשיינפערלעך די טיפע ידיעות פון דער תורה אין מאָדערנער היגיענע.

אָבער דאָס זיינען ניט מער ווי רויע פּרוואון פון גאָר אַ סך אַ פּרימיטיווערער מדרגה, ווי די אַריינטייטשונגען פון די מיטלאַלטערלעכע יידישע פילאָזאָפן, די חכמים, ווי דער רבנו בחיי און דער רמב״ם, האָבן געהאַט אַ שיטה, באַגרינדעט אויף פילאָזאָפישע יסודות פון זייער צייט. אַ סך פון זייערע הנחות זיינען אויך גילטיק פאַר אונדז היינט. אָבער די משכילים־אַפּאָלאָגעטן זיינען ניט מער ווי דרשנים און זייער דרוש איז אַלעמאָל ניט מער ווי אַן אַנאַכראָניזם.

די מאָדערנע וויסנשאַפטלער פון תנ״ך האַלטן, און מיט רעכט, אַז די סתירות, ווידערשפּרוכן, אין תנ״ך קאָנען ניט פאַרענטפערט ווערן דורך אַנגעמען איין שיטה. בכלל דאַרף מען ניט פאַרענטפערן די סתירות און ס׳איז

ניט וויכטיק זיי צו פאַרענטפערן, ווייל אין תנ״ך זיינען דאָ אייביקע ווערטן, איבערגעגעבן אין דער ראַם פון דער צייט, ווען דער תנ״ך איז אויפגעקומען.

ניט נאָר דברה תורה כלשון אדם — די תורה האָט גערעדט אויף אַ מענטשלעכן לשון, נאָר מען קאָן זאָגן: דברה תורה לפי השגת האדם בדורו — די תורה האָט דערקלערט די אייביקע אמתן לויט דער השגה פון דעם מענטשן פון יענעם דור — און קיין דור קאָן ניט וויסן די דערגרייכונגען פון שפּעטער־דיקע דורות.

די נביאים האָבן זיך דערגרונטעוועט צום געדאַנק, אַז דער רצון, דער ווילן פון גאָט געוועלטיקט איבער דעם גאַנצן קאָסמאָס. זיי האָבן באַפרייט גאָט פון וואָס פאַר ס׳איז צוגעבונדנקייט צו דער נאַטור, אָדער צום פאַטום. אָבער ער איז אין זייערע אויגן אויך אַ גאָט, וואָס אַנטפּלעקט זיך צום מענטשן. ער איז נישט קיין גאָט, וואָס איז אַזוי אַבסטראַקט, אַז ער איז אָפּגעריסן פון דער וועלט. ער איז נישט קיין גאָט, וואָס איז רואיק און שטיל, צופרידן מיט זיך אַליין, וואָס באַנוגנט זיך מיט זיין אייגענער עקזיסטענץ און האָט נישט וואָס צו טאָן מיט דער מענטשלעכער וועלט און מיט דעם מענטשלעכן גורל. ער איז אַ גאָט, וואָס באַפעלט, וואָס געדענקט און דערמאָנט זיך אין די ליידן און דעם גורל פון מענטש און פאָלק. ער טוט גנאָד, דערלייזט, טוט גוטס און שלעכטס, רעכנט זיך אָפּ פאַר זינד און באַלוינט פאַר גוטס. ער איז נאָענט צום לעבן און צום מענטשן. די נביאים האָבן געהאַלטן, אַז ער איז אַ גאָט פון ווילן און טאַט. נישט נאָר איז עס דער מענטש וואָס זוכט אַ שטעג צו גאָט, נאָר גאָט נידערט אויך אַראָפּ צום מענטשן און לערנט אים צו גיין אין זיינע וועגן.

די נביאים האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַ גאָט, וואָס איז טראַנסצענדענטאַל איבער דער וועלט און אויסער דער וועלט, אַ גאָט, וואָס איז כולל אַלץ. ער איז איבער גוטס און שלעכטס, איבערן לעבן און איבערן טויט. ער געוועלטיקט איבער אַלץ און אַלץ ציט זיך פון זיין רצון. אָבער אין דער זעלביקער צייט — מענטשלעך, אַנטראָפּאָמאָרפיש. ער אַנטפּלעקט זיך אין באַשטימטע געשטאַלטן צו זיינע אויסדערוויילטע (יחזקאל קויפמאַן).

אַוודאי איז עס אַ סתירה, אָבער מיר זיינען ניט מחוייב אויסצוגלייכן די סתירה. דאָס איז געווען דער באַגריף פון יענער צייט. די נביאים האָבן זיך טאַקע דערטראַכט צום אמת פון אַ טראַנסצענדענטאַלן גאָט, וואָס איז ניט צוגעבונדן צו דער נאַטור, אָבער דער באַגריף פון אַ גאַנצן אַבסטראַקטן גאָט, אָן קיין שום הגשמה, איז אַ שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג.

בלייבט די אַלטע קשיה: וויבאַלד אַז מיר נעמען אָן, אַז די דערקלערונגען

פון רבנו בחיי, פון רמב״ם, פון ר׳ משה קורדובירו און די אַנדערע יידישע געלערנטע זיינען ניט מער ווי אַריינטייטשונגען אין תנ״ך, ווי קאָן זיך פאַרט אַ ילוד־אשה, אַ מענטש פון פינף חושים, קאָמוניקירן מיט אַן אַבסטראַקטן גאָט, וואָס מיר דאַרפן נאָר מחייב זיין די עקזיסטענץ זיינע און טאָרן ניט דער־לאָזן דעם געדאַנק צו באַגרייפן אים, ווייל עס קאָן נאָך חלילה פירן צו הגשמה?

מיר דאַרפן עס פאַרענטפערן לויט אונדזער וועג פון טראַכטן, אָן דער אויטאָריטעט פון פסוקים. מיר דאַרפן אויפנעמען די גאָט־אידייע קולטור־היסטאָריש.

ראשית, נעמען מיר אָן, אַז עס עקזיסטירט אַ כוח אויסער אונדז און איבער דער וועלט און דער דאָזיקער שעפערישער כוח פירט אָן מיט דעם גאַנצן קאָסמאָס און האָט געשאַפן די וועלט מיט אַ ציל און אַ תכלית.

די וויסנשאַפט קאָן ניט אָפּלייקענען די עקזיסטענץ פון אַזאַ כוח און מיט אונדזערע חושים קאָנען מיר עס ניט באַגרייפן. אָבער זינט דער מענטש איז געקומען צו זיין באַוואוסטזיין און האָט זיך געקאָנט פאַנאַנדערקלייבן אין די כוחות פון זיין סביבה, האָט ער געקראָגן אַ דערקענטעניש פון דער עקזיס־טענץ פון אַזאַ איבערנאַטירלעכן כוח, וואָס מיר רופן אָן גאָט. דעם דאָזיקן, מיט די חושים אומבאַגרייפלעכן, כוח האָט דער מענטש צוגעגעבן זיינע אייגענע אַטריבוטן. אַ דערקענונג פון דער עקזיסטענץ פון אַזאַ כוח איז אַן אייביקער אמת. די פאָרם, די אַטריבוטן זיינען אַלעמאָל צייטמעסיקע און בייטן זיך.

פאַראַן אַ סברה, אַז די גאָט־אידייע איז אַן אילוזיע (זיגמונד פרויד — „דהי פיוטשור אָוו ען אילוזשאָן״). דער מענטש האָט זיך געשאַפן אַ געשטאַלט פון אַן אייביקן טאַטן, ווייל דער מענטש איז נאָך אַלץ אין דער קינדערשער סטאַדיע. ער איז הילפלאָז קעגן די נאַטור־כוחות. אין זיין שרעק פאַר קראַנ־קייטן, איבערגעוועלטיגונג פון עמאָציעס און פחד פאַרן טויט האָט ער זיך געשאַפן אַ סופּער־טאַטן, וואָס באַהיט אים און באַשיצט אים אין לעבן און פאַרזאָרגט אים נאָכן טויט מיט אייביקן לעבן. ווען דער מענטש וועט באמת ווערן דערוואַקסן, וועט ער זיך מער ניט נויטיקן אין אַ טאַטן, וואָס באַשירעמט אים. ער וועט דעמאָלט זיך קאָנען פאַרלאָזן אויף די אייגענע כוחות און וועט זיך ניט דאַרפן טרייסטן מיט דער אילוזיע פון אַ טאַטן, וואָס האַלט אַן אויג אויף אים פון וויגעלע ביז נאָכן קבר.

ס׳איז אָבער זייער שווער אָנצונעמען אַזאַ פּשוטע צעטיילונג פון גייסט און חומר (מאַטעריע). אין דעם מענטשן און אין דער וועלט איז דאָס געטלעכע אַזוי רעאַל און ניכר, ווי דאָס מאַטעריעלע. די האַרמאָנישקייט פון קאָסמאָס,

די וואונדערלעכע געזעצמעסיקייט פון דער וועלט און דעם מענטשנס ראַנגלעניש מיט די נאַטור־כוחות אויסער זיך און אין זיך, זיינען מאַטערנישן מיט זיין געוויסן — אָננעמען דאָס אַלץ ווי אַ צופאַל איז אַפילו ניט קיין שכלדיקע וואַרשיינלעכקייט.

בכלל איז ניט וויכטיק, צי מען גלויבט, אַז די נשמה, דאָס גייסטיקע אין מענטשן, איז אַריינגעטאָן געוואָרן אין אים פון אַ טראַנסצענדענטאַלן כוח, גלייך ביים געבורט אָדער נאָכן געבורט, צי וועזן מען מאַכט אַ השערה, אַז דאָס גייסטיקע אין מענטשן איז דער רעזולטאַט פון דער קאָמבינירונג פון די חומרישע עלעמענטן, וואָס האָבן געשאַפן דעם מענטשן. אַזאַ השערה איז פונקט אַזוי ניסימדיק איבערנאַטירלעך און אויסערן שכל, ווי די אמונה אין אַ באַזונדער עקזיסטירנדיקער נשמה. דיביידע מוז מען אָננעמען פאַר אַ געטלעכער דערשיינונג, פאַר אַ געטלעכן איינשטעל.

אויב אַזוי, לייגט זיך שוין אויפן שכל, אַז די עקזיסטענץ פון אַ טראַנסצענדענטאַלן כוח, אָדער וועזן, וואָס מען קאָן ניט פאַרגעשטאַלטיקן, ווייל ער איז אויסער אונדזערע חושים, איז דער אייביקער אמת, וואָס דער מענטש האָט דערפילט אין זיך, דערטראַכט זיך דורך דער גייסטיקייט, וואָס איז אין אים. די דאָזיקע גייסטיקייט איז אויך אַ טייל פון דעם טראַנסצענדענטאַלן כוח. דערפאַר האָט דער מענטש אַ שטענדיקע שטרעבונג צו דער געטלעכקייט און איבערצושאַפן זיין אייגענע געשטאַלט אין גאָטס גלייכעניש. די גאָט־געשטאַלט איז בישט קיין אילוזיע, נאָר אַ וואונטש. דער מענטש האָט זיך שטענדיק געוואונטשן צו ווערן אָט די פערפעקטע עטישע געשטאַלט, גאָט, וואָס ער, דער מענטש, ווייסט פון זיין עקזיסטענץ, נאָר ער קאָן עס ניט באַווייזן. און ווייל ער קאָן עס ניט באַווייזן, שטעלט ער אים פאָר לויט זיין השגה נאָך, לויט זיין קולטורעלן מצב. די גאָט־געשטאַלט פון מענטשן, ניט דער געדאַנק פון גאָטס עקזיסטענץ, שפיגלט אָפּ די תקופה („טואוואַרד עי מאַטור פעיט״ פון ערווין ר. גודענאַף).

דער דאָזיקער געדאַנק איז גאָר ניט אַזוי ניי, ווי פּראָפעסאָר גודענאַף מיינט. אין מדרש איז דאָ אַ קלאָרע אָנצוהערעניש, אַז מצוות זיינען ניט נאָר באַפעלן און געבאָטן פון גאָט, נאָר דעם מענטשנס וואונטש צו פאַרגלייכן זיך מיט גאָט. דער קלאָרסטער מאמר געפינט זיך אין ספרי, דברים מט: „גאָט איז אַ דערבאַרעמדיקער גאָט, אַ לייטזעליקער גאָט, אייגגעהאַלטן אין צאָרן, מיט אַ סך גנאָד און אמת. ער היט זיין גנאָד צום טויזנטסטן דור, ער איז מוחל זינד, פאַרברעכנס און עבירות, ונקה — און ער שענקט (שמות לד, ו. דער ספרי שטעלט זיך אָפּ ביים וואָרט „ונקה״). און עס זאָגט זיך אין אַן

אַנדערן פּסוק: ‚און איטלעכער, וואָס רופט גאָטס נאָמען, וועט אַנטרונען ווערן‘ (יואל ג, ה). ווי קאָן אַ מענטש רופן גאָטס נאָמען? נאָר אַזוי ווי גאָט ווערט גערופן אַ דערבאַרעמדיקער און אַ לייטזעליקער, אַזוי זיי דו אויך דערבאַ־רעמדיק און לייטזעליק און טו אומזיסט גוטס צו אַלעמען“ (אין ספרי מט און אין אַנדערע ערטער וואַריאירט).

דער דאָזיקער געדאַנק געפינט זיך ביי אַ סך יידישע פילאָזאָפן. פאַרשטייט זיך, זיי האָבן זיך סומך געווען אויף יידישע מקורות.

דאָס קאָן אונדז פירן צו פאַרשטיין די מעגלעכקייט פון דעם מענטשן צו קאָמוניקירן מיט גאָט, געפינען דעם וועג צו גאָט דורך התגלות, שטענדיקער התגלות.

דער מענטש איז ניט באַשאַפן געוואָרן פּערפעקט, גאַנץ, אָט ווי ער איז. ער האָט זיך אַנטוויקלט פון אַ נידעריקערער מדרגה צו אַ העכערער, סיי פיזיש און סיי גייסטיק. פּאָטענציעל זיינען אין אים אָבער געלעגן אַלע מענטשלעכע יכולתן. דאָס איז אויך ניט קיין נייער אַפּיקורסישער געדאַנק.

„האָט געזאָגט ר׳ תנחומא אין נאָמען פון ר׳ בנייה און ר׳ ברכיה אין נאָמען פון ר׳ אלעזר: ‚גולם בראו‘ — גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אָן אַ באַזונדער געשטאַלט, ווי אַ גולם איז דער מענטש דעמאָלט געווען. דאָס מיינט, אַז אַלע פּאָטענציעלע כוחות זיינען אין דעם געווען באַהאַלטן און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן ביסלעכווייז, ביסלעכוויז דור נאָך דור (זעט ביאַליקס טייטש). ער האָט זיי, די כוחות, אַרויסגעוויזן אין יעדן דור מיט זיינע געלערנטע, אין יעדן דור מיט זיינע שרייבער און אין יעדן דור מיט זיינע פירער. הרי זה ספר תולדות אדם — דאָס איז דאָס געשיכטע־בוך פון דעם באַשאַף פון דעם מענטשן“ (בראשית רבה, פּרשת כד, ב).

מיר מעגן עס דערקלערן אויף אַזאַ מין אופן: אין אָנהויב האָט דער מענטש געהאַט ווייניק פאַרשטענדעניש און וויסן צו דערקענען גאָט. וואָס מער וויסן דער מענטש האָט אָנגעקליבן, אַלץ גרעסער איז געוואָרן גאָט. די ידיעות, וואָס דער מענטש האָט דערוואָרבן וועגן דער נאַטור אַרום אים און וועגן די וועלטן איבער אים, זיין פאַרטיפן זיך אין זיין אייגענער פאַרפלאָנ־טערטקייט, זיין באַקאַנטשאַפט מיט דעם מעכאַניזם פון גוף — דאָס אַלץ גיט אים מער יכולתן זיך צו דערנענטערן צום טראַנסצענדענטאַלן פאַרשטאַנד. וואָס מער דער מענטש אַנטוויקלט זיך, אַלץ נענטער ווערט ער צום ציל — צו פאַר־שטיין דעם כוח, וואָס איז אויסער די חושים.

צו וואָס קען מען עס צוגלייכן? צו אַ כלי, וואָס דער מענטש האָט געשאַפן, לאָמיר זאָגן — אַ טיש. אין יעדן טיש, אין יעדער כלי ליגט דאָך דער

מענטשלעכער פאַרשטאַנד. דער טיש, אַ טויטער קעגנשטאַנד, קאָן ניט באַ־נעמען דעם תכלית זיינעם און זיין אָרט אין דעם מענטשנס סביבה. אָבער לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז דעם מענטשן איז געלונגען אַריינצוגעבן אין טיש אַ טייל פון זיין אייגענעם באַנעם פון דעם תכלית פון טיש. דער טיש, ווי אַ דומם, הויבט אָן ביסלעכווייז צו באַנעמען זיין באַשעפער און זיין אייגענעם אָרט אין באַשעפערס פּלאַן. וויפל יאָרן וואָלט גענומען דעם זעלביקן דומם צו פאַרשטיין זיין אמתע ראָלע אין שטוב און נאָך מער זיין ראָלע אין דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע? ער וואָלט זיך געדאַרפט באַקענען מיט טויזנטער און טויזנטער קעגנשטאַנדן און מיט הונדערטער סביבות.

לאָמיר דעם משל אָנווענדן אויף דעם מענטשן. מיר האָבן אַריינגעקראָגן, אָדער געקראָגן, די יכולת אויפצונעמען דעם געדאַנק, אַז עס איז פאַראַן אַ תכלית אין דער יצירה. מיר זיינען אָבער באַגרענעצט דורך די אייגענע חושים קעגן דעם באַשעפער, ווי דער טיש אַנטקעגן דעם מענטשן. מיר כאַפּן אַמאָל אַ בליק אין דעם בלענדנדיקן ליכט, אַן אָפּגלאַנץ פון דער אייביקייט, אַ שטיקעלע אמת, און מיר ווערן נאָך מער צעטומלט פון אונדזער ביסעלע וויסן.

אונדזער זוכן גאָט איז זייער ענלעך צו די פּרוּוון אין די פּאָזיטיווע וויסנשאַפטן. מיר לעבן דורך מער דורכפאַלן ווי דערפאָלגן, אָבער מיר האָבן עפּעס דערגרייכט. מיר האָבן אויסגעפונען אַ סך סודות פון דער נאַטור. אין זוכן גאָט דאַרפן מיר אויך זיין גרייט אויף די זעלביקע ראַנגלענישן, מיר דאַרפן זיין אָנגעגורט מיט געדולד, פרייען זיך מיט אונדזערע דערגרייכונגען, ניט זיין צופרידן מיט די דערפאָלגן און ניט ווערן אַנטוישט פון די דורכפאַלן. מיר דאַרפן אין זוכן גאָט באַטראַכטן, ווי אין דער וויסנשאַפט, יעדער דער־גרייכונג ניט ווי אַ דאָגמע, נאָר ווי אַן עטאַפּ פאַר ווייטערדיקע זוכענישן פון דעם אמת. אַלע ספיקות, אומפאַרשטענדלעכקייטן, דורכפאַלן, פאַלשע באַגריפן און הנחות דאַרפן ניט זיין קיין סיבות פאַר כפירה, נאָר אַ טרייב־קראַפט פאַר ווייטערדיקע זוכענישן, מיט דער האָפענונג, אַז אַמאָל וועלן מיר אָנקלייבן אַזוי פיל וויסן, אַז מיר וועלן קאָנען, אין צוקונפטיקן ווייטן אַמאָל, אַרויפנעמען גאָט מיט קלאָרע, שכלדיקע און פּאָזיטיווע באַווייזן, ווי די אַמאָליקע גאָט־זוכער מיט זייער דמיון און מיט זייער אינטואיציע.

דאָס איז אונדזער איצטיקע דערקלערונג פון התגלות. אַזאַ אויפנעם וועט אין אונדז פאַרשטאַרקן די אמונה. וואָס מער מיר וועלן אויסגעפינען די סודות פון דער נאַטור, וואָס מער מיר וועלן דערגרייכן אין דער וויסנשאַפט, אַלץ שטאַרקערע מאמינים וועלן מיר ווערן.

# די אַבסאָלוטע רעאַליטעט

עס זיינען פאַראַן תקופות אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, וואָס גאָטס פנים איז פאַרהוילן פון אונדז. מיר זעען אים ניט און מיר פאַרנעמען ניט זיין אַקטואַלקייט. גאָט וואָס דאַרף זיין אַ העלפער ווערט „אַ גאָט וואָס פאַרבאָרגט זיך". אין אָט די דאָזיקע צייטן פון דער מענטשלעכער געשיכטע פרעגן מיר אָפּ די קלוגשאַפט און אַפילו דעם יושר פון גאָט: „מאָדנע איז זיין טואונג, פרעמד איז זיין אַרבעט" (ישעיה כח, כא). זיינע וועגן קוקן אויס פאַר אונדז אַזוי רעטעניש דיק, אַז מיר מיינען אַז די וועלט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דעם אונטערדריקער און אונטער דער ממשלה פון דעם אַכזר. עס איז לית דין ולית דיין — עס איז ניטאָ קיין געזעץ און עס איז ניטאָ קיין ריכטער. ערשט אַ צייט שפּעטער זעען מיר ווי גערעכטיקייט זיגט. דאָס איז וואָס דער נביא האָט געזאָגט: „באמת דו ביסט אַ גאָט, וואָס דו פאַרבאָרגסט זיך, דו גאָט פון ישראל, דו העלפער" (דאָרט מה, טו).

פאַראַן אויך צייטן וואָס די באַרירונג צווישן דער ערד און הימל ווערט אָפּגעשניטן צוליב די מעשים פון מענטשן. דער פּסוק דערציילט וועגן דער תקופה פון עלי: „און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען אַ זעלטנקייט אין יענע טעג" (שמואל־א ג, א). זאָגט דער מדרש: „איבער דעם וואָס זיי פלעגן ליגנערן צו גאָט און געדינט צו עבודה־זרה האָט ער זיי אויסגעהונגערט פון רוח הקודש" (רות־רבתי, פּתיחתא, ב). דער אָפּהאַלט צו דערנענטערן זיך צו גאָט איז געקומען פון די מענטשן, פון די איינוואוינער פון אונדזער ערד. די זינד פון יענעם דור איז געווען אַזוי גרויס, אַז די לופט איז געוואָרן ווי געדיכט און איז געוואָרן אַ מחיצה צווישן הימל און ערד. עס ווערט געזאָגט אויף די בני־עלי, אויף די מנהיגים פון יענער צייט: „לא ידעו את ה'" (שמואל־א ב, יא) — זיי האָבן ניט געוואוסט גאָט, ניט געקאָנט גאָט. אויף לשון־קודש מיינט דער ווערב „ידע" — זיין נאָענט, קומען אין ממשותדיקער באַרירונג. עס איז ניט געווען קיין שום באַרירונג, התקרבות, שייכות פון גאָט צו מענטש אין יענער צייט. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז עס איז אונטערגעוואַקסן שמואל. ער איז שוין געקומען אין התקרבות מיט גאָט —„ידע את ה'" (דאָרט ג, ז) ווערט אויף אים געזאָגט (בובער).

עס איז איצט אַ תקופה פון ביידע דערשיינונגען: עס זעט אויס ווי גאָט

האָט פאַרבאָרגן זיין פּנים פון אונדז. מיר זעען אים ניט און פאַרנעמען ניט זיין אַקטואַליטעט. ער האָט פאַרבאָרגן זיין פּנים פון אונדז. דערפאַר קוקט אויס ווי די הנהגה פון דער וועלט איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער ממשלה פון דעם אַכזר און עס איז לית דין ולית דיין. שלעכטס ווערט פאַררעכנט פאַר גוטס און גוטס פאַר רשעות. מיר האָבן אָנגעהויבן אויך דינען עבודה־זרה און די לופט פון דער וועלט איז ממש געוואָרן געדיכט און עס האָט זיך געשאָפן, צוליב אונדזערע מעשים, אַ מחיצה צווישן הימל און ערד. מיר דינען נייע עבודה־זרות: מיר פאַרגעטערן דעם פירער, דעם מושל; מיר האָבן געמאַכט אַ געץ פון דעם מדינה־שטאַט, מיר היטן אָפּ מיט דער ריגאָריסטישקייט פון געצנדינערישן ריטואַל די דאָגמע פון דער פּאַרטיי.

מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון גאָט, ווייל די אויפקלערונג, די השכלה האָט אונדז געלערנט, אַז אמונה איז אָבערגלויבן. אָבער באמת, די וואָס האָבן באַקעמפט אמונה האָבן ניט באַוויזן צו פאַרלייקענען גאָט. פון עדוואַרד גיבסאָן, בערטראַנד ראָססל ביז אונדזערע משכילים האָבן זיי אַלע אין תוך באַקעמפט די פאָלקס־רעליגיע, וואָס האָט פאַרגעשטעלט נאָר אַן אַנטראָפּאָמאָרפישן גאָט ווי דעם מושל פון דער וועלט.

די גאַנצע גאָט־דערקענונג און די עבודה צו אים, וואָס די מנהיגים האָבן איינגעפירט פאַר אינסטיטוציאָנעלער רעליגיע, און וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער געזעלשאַפטלעכער קאָנקרעטיזאַציע, איז געווען אויף דער שפּלדיקער מדרגה פון המון. יאָ, דאָ און דאָרט זיינען אין דער פאָלקס־רעליגיע געבליבן שפּורן פון דער עצם אידייע פון דער דערהויבנקייט און גרויסקייט פון שעפער, אָבער בדרך־כלל איז די עבודה געווען אויף דעם שטאַפּל פון אַ בייזן און שטרענגן מושל: שרעק און דראָאונג. באַלוינונג פאַר הכנעה און פאַר אַליינ־דערנידערונג, פאַר אַ בייזן טיראַן פון הימל, וואָס מען דאַרף אים אַלעמאָל חנפענען. די אויספירונג און פאָלגן פון אַלע געבאָטן און מצוות האָבן געהאַט אַ קרעמערשן חשבון, טיילוויז באַלוינונג אויף דער וועלט מיט גאָר אַ שטאַרקן אָנשפּאַר אויף יענער־וועלט. ביחוד האָט מען איינגעפירט אַ באַגרענעצטן אופן פון טראַכטן — עד כאן: ביז דעם גרענעץ מעגסטו טראַכטן און ספּעקו־לירן, ווייטער טאָרסטו ניט גיין.

די אויפקלערונג, די השכלה, מיט דער הילף פון דער פּאָזיטיווער וויסנ־שאַפט האָבן געהאַט אַ גרינגע אַרבעט אומצואוואַרפן דעם דאָזיקן בנין. אָבער די עצם פראַגע פון מציאות הבורא, ניט פון קיין אַנטראָפּאָמאָרפישן גאָט, איז קיינמאָל ניט אָפּגעפרעגט געוואָרן און קאָן ניט אָפּגעפרעגט ווערן. אינסטי־טוציאָנעלע רעליגיע איז אויסגעלאַכט געוואָרן און פאַרמיאוסט געוואָרן. אָבער

וויבאלד אַז די אַנטראָפּאָמאָרפישע גאָט־דערקענונג איז בעצם געבליבן ביים מענטשן, איז די אמונה אין גאָט טראַנספאָרמירט געוואָרן אויף דער געצנ־דינעריי פון שטאַט, פירער און דאָגמע פון פאַרטיי. די דינסט צו די נייע געצן איז געבליבן ווי פריערדיקע דינסט צום אַנטראָפּאָמאָרפישן גאָט: שרעק און דראָאונג, צוזאָג פאַר בלינדן פאָלגן און אַלײנדערנידערונג, חניפה און הכנעה צו דער דאָגמע. ועל כולם, אַ גרענעץ צום פרייען טראַכטן: דו מעגסט ספּעקולירן וויפל דיין האַרץ גלוסט אין די גרענעצן פון דער דאָגמע. אויסער דער דאָגמע איז כפירה, אַפּיקורסישקייט, וואָס מוז שטרענג באַשטראָפט ווערן.

די נייע רעליגיעס זיינען גרויזאַמער און אַכזריותדיקער צו די אָפּנויגער ווי די אַלטע רעליגיעס. די אַלטע רעליגיעס זיינען טיילווייז געוואָרן סקעפּטיש און קליגער דורך דער דערפאַרונג פון דורות, זיינען זיי געוואָרן טאָלעראַנט. זיי האָבן געקאָנט ווערן טאָלעראַנט און ניט באַשטראָפן קיין כופרים אויף דער וועלט, ווייל זיי האָבן געהאַט אַ יענע־וועלט מיט אַ גיהינום מיט אַלע אַכזריותן. אָבער די ערשט אויפגעקומענע אמונות, רעליגיעס, ווי ניט קיין דערפאַרענע און נאָך מער ווי טיף גלויביקע אין זייער אמת, און דערצו אָן אַ גיהינום אויף יענער־וועלט, זיינען געוואָרן שוידערלעך אומטאָלעראַנט. זיי באַשטראָפן אויף דער וועלט: שיסן, מאַטערן, פאַרשיקן, אויסהונגערן, חרם און האַלטן קינדער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די זינד פון די עלטערן און עלטערן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די זינד פון די קינדער. די גאָט־אידייע איז פאַרביטן געוואָרן אויף דעם גאָט־מענטש, אָדער גאָט־מדינה.

דער באַשטאַנד פון גאָט איז ניטאָ אין אונדזער איצטיקער געזעלשאַפט. גאָט אָדער אַפילו געטלעכקייט ווערט ניט אַריינגערעכנט און אַריינגענומען אין חשבון פון אונדזערע מעשים און הנהגה. דערפאַר דווקא איצט, ווען דער געוויינטלעכער מענטש האָט דערפילט זיין וויכטיקייט און פאָדערט זיין טייל פון דער וועלטס באַקוועמלעכקייטן און גיטער, איז דער יחיד געוואָרן אַלץ ווייניקער חשוב. אין צענטער פון דער געזעלשאַפט שטייט דער קאָלעקטיוו, דער שטאַט, די רעגירער פון דער שעה. און דער יחיד איז ניט מער ווי דאָס מיטל פאַר דעם צוועק. דער אויפשטייג פון דעם מאַסע־מענטש האָט בעצם דערנידעריקט דעם מענטשן. „די חשיבות פון דעם מענטשן איז אָפּגעווישט געוואָרן און די שטאָלץ פון דעם מענטשן איז דערנידעריקט געוואָרן"; „געבויגן איז געוואָרן דער מענטש, דערנידעריקט איז געוואָרן דער חשובער מענטש" (ישעיהו ד, טו).

דאָס פאַרלייקענען פון גאָט איז ראשית אַ סכנה, ווייל עס איז ניטאָ קיין

מאָטיווירונג פאַר קיין עטישער הנהגה. די וויסנשאַפטלעכע פילאָזאָפן ווייזן אונדז אָן, אַז דער מקור פון עטישקייט ליגט אין אונדזער אופן פון אויפגעהאָדעוועט ווערן און די איינקריצונג אין אונדזער זכרון די געשטאַלטן פון אונדזערע עלטערן. אויך דער צוואַנג פון דער געזעלשאַפט אויפצוהאַלטן דעם קאָלעקטיוו איז נאָך אַ מקור (רייכענבאַך האָנט: „דהי רייז אָוו סייענטיפיק פילאָסאָפי‟, ז' 285). קאָן עס זיין אַ גענוגנדיקע מאָטיווירונג פאַר דעם יסוד פון עטיק? שנית, אַלע טעאָריעס פון אָפּזאָגן זיך פון גאָט, פון דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט, זיינען פאַרבונדן מיט דעם געדאַנק פון אַ ניסימדיקן צופאַל פון דעם וועלט־באַשאַף. בעסער נאָך פון אַ גאַנצער קייט פון ניסימדיקע צופאַלן, וואָס האָבן פאַראורזאַכט דעם אויפקום פון דער וועלט. מיר מעגן אויסלאָזן אַלע פילאָזאָפישע באַווייזן פון דער עקזיסטענץ פון גאָט, ווייל יעדע טעאָריע קאָן אָפּגעפרעגט ווערן על פי שטרענגער לאָגיק. די אָנטאָלאָגישע און טעלעאָלאָגישע טעאָריעס וואָס זיינען געוועזן אָנגענומענע אמתן זיינען אָפּגעפרעגט געוואָרן. אויך די כפירה־טעאָריעס קאָנען אָפּגעפרעגט ווערן. בלייבט נאָר דער פשוטער שכל הישר פון אונטערשיידן צווישן אומזין און ניט פאַרשטיין.

ווען מיר זעען אָן אוניוועק, אָדער אָפילו אַ פשוטן טעלעוויזיע־אַפּאַראַט, קאָנען מיר זאָגן אָפּנהאַרציק: „מיר פאַרשטייען ניט פאַרוואָס און ווי אַזוי עס אַרבעט‟. אָבער ווען איינער וועט קומען און אונדז פאַרזיכערן, אַז די אוניוועקמאַשין, אָדער דער טעלעוויזיע־אַפּאַראַט האָט זיך אַליין באַשאַפן, דעמאָלט וועלן מיר זאָגן: „עס איז אַן אומזין‟. ניט פאַרשטיין מיינט ניט פאַרלייקענען שעפערישקייט. אומזין מיינט פשוט אוממעגלעך עס אָנצונעמען. ווען מיר קוקן זיך צו מיט אָפענע אויגן צו דער וועלט און זעען דעם וואונדערלעכן באַשאַף; ווען מיר באַטראַכטן די הנהגה פון דער וועלט איז גאַנץ באַרעכטיקט צו זאָגן: „מיר פאַרשטייען ניט איר אויפקום און מיר פאַרשטייען ניט איר הנהגה‟. אָבער מיר קאָנען צוגעבן, אַז עס איז גאַנץ מעגלעך אַז עס איז דאָ אַ זין און אַ שכל און אַפילו אַ תכלית פאַר דער וועלט, נאָר מיט אונדזער באַגרעניצטן וויסן קאָנען מיר עס איצט ניט באַנעמען. הונדערטער אָדער אפשר טויזנטער יאָרן שפּעטער וועלן מיר אפשר אויסגעפינען. ווען מיר וועלן אַפילו קיינמאָל ניט אויסגעפינען אַלע סודות, דאָך איז עס ניט קיין אומזין. אָבער גאָר אַנדערש איז ווען מען נעמט אָן די הנחה, אַז די וועלט איז אַ צופעליק געשאַפענע, דעמאָלט בלייבט דער באַשאַף אַן אומזין, וואָס עס איז ניט שייך צו זוכן און פאַרשן די סודות, ווייל די סודות זיינען גאָרנישט ניט ווערט. עס איז דאָך געוועזן אַ צופאַל. אַ צופאַל האָט קיינמאָל ניט קיין זין און קאָן ניט האָבן קיין זין. בעצם מעג מען עס צעשטערן און גאַנץ מעגלעך עס זאָל

צעשטערט ווערן דורך אַ צופאַל. אויך אויפהאַלטן אַ געזעלשאַפט איז ניט מער ווי אַ קאַפּריזנער צופאַל, וואָס מען קאָן גאַנץ באַרעכטיקט פאַרלייקענען.

דער געדאַנק פון שעפּערלאָזער וועלט און אַ צופעליק אויפקומענדיקער קאָסמאָס איז לויט דעם מענטשלעכן שכל און באַנעם זינלאָז און ניט אָננעמיק. כדי צו קאָנען לעבן און קאָנען האָבן ספקות און זעען אין לעבן אַ זין און אַ מאָס שיינקייט מוז מען קומען צו דער הנחה פון דער עקזיסטענץ פון אַן אַבסאָ־לוטער רעאַליטעט. אָנרופן מיט אַ פּשוטן נאָמען — גאָט.

* * *

פאַר דעם גלויביקן איז אָבער די מציאות פון גאָט אַ פּראָבלעם פון וויר־קונג. די פאָלקס־רעליגיע, וואָס נעמט אויף גאָט אַנטראָפּאָמאָרפיש, איז גאָט אַ לעבעדיקע רעאַליטעט, וואָס ווירקט אויף דעם מענטשנס טאָג־טעגלעכן לעבן. ער איז אַן אָנשפּאַר אין אַן עת־צרה און אַ טרייסט אין אַ צייט פון צער. אָבער ווען מ׳נעמט אויף גאָט ווי אַן אידייע, ווי אַן אַבסטראַקציע, וואָס איז זיין שייכות צום מענטשן און וואָס איז די שייכות פון מענטשן צו אים? עס איז אָבער ניטאָ קיין אַנדער וועג פאַרן אמתן גלויביקן ווי אויפנעמען גאָט אויף דעם אופן ווי דער רמב״ם האָט אים באַגריפן און ווי שפּינאָזע האָט אויסגעטייטשט דעם רמב״מס באַגריף.

זאָגט דער רמב״ם:

„וויבאַלד אַז עס איז קלאָר אַז ער האָט ניט קיין גוף און קערפּערלעכע פאָרם, איז דאָך קלאָר אַז ער האָט ניט די אייגנשאַפטן פון גופים: ער האָט ניט קיין באַהעפטונג און קיין צעטיילונג, ניט קיין אָרט און ניט קיין מאָס, ניט קיין שטייגן און ניט קיין אַראָפּפאַל — ירידה, ניט קיין רעכטס און ניט קיין לינקס, ניט קיין פאָדערטייל און ניט קיין הינטערטייל, ניט קיין זיצן און ניט קיין שטיין. ער געפינט זיך ניט אין צייט, וואָס מען זאָל וועגן אים זאָגן אַז ער האָט געהאַט אַן אָנהויב און וועט האָבן אַ סוף און אַ ציילונג פון יאָרן. ער ענדערט זיך ניט, ווייל ער האָט ניט די אייגנשאַפטן, וואָס זאָלן פאַראורזאַכן ביי אים אַן ענדערונג. עס איז ניט שייך וועגן אים קיין טויט אָדער לעבן, ווי עס קאָן אָנגעווענדט ווערן אויף אַ לעבעדיקן גוף. ער האָט ניט קיין קלוגשאַפט אָדער נאַרישקייט, אין דעם באַגריף פון חכמה ווי ביי אַ קלוגן מענטש; ניט קיין שלאָף און ניט קיין וואַכקייט, ניט קיין כעס און ניט קיין געלעכטער, ניט קיין פרייד און ניט קיין טרויער, ניט קיין שוויגן און ניט קיין ריידן, ווי די רייד ביי אַ מענטשן. אַזוי האָבן געהאַלטן אונדזערע חכמים (חגיגה טו, א) ׳פאַר אים איז ניט שייך ניט קיין זיצן און ניט קיין שטיין, ניט קיין מידקייט, אָדער באַוועגונג׳.״ (רמב״ם, יד החזקה, הלכות יסודי התורה, פרק א, הלכה יא).

שפּינאָזע דערמאָנט ניט דעם רמב״ם. אָבער זיין זיבצנטע פּראָפּאָזיציע אין פינפטן בוך פון זיין „עטיקס״ איז באמת נאָר אַ פּועל־יוצא פון דעם רמב״מס געדאַנק. דערקלערט שפּינאָזע:

„גאָט איז אָן שום ליידנשאַפט, אויך קאָן ער ניט באַווירקט ווערן פון וועלכע עס איז עמאָציעס, סיי פון פאַרגעניגן אָדער צער״.

פאַר דעם גלויביקן, וואָס זוכט גאָטס התקרבות און וויל דערפילן אים ווי אַ רעאַליטעט אין זיינע טואונגען, קאָן אָט דער געדאַנקען־גאַנג וועגן גאָט זיין אַ גרויסער שטער. ראשית, וויבאַלד גאָט קאָן ניט באַווירקט ווערן און קאָן זיך ניט ענדערן איז ווי אַזוי קאָנען מיר דערקענען און וויסן זיין מציאות? ער האָט זיך צו קיינעם ניט געקאָנט באַווייזן, ער קאָן קיינמאָל צו קיינעם ניט נתגלה ווערן. זיין אַנטפּלעקן זיך וואָלט דאָך געמיינט אַ שינוי, אַן ענדערונג. לויט אָט דער דאָזיקער הנחה, אָדער השגה, פון גאָט קומט דאָס אויס, אַז אַלע דערפאַרונגען פון די גלויביקע וועגן גאָט־דערקענונג זיינען אָדער אילוזיעס אָניט אַליינאָפּנאַרעריי.

שנית, לאָמיר צוגעבן, אַז ניט געקוקט אויף אַלע אָפּפרעגונגען איז דאָך בנמצא דער אַבסטראַקטער גאָט, איז וואָס פאַר אַ ווערט איז ער פאַר אונדז? וויבאַלד אַז ער קאָן ניט באַווירקט ווערן, דורך זעליקער התקרבות, דורך תפילה אָדער דורך עטישער האַנדלונג, ווייל עס וואָלט דאָך אים געשען אַ שינוי, קאָן ער דאָך אויך ניט באַווירקן, ווייל דאָס איז דאָך אויך אַ שינוי, איז ער דאָך אַ בלינדער געץ. ער איז ניט קיין „אלקים אמת, אלקים חיים״ (ירמיהו י, י). ער איז ניט קיין אמתער גאָט, קיין לעבעדיקער גאָט — ווי די נביאים האָבן אים געזען און באַגריפן. אַזאַ גאָט איז באמת אַ טויטער גאָט, ער קאָן ניט זיין קיין כוח אין סאָציאַלן לעבן און איז אַ ווערטלאָזע נישטיקייט אין לעבן פון יחיד.

אָבער עס איז דאָ נאָך אַ מאמר, אַ הלכה פון רמב״ם, וואָס ער האָט עס גענומען פון אַ גריכישן מקור און פאַריידישט, וואָס גיט אַ זיבען צום אַב־סטראַקטן גאָט־באַגריף און מאַכט דעם כביכול פאַר אונדז אַן „אלקים חיים״ — אַ לעבעדיקן גאָט. זאָגט דער רמב״ם:

„וואָס איז די פּאַסיקע ליבע (צו גאָט)? ער, דער מענטש, זאָל ליב האָבן גאָט מיט אַ גרויסער, שטאַרקער ליבע אַזוי, אַז זיין זעל זאָל זיין צוגעבונדן אין גאָטס ליבשאַפט, און ער זאָל זיין אַריינגעטאָן אין איר שטענדיק אָט אַזוי ווי איינער איז קראַנק פון דער ליבע צו אַ פרוי. אָט דער איז זיין געדאַנק קיינמאָל ניט פריי פון דער ליבשאַפט צו דער פרוי וואָס ער איז פאַרליבט. ער טראַכט פון איר שטענדיק, סיי ווען ער זיצט, סיי ווען ער שטייט אויף, סיי

ווען ער עסט און סיי ווען ער טרינקט. מער פון דעם דאַרף זיין די ליבשאַפט פון גאָט אין דעם האַרץ פון די וואָס האָבן אים ליב, וואָס טראַכטן פון אים שטענדיק, אַזוי ווי מען האָט אונדז אָנגעזאָגט: ׳מיט דיין גאַנצן האַרץ און מיט דיין גאַנצער זעל׳ (דברים ו, ה), און דאָס איז וואָס שלמה המלך האָט געזאָגט מיט אַ משל: ׳ווייל איך בין קראַנק פון ליבשאַפט׳ (שיר השירים ב, ה), און גאַנץ שיר השירים איז ניט מער ווי אַ משל וועגן דעם דאָזיקן געדאַנק״ (הלכות תשובה פרק עשירי, הלכה ג).

אָט דער דאָזיקער משל גיט אַ באַשייד און אַ וועג צו באַנעמען גאָט אויף דעם ריכטיקן וועג. דער עיקר געדאַנק איז, אַז ניט קיין באַווירקטער ווערן, אויב עס איז נאָר בנמצא, קאָן זיין און ווערן אַ דינאַמישער און אַקטיווער פאַק־טאָר אין אַ מענטשנס לעבן.

ווען אַ מאַן האָט ליב אַ פרוי, ווערט ער פון איר באַווירקט ניט נאָר ווען ער רירט זי אָן פיזיש אָדער ווען ער זעט זי. ער ווערט באַווירקט פון איר ווען זי איז ניט דערביי און ווען זי איז אַפילו ניט חושד, אַז ער טראַכט פון איר. „זיין געדאַנק איז קיינמאָל ניט ליידיק פון ליב האָבן זי — שאין דעתו פנויה מאהבה אותה״. לאָמיר געבן אַ בעסערן ביישפיל. ער זעט זי אַ שלאָפּיקע און אָן אָפּגעדעקטע. ער זעטיקט זיינע אויגן מיט איר אָפּגעדעקטקייט, פאַר־מאַכט די טיר און גייט אַוועק. זיינע בלוטן זידן אויף. זי איז אָבער ניט באַווירקט געוואָרן. אין איר איז ניט פאָרגעקומען קיין שום ענדערונג סיי עמאָציאָנעל אָדער פיזיש. ער האָט זי ניט אָנגערירט. דאָך איז ער געענדערט געוואָרן ניט נאָר עמאָציאָנעל נאָר אויך פיזיש. עס איז געשען אַ מאָמענטאַלע אָדער לענגערע ענדערונג אין זיינע אברים, ניט אין איין אבר, נאָר אין גאַנצן קערפּער: דאָס האַרץ האָט שנעלער אָנגעהויבן צו קלאַפּן, דער פּולס האָט זיך פאַרגרעסערט און דערנאָך פאַרקלענערט. אַפילו די הויט פון זיין גוף איז באַווירקט געוואָרן.

מיר ווערן בכלל באַווירקט פון אַ סך זאַכן, וואָס זיינען עמאָציאָנעל אומ־מעגלעך צו באַווירקט ווערן פון אונדז, אָדער מיט עפּעס וואָס געענדערט ווערן. מיר ווערן באַווירקט פון אַ שיינער לאַנדשאַפט, וואָס ענדערט זיך ניט וויפל מיר זאָלן ניט קוקן אויף דעם. מיר ווערן באַווירקט פון רעקאָרדירטער מוזיק, געדרוקטער ליטעראַטור, וואָס בלייבט ניט געענדערט וויפל מענטשן זאָל עס ניט הערן אָדער לייענען.

דאָס געטלעכע, אָדער דאָס געטלעכקייט, וואָס איז דער שעפער פון קאָס־מאָס, די אַבסאָלוטע רעאַליטעט איז אַ ווירקנדיקער כוח אויף דער וועלט. דער שעפער, גאָט, האָט אַ השפעה אויף דעם מענטשן, וואָס זוכט און גאַרט צו אים.

ער, דער כביכול, אַקטיוויזירט דעם כוח און די השפעה פון דעם כוח אין מענטשן אויף וויפל דער מענטש גאַרט נאָך אים, זוכט אים און זעט אים, אָדער איז באַוואוסטזיניק וועגן אים. דער מענטש ברענגט אַראָפּ גאָט פון הימל אויף דער ערד צו זיך. אין אונדזער לשון, וואָלט איך געזאָגט, אַז גאָט, די אַבסטראַקציע, די אַבסאָלוטע רעאַליטעט, די אידייע ווערט קאָנקרעט פאַר דעם מענטשן דורך אים, דורך דעם מענטשן. אַן אָנדייט אויף דעם דאָזיקן געדאַנק איז דער מאמר אין ספרי: „עד שלא בא אברהם אבינו לעולם, כביכול לא היה הקב״ה מלך אלא על השמים בלבד. אבל משבא אבינו אברהם לעולם המליכו על השמים ועל הארץ״ — אײדער אברהם אבינו איז געקומען אויף דער וועלט איז דער אויבערשטער געווען מלך נאָר אין הימל. אָבער ווען אברהם אבינו איז געקומען האָט ער אים געמאַכט צו קיניגן אויף די הימלען און אויף דער ערד (ספרי, האזינו, שיג). עס מיינט אַן גלויביקע איז ניטאָ קיין באַוואוסטזיניקע השפעה אויף מענטשן. גאָט איז ניטאָ אויף דער וועלט, סיידן אַז עס זיינען דאָ מענטשן וואָס באַנעמען אים.

ווען עס איז דאָ גאָט־דערקענונג, דעמאָלט קאָן מען טראַכטן פון דעם אופן פון מתקרב זיין זיך צו אים. אַוודאי. דער דורכשניטלעכער מענטש וואָס נעמט אויף גאָט אויף אַן אַנטראָפּאָמאָרפישן אופן, קאָן נאָר שאַפן פאַר זיך אַ סופּער־טאַטן און וועט קאָנען זיך מתקרב זיין צו אים נאָר דורך חניפה און הכנעה, דערנידערונג פון זיין זיך. אָבער דאָס איז ניט דער איינציקער און בעסטער דרך פון התקרבות צו אים. דער עיקר איז זיין דערקענונג. דער אופן פון התקרבות איז לויט דער גייסטיקער ניוואָ פון דעם דור.

# סתירות און ספקות

מיט אונדזער גרייטן סידור,
מיט געזאַנגען פון אַמאָליקע פּאָעטן
קיין אייגענע תּפילות
צו דיין אומעטיק געצעלט
האָבן פון אונדז נישט אַרויסגעקוועלט,
מיר, די גלויביקע אַנאַלפאַבעטן.

(יעקבֿ גלאַטשטיין, „וואָס אַ יאָר")

אינטעלעקטואַל פאַרשטיי איך און באַנעם די מוזיקייט פון כביכול מציאות. על־פּי שכל קאָן איך ניט אויפנעמען דעם באַשאַף אָן זיין עקזיסטענץ. עמאָציאָנעל אָבער ווער איך ניט אויפגערירט פון זיין בנמצאָדיקייט. הלוואי וואָלט עס געווען פאַרקערט. איך וואָלט געווען אַ סך רואיקער און צופרידענער. אָבער דאָס איז דער גורל פון מיין דור.

אַן אַנאַלאָגיע איז ניט קיין וויסנשאַפטלעכער באַווייז, אָבער אַזוי ווי אַ מעטאַפאָר אין פּאָעזיע מאַכט קלאָרער און פאַרשטענדלעכער אַן אַבסטראַקציע, אַזוי קאָן אָפט אַן אַנאַלאָגיע זיין ניצלעך אין לאָגיק אָנצונעמען אַן אידייע, וואָס מען קאָן ניט דערווייזן איר ריכטיקייט וויסנשאַפטלעך.

איך וויל כאַפּן דעם זינען פון לעבן דורך אַן אַנאַלאָגיע. אַ דראַמאַטורג שרייבט אָן אַ דראַמע. אין דער דראַמע באַטייליקן זיך אַלערליי כאַראַקטערן: גוטע און שלעכטע, געזונטע און קראַנקע, נאָרמאַלע און אַבנאָרמאַלע, ליידנשאַפטלעכע און שטילע, דינאַמישע און סטאַטישע טיפּן. אויף איין געשטאַלט גיסן זיך אויס אַלע צרות פון דער תּוכחה, און אַן אַנדער געשטאַלט איז גליקלעך; איינער איז אַ קלוגער, דער צווייטער איז אַ נאַר; איינער ווערט געליבט, דער אַנדערער ווערט קיינמאָל ניט געליבט. די געשטאַלטן באַזונדער פאַרשטייען ניט פאַרוואָס זיי זיינען אַזוי און ניט אַנדערש. אָבער דער דראַמאַטורג האָט געהאַט אַ „פאַרוואָס" פאַר יעדן געשטאַלט.

די אַנאַלאָגיע אָבער הינקט אונטער. כּל־זמן די אַלע כאַראַקטערן אין דער דראַמע זיינען ניט מער ווי אויפן פּאַפּיר און לעבעדיקע מענטשן פאַרשטעלן זיך און שפּילן די געשטאַלטן אין אַ באַגרענעצטער צייט, האָט די דראַמע און אירע העלדן אַ זינען, אַ שפּיל אַזאַ. ווען אָבער די העלדן וואָלטן געוואָרן לעבעדיק, ווען יעדער איינער פון זיי וואָלט געדאַרפט לעבן, אַזוי ווי דער

דראַמאַטורג האָט אים אויסגעמאָלט, וואָלט דאָס לעבן פון דעם געשטאַלט געוואָרן זינלאָז. צופעליק נאַר איז ער אַ נאַר, אַ קראַנקער, אַ כעסן. ער האָט דאָך געקאָנט זיין אַנדערש.

נאָך מער הינקט אונטער די אַנאַלאָגיע דערמיט, וואָס די העלדן פון דער דראַמע קאָנען ניט האָבן קיין טענות צום דראַמאַטורג, ווייל ער האָט זיי באַשאַפן בלויז פאַר זיך. ער האָט פאַר זיי ניט איינגעשטעלט קיין זעלבסטשטענדיקע געזעלשאַפט וואָס זיי, די העלדן, דאַרפן פאַרמירן. מיר אָבער, וואָס די וועלט איז אונדז געגעבן געוואָרן, קאָנען און דאַרפן פאָדערן פון דעם באַשאַפער דין־וחשבון: צוליב וואָס די לידן? צוליב וואָס דער שווידערלעכער געראַנגל? סיידן מיר זאָלן אָננעמען, אַז אויך מיר זיינען ניט מער, ווי דער קאַפריז פון אַ באַשאַפער. איז טאַקע אונדזער לעבן אַ פועל־יוצא פון איינעם, וואָס האָט זיך געוואָלט פאַרוויילן מיט אַ שפיל? אויב אַזוי, וואו זשע איז די באַרעכטיקונג פאַר אַן עטישער מאָטיווירונג? אָן אַן עטישער מאָטיווירונג קאָן דאָך דאָס לעבן ניט אָנגיין.

מען קאָן ברענגען אַן אַנדער משל. דער מענטש קאָן ניט האָבן קיין טענות צו אין־סוף, צו דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט, ווייל דעם מענטשנס טענות האָבן ניט קיין שייכות ניט צום פּלאַן פון דער יצירה און ניט צום ציל פון דער יצירה. דעם מענטשנס טענות זיינען שלא מן הענין. צו וואָס קאָן מען עס פאַרגלייכן? צו איינעם, וואָס וויל לייענען אַ בוך לידער. ער גייט צום ספרים־אַלמער און נעמט אַרויס אַ בוך. ערשט עס איז גאָר אַ בוך פּראָזע אָדער גאָר אַ טעקסט־בוך. קאָן ער דען האָבן טענות צום בוך, אַז עס האָט אים אָפּגענאַרט? דאָס בוך פּראָזע, אָדער דאָס טעקסט־בוך האָט ניט געהאַט קיין שום שייכות צום מענטשנס ווילן לייענען אַ בוך לידער. אָט אַזאַ שייכות קאָן זיין האָבן אונדזערע טענות און תביעות צום באַשאַפער און צו זיין באַשאַף. אונדזערע תביעות זיינען ניט קיין תביעות, אונדזערע אַנטוישונגען זיינען ניט קיין אַנטוישונגען. זיין פּלאַן איז אַפילו אויסער אונדזער דמיון.

אויב מיר נעמען אָן די דאָזיקע אַנאַלאָגיע, איז דאָך אונדזער לעבן און אונדזער געזעלשאַפט אינגאַנצן אָפּגעריסן און אָן אַ שייכות צום קאָסמאָס. עס איז אַ שאָטן־לעבן, ניט קיין רעאַל לעבן, עס איז אַ לעבן אויסגעליידיקט פון איגהאַלט. אונדזער דראַנג נאָך גערעכטיקייט איז זינלאָז, אונדזער אַספּיראַציע צו ווערן ווי ער איז אַן אוממעגלעכקייט, אָדער אָן באַטייט, ווייל טענות צו וועמען? ער איז דאָך אויסער אונדזער דמיון.

ביי מיר זיינען נאָך אַ גרעסערע רעטעניש דעם מענטשנס טענות קעגן אומרעכט אין דער נאַטור, אָדער אַמאָראַלישקייט פון דער נאַטור, קעגן אומ־

רעכט און רשעות בכלל. דער מענטש לעבט אויף רציחה. ער איז אַ פליישעסנדיקער בעל־חי. עס איז היפּש קאָמיש, ווען ער האָט טענות, פאַרוואָס דער לייב פאַרצוקט אַ שעפּעלע, אָדער אַ שפּין דערשטיקט אַ פליג און זויגט אויס איר בלוט, פאַרוואָס קענסער־צעלן פרעסן אויף נאָרמאַלע צעלן, פאַרוואָס מיקראָבן צעשטערן אָפט לעבנס, ווען ער אַליין קוילעט אַ בעל־חי פאַר זיין הנאה וועגן. באמת, קאָן ער דאָך על־פּי הדחק אויסקומען אָן פלייש. עס איז קאָמיש, אַז דער מענטש, וואָס איז לגבי חיות און אַפילו לגבי נאַטור־קאַטאַסטראָפעס, דער גרעסטער מערדער, זאָל האָבן טענות קעגן דעם אומיושרדיקן איינשטעל פון דער וועלט און פון דער נאַטור.

מען קאָן אַרויסזאָגן די השערה, אַז דאָס עסן פלייש איז ניט מער ווי אַ פאַרבייגייענדיקע פאַזע ביי מענטשן, פונקט ווי דאָס פאַרקנעכטן פון חיות. מיר האַלטן שוין אין אונדזער ציוויליזאַציע ביי אַזאַ שטופע, אַז מיר וועלן אין גיכן ניט דאַרפן מער נוצן קיין לאַסט־חיות. דעסטרוקציע אָבער, די צעשטערונג, אָדער דאָס פאַרלענדן פון איין עלעמענט דורך אַ צווייטן, מוז דאָך בלייבן. יעדע וואַקסנדיקע זאַך און יעדער לעבעדיקער ווען בויטיקט זיך אין דער צעשטערונג פון אַן אַנדער עלעמענט, אָדער צומח, כדי אויפצוהאַלטן זיין אייגן לעבן. דער בוים פאַרצערט זאַפטן, אַ בעל־חי פאַרצערט געוויקסן. דאָס איז דאָך דעסטרוקציע, וואָס איז בעצם אַ זינד, ניט עטיש. עס קאָן דאָך זיין, אַז אין קאָסמאָס איז דער צומח, דאָס וואָס וואַקסט, ניט קיין גרעסערער מיוחס פון דעם דומם, פון דעם טויטן וועזן, און אַז דער בעל־חי, דער לעבעדיקער וועזן, איז ניט קיין גרעסערער מיוחס פון דעם וואַקסנדיקן וועזן. אויב אַזוי, קאָן דאָך ניט זיין קיין צדק המוחלט, קיין אַבסאָלוטע עטיק. בלייבט די אַלטע קשיה: וואָס פאַר אַ תכלית קאָן האָבן די וועלט, ווען מיר קאָנען קיינמאָל ניט דערגרייכן דעם כביכולס שלימות?

אפשר אָבער איז דער כביכול אַליין ניט די פּערזאָניפיקאַציע פון אַבסאָלוטער עטיק? דאָס קאָן אָבער ניט זיין, ווייל דער עצם באַגריף פון אַ טראַנסצענדענטאַלן באַשאַפער, פון אַבסאָלוטער רעאַליטעט, פון גאָט — מיינט דאָך גאַנצקייט, אַלדאָסקייט, אויף וואָס עס קאָן ניט חל זיין קיין שינוי. זינד איז שינוי, דעסטרוקציע, אָפּנייג פון שלימות. אויב אַזוי, דאַרף די אומפולשטענדיקייט פון דער וועלט מיט איר רשעות דעפינירט ווערן גאָר אַנדערש, ווי די הדרגה פון גאָט. מען קאָן אַפילו זאָגן, אַז אַבסאָלוטע עטיק איז אוממעגלעך אַנצוואוּענדן אין אַ מענטשלעכער געזעלשאַפט. אָבער אויב מיר וועלן אַזוי האַלטן, איז ראשית דער מענטש און די נאַטור אַ סתירה צום בורא, צום באַשאַפער; און שנית, איז די עצם געזעצלעכקייט פון דער וועלט מיט איר

ניט־שלימותדיקייט אין תוך זיבלאָז און כאַאָטיש בנוגע אירע וועזנס. עס איז אַ געזעצלעכקייט פון רשעות.

עס איז, גלויב איך, ניט גלאַט אַן ענין פון שכלען זיך אין דער וועלט אַריין. פאַר מיר, לכל־הפחות, איז עס אַן ענין, וואָס דאַרף באַשטימען דעם מענטשנס גאַנג אין לעבן און אים העלפן פאַרשטיין די מאָטיווירונג פון אַ סך געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. אויך די דאָזיקע זוכעניש באַווירקט, אָדער דאַרף באַווירקן, דעם מענטשנס טאָג־טעגלעכע הנהגה.

מיר קאָנען אפשר געפינען אַ לייזונג צו דעם פּלאָנטער, ווען מיר זאָלן זיך צייטווייליק באַנוגענען מיט דער הנחה, אַז אינטעלעקטועל מוזן מיר באַ־נעמען דעם כביכולס בנמצאָדיקייט, ווייל בלויז ווען מיר וועלן אָנאָ הנחה אָננעמען, וועלן מיר קאָנען צוגיין צו די סתירות און צו דער אומלאָגישער באַנעמלעכקייט פון דעם סדר־העולם, ווי מיר גייען צו צו דער נאַטור־מיס־טעריע און צו דער פּאָזיטיווער וויסנשאַפט. מיר זעען אין דער פּאָזיטיווער וויסנשאַפט, אַז געוויסע כללים און פאָרמולעס אַרבעטן. און מיר נעמען זיי אָן צוליב זייער נוצלעכקייט. שפּעטער זוכן מיר דעם פאַרוואָס, און וואָס מער סודות און אַנונגען פון פאַרוואָס מיר געפינען אין דער נאַטור, אַלץ מער פאַרבעסערט ווערט די וויסנשאַפט. כעמיע און פיזיק זיינען ביז ניט לאַנג צוריק געווען בלינדע וויסנשאַפטן און זיינען ביז אַ געוויסן גראַד „בלינד" עד־היום.

ווי אַזוי קאָנען מיר אָננעמען די מוזיקייט פון כביכולס עקזיסטענץ? דער מאָדערנער מענטש קאָן עס אָננעמען דורך אַן אַנאַלאָגיע. פאַראַן אַ סך אַנאַ־לאָגיעס, וואָס דערקלערן גאָטס עקזיסטענץ. אפשר קאָן מען עס נאָך בעסער אָננעמען דורך דעם אָנטאָלאָגישן באַוויז. איך בויג דעם אָנטאָלאָגישן באַוויז אַ ביסל געענדערט. דער קלאַסישער אָנטאָלאָגישער באַוויז ווערט פאָרמולירט אויף אַזאַ מין אופן: „בלויז די קאָנצעפּציע פון דעם הויהס בנמצאָדיקייט איז גענוג פאַר אונדז אַרויסצודריגנען פון דעם, אַז דער הויה עקזיסטירט". איך האָב עס פאַר זיך אַ ביסל אַנדערש פאָרמולירט: „וויבאַלד אַז שוין טויזנטער יאָרן, פון דעם פאַרטאָג פון מענטשלעכער געשיכטע, געפינען מיר אין דעם מענטשלעכן געדאַנק די קאָנצעפּציע, אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס, פון אַ געטלעכן וועזן, וואָס האָט איינגעשטעלט, אָדער געשאַפן די וועלט לויט אַ רצון, אָדער לויט זיין רצון, אָדער לויט אַ געזעצמעסיקייט, איז עס אַ ראיה אויף דער פאַקטישקייט פון דעם הויה אין מענטשלעכן לעבן. ער איז אָפט געווען דער איינציקער דינאַמישער כוח סיי ביים יחיד און סיי אין דער געזעלשאַפט. דערפאַר איז גאָט אַ ממשות, די ממשותדיקע שעפערישקייט אין דער וועלט".

אַנאַלאָגיעס שאַפן אָבער אַלעמאָל נייע קשיות. מיר קאָנען ניט פאַרגלייכן דעם צוגאַנג צו פּאָזיטיווער וויסנשאַפט צום צוגאַנג צו גאָטס דערקענונג. „מיר נוצן מאַטעמאַטיק, אָבער מיר דאַרפן לעבן מיט רעליגיע, אָדער לויט רעליגיע". אויב מיר האָבן ניט קיין לייזונג צו אַ מאַטעמאַטישער פאָרמולע, קאָנען מיר וואַרטן, ביז מיר וועלן געפינען די לייזונג. אויב אָבער מיר קאָנען ניט פאַרענטפערן ראַציאָנאַל אָדער עמאָציאָנעל עטישע פּראָבלעמען, קאָנען מיר ניט, אָדער מיר ווילן ניט, איינשטעלן אונדזער לעבן לויט דעם דרך פון דער עטישער אָנווייזונג. למשל, אויב מיר קאָנען דערקלערן פאַרוואָס צוויי טיילן פון הידראָגען (וואַסער־שטאָף) און איין טייל פון אָקסיגען (זויער־שטאָף) שאַפן וואַסער. קאָנען מיר אַלץ טרינקען וואַסער און אונדזער לעבן וועט פון דעם ניט־וויסן, ניט געשטערט ווערן. אויב אָבער רשעות איז אויך אַ טייל פון גאָט, איז צו וואָס זאָלן מיר זיך אויפפירן עטיש?

דער אויסוועג איז אָנצונעמען די פּאַרטיקע פאָרמע פון אמונה: דאָגמע און ריטואַל. — „די דאָגמעס און ביז אַ מאָס ריטואַלן אין רעליגיע זיינען אַ פּרואוו צו פאָרמולירן אין פּרעציזע טערמינען די אמתן, וואָס זיינען אויסגע־פונען געוואָרן דורך די רעליגיעזע דערפאַרונגען פון דעם מענטשן". קאָנען דאָך די ריטואַלן און דאָגמעס זיין דער פּאַקטישער וועג, אָדער בעסער, דער פּראַגמאַטישער וועג, אָדער נאָך בעסער, דער פּראַגמאַטישער צוגאַנג צו אמונה.

דער אָפּהאַלט צו דעם איז אָבער, וואָס רעליגיע איז זייער אַן אַלטע אינסטיטוציע און זי האָט אויפגעהיט די פאָרמולירונגען פון די אמתן לויט די באַגריפן און דערפאַרונגען פון די פאַרגאַנגענע דורות. לויט אונדזער וועלט־באַנעם און דערפאַרונגען זיינען עס ניט קיין פאָרמולירונגען אין פּרעציזע טערמינען פון די אמתן, וואָס דער מענטש האָט אויסגעפונען. דערפאַר זיינען אָפּט ניט דאָגמעס און ניט ריטואַלן גילטיק פאַר אונדז.

עס קוקט אויס, אַז די אַמאָליקע אַלטע דורות האָבן געהאַט אַ סך אַ שטאַר־קערע אינטואיציע פאַר גאָט־אַנטפּלעקונג, ווי מיר אין די איצטיקע דורות. די סיבות זיינען ניט וויכטיק, אָבער זיי האָבן אַריינגענומען אין זייער גאָט־אַנטפּלעקונג, צוליב זייער באַגרענעצטן וויסן וועגן דער וועלט אַרום, דערשיי־נונגען און פאַרקומענישן, וואָס נויטיקן זיך ניט אין קיין מעטאַפיזישע דער־קלערונגען. צוליב זייער פּרימיטיוויקייט האָבן זיי אַרויפגעוואָרפן אויף גאָטס השגחה זאַכן, וואָס זיי אַליין דאַרפן זיין פאַר זיי פאַראַנטוואָרטלעך.

דאָס איז אַ גוט באַקאַנטער אמת, דאָך אָט איז איין אילוסטראַציע. אין אַמאָליקע צייטן פלעגן פרויען גאָר אָפט שטאַרבן אין קימפּעט. זאָגט די גמרא:

„על שלש עבירות — צוליב דריי עבירות שטאַרבן פרויען אין קימפּעט: צוליב ניט־אָפּגעהיטקייט אין נידה, צוליב ניט־אָפּגעהיטקייט ביים נעמען חלה פון טייג און צוליב ניט זיין אָפּגעהיט צו צינדן ליכט אויף שבת" (שבת לא, א).

אַ סך פון אונדז, וואָס האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אין די שטעטלעך, געדענקען נאָך, ווי לעבעדיק דער דאָזיקער אָבערגלויבן איז געווען. דאָ, אין אַמעריקע, זיינען זייער ווייניק פרויען אָפּגעהיט פון די דאָזיקע עבירות. זיי וואָלטן אייך אָנגעקוקט ווי חסר־דעה, ווען איר וואָלט זיי געוואָרנט מיט דער בייזער שטראָף. זיי ווייסן איצט פון גאָר אַנדערע סיבות, וויסנשאַפטלעכע, פאַרוואָס פרויען שטאַרבן אַמאָל אין קימפּעט.

מען קאָן אפשר זאָגן, אַז דאָס, וואָס אונדזערע אור־עלטערן זיינען ניט געווען באַקאַנט מיט דער נאַטורס „ווי אַזוי" און וואָס יעדע נאַטור־דערשיינונג איז ביי זיי געווען אַ רעטעניש, איינגעוויקלט אין אַ סוד, האָט זיי סענסיטיזירט צו קאָנען אויפנעמען גאָטס דערקלערונג. זייער אינטואיציע איז צוליב די דערמאָנטע סיבות אויך געווען שאַרפער און שפּירעוודיקער, ווי אונדזערע. זיי זיינען דערפאַר געווען ראוי צו קריגן התגלות. מען קאָן פאַרגלייכן זייער אינטואיציע מיט דער שטאַרקער גלוסטעניש פון אַ יונגן פּאָעט, וואָס אינספּי־רירט אים צו שרייבן עכטע ליבע־לידער.

דער מאָדערנער מענטש האָט פאַרלוירן גאָט און זוכט אים זעלטן. מען קאָן אפשר זאָגן, אַז ווייל דער מאָדערנער מענטש איז אַ היפּש ביסל באַקענט מיט דעם „ווי אַזוי" פון דער נאַטור, האָט ער אויפגעהערט צו פרעגן „פאַר־וואָס" און וואונדערט זיך ניט מער וועגן די מיסטעריעס אַרום אים. ער דאַרף שוין מער ניט קיין דערקלערונגען, ווייל ער פרעגט מער ניט קיין קשיות.

דאָס מיינט ניט, אַז דער דורכשניטלעכער מענטש ווייסט איצט מער, ווי די כוחות פון דער נאַטור אַרבעטן, ווי דער מענטש, למשל, פון דריי הונדערט יאָר צוריק, אָדער אַפילו ווי דער מענטש פון דריי טויזנט יאָר צוריק. פאַר־קערט, עס קאָן זיין, אַז דער אַמאָליקער מענטש האָט געקאָנט געבן אַ מער לאָגישע דערקלערונג פאַר נאַטור־דערשיינונגען, ווי מיר קאָנען איצט. למשל, וויפל פון אונדז ווייסן אַקוראַט צו דערקלערן וויסנשאַפטלעך, פאַרוואָס עס דונערט און בליצט, אָדער פון וואַנען עס נעמט זיך אַן ערד־ציטערניש? דער פּרימיטיווער מענטש האָט מסתמא געקאָנט דערקלערן בעסער און שנעלער די דאָזיקע דערשיינונגען. ער האָט קלאָר געוואוסט, אַז דער דונער קומט פון דעם, וואָס אַ גאָט האָט איינגעשפּאַנט זיין רייטוואָגן און פאָרט אַרום איבער דעם הימל. דער יידישער מענטש האָט געוואוסט, אַז ווען גאָט טוט אַ טופּע מיטן פוס אויפן דיל פון הימל, קומט פאָר אַן ערד־ציטערניש (וועגן דונער,

בליץ און ערד־ציטערניש זע מסכתא ברכות נט, א). אָבער דער דורכשניט־לעכער מענטש ווייסט, אַז אַ דונער און אַ בליץ האָבן עפּעס צו טאָן מיט עלעקטריציטעט און נאָך עפּעס אַזעלכעס, אָבער קיין אמתע דערקלערונג האָט ער ניט.

דאָך איז פאַראַן אַ גרויסער חילוק צווישן די צוויי אומוויסנדיקע מענטשן — צווישן דעם „וויסנדיקן", אומוויסנדיקן פּרימיטיוון מענטשן און דעם „ניט־וויסנדיקן־וויסנדיקן" מאָדערנעם מענטשן. דער מענטש פון אַלטערטום האָט געהאַלטן, אַז אַ דונער, אָדער אַן ערד־ציטערניש, איז אַ קאַפּריז פון גאָט, אָדער אַ באַוואוסטזיניקע טאָט פון גאָט, וואָס מיר קאָנען ניט פאַרויסזאָגן און מיר ווייסן ניט די סיבה פאַר גאָטס טאָט. עס האָט געקאָנט זיין גאָטס שטראָף פאַר די זינד פון כלל אָדער פון אַ יחיד, אָדער גאָר פאַר די זינד פון פאַרגאַנגענע דורות, אָדער אַ וואָרענונג. ביי די געצנדינער האָט עס געקאָנט מיינען בלויז אַ קאַפּריז פון אַ געץ. וויבאַלד עס איז אַ שטראָף, אָדער אַ קאַפּריז, האָט מען געדאַרפט איבערבעטן גאָט, אים באַרואיקן, אים חנפענען אָדער אונטערקויפן מיט אַ קרבן, אָדער מיט גוטע רייד.

דער מאָדערנער מענטש אָבער, אין זיין אומוויסנקייט, נעמט אָן, אַז דער דונער, די פאַרפלייצונג אָדער די ערד־ציטערניש זיינען די אַרבעט פון ניט־באַוואוסטזיניקע נאַטור־כוחות, וואָס צוליב זייער רעגולאַריטעט און אייגשטעל קאָנען מיר פאַרויסזאָגן זייער אָנקום. דער דורכשניטלעכער מאָדערנער מענטש ווייסט טאַקע ניט אַקוראַט, פאַרוואָס עס דונערט אָדער בליצט. ער ווייסט אָבער, אַז אין דער דערשיינונג זיינען פאַרוויקלט טעמפּעראַטור, עלעקטרי־ציטעט, באַראָמעטרישער דרוק און ענלעכע כוחות. דאָס איז ניט די פראַגע פון קאַפּריז, אָדער אַ רצון פון אַ געטלעכער מאַכט, אויך ניט קיין שטראָף פון אַ הערשער. עס איז דאָ אויך ניט שייך עמעצן איבערצובעטן, באַרואיקן, חנפענען אָדער אונטערקויפן מיט אַ קרבן, אָדער מיט גוטע רייד.

דאָס איז ניט קיין פראַגע פון דעם יחידס מער וויסן, אָדער ווייניקער וויסן. דאָ איז וויכטיקער די גייסטיקע לופט פון דער צייט, וואָס דער יחיד זאַפּט אין זיך אַריין. די קולטורעלע מיליע באַשטימט דעם מענטשנס הנחה.

ווען דער מאָדערנער מענטש באַנעמט שוין גאָטס בנמצאָדיקייט און וויל זיך דערנענטערן צו אים, איז אים שווער נאָכצוקומען די דאָגמעס און ריטואַלן פון די פּרימיטיווע דורות, וואָס זיינען זייער פּרוואו צו פאָרמולירן אין פּרעציזע טערמינען דעם גאָט־אמת, וואָס זיי האָבן אויסגעפונען דורך זייערע דערפאַ־רונגען. עס איז פּונקט ווי מען וואָלט געזאָגט אַ מאָדערנעם מענטשן, אַז ער

מוז צוגרייטן טייג פון ווייץ אויף אַ פּרימיטיוון וועג און באַקן זיין ווייצענע חלה אין אַ פּרימיטיוון אויוון, ווייל ווייץ איז אויסגעפונען געוואָרן פון אַ פּרעהיסטאָרישן מענטשן.

דער תנ״ך און, ביז גאָר אַ גרויסער מאָס, אויך דער תלמוד, דאַרפן זיין דער יסוד פון אונדזער אמונה און אויך דער וועגווייזער פאַר אונדזער הנהגה. זיי זיינען באמת אינספּירירנדיקע ספרים, הייליקע לויט דעם אַלטן באַגריף און פאַרהייליקט ביי אונדז, ווייל זיי זיינען אויפגעקומען כמעט דורך אַן אומ־דערקלערלעכער אינטואיציע. אָבער ווי אינספּירירט די נביאים, תנאים און אמוראים זיינען געווען, האָבן זיי דאָך געלעבט אין דער קולטורעלער סביבה פון זייער צייט. עס איז אַ פאַקט, אַז ווי אינספּירירט אַ מענטש זאָל ניט זיין, ווי שאַרף זיין אינטואיציע זאָל ניט זיין אַנטוויקלט, ווי גאוניש און אָריגינעל ער זאָל ניט טראַכטן, ווי הויך ער זאָל ניט דערגרייכן — זיינען דאָך די פאָרמען און מיטלען, וואָס ער באַנוצט צו באַנעמען אַפילו די אייביקע ווערטן, די אַבסאָלוטע רעאַליטעט, דירעקט גענומען פון די פאָרמען און מיטלען פון זיין דור. אין תנ״ך זיינען די גאָט־אַטריבוטן, די מעטאַפאָרן, די היפּערבאָליז־מען, די סימבאָלן, דער גאַנצער נוסח, ביז גאָר אַ גרויסער מאָס, באַשותפות־דיקע מיט די ליטעראַרישע זשאַנערס פון די פעלקער פון יענער צייט. (זע וועגן דעם באַריכות „אלת ענת״, שירי עלילה כנענים, קאסוטו, דעם גאַנצן אַריינפיר.) אין גאַנצן תלמוד הערשט אויך די קולטורעלע מיליע פון יענער צייט.

די שוועריקייט פון אַ מאָדערנעם מענטשן, וואָס זוכט התקרבות צו גאָט, וואָס וויל דינען גאָט, איז דאָס, וואָס ער מוז אָנקומען צו די מיטלען פון די פּרימיטיווע דורות. די תפילות, די ריטואַלן און די צערעמאָניעס זיינען על־פּי רוב אויפגעקומען אין דורות, ווען די שייכות פון אַ מענטשן צו אַ העכערן פון זיך איז געווען אַ שייכות פון אַ קנעכט צו זיין האַר, פון אונטערטאַן צום מלך, צום אַמאָליקן מלך, וואָס איז געווען אַן אַליין־הערשער, אָדער, מילד גערעדט, פון אַ קינד צו אַ טאַטן, אָבער ניט פון אַ היינטיקן קינד צו אַ היינטיקן טאַטן, נאָר ווי צו אַן אַמאָליקן טאַטן, צום פּרימיטיוון פאָטער, דעם הויפּט פון דער משפחה, וואָס האָט געהאַלטן דעם קינדס לעבן אין זיינע הענט.

„סערוויליטי״ — אונטערטעניקייט, קנעכטישע אונטערטעניקייט, איז כמעט די גאַנצע אַטמאָספערע פון תנ״ך און תלמוד, פון די רעליגיעזע טעקסט־ביכער פון אַלע פעלקער, אַריינגערעכנט דעם גרעסטן טייל פון סידור. דער גאַנצער באַגריף פון באַלוינונג און שטראָף פאַר מצוות און עבירות איז אויך דער געזעץ־באַגריף פון פּרימיטיווע פעלקער.

דער מאָדערנער מענטש איז הילפלאָז, ווען ער זוכט התקרבות צו גאָט. קיין אייגענעם וועג האָט ער ניט און דער אַלטער וועג איז אַן אַנאַכראָניזם. אַ רעליגיעזע אויפלעבונג קאָן קומען אויף דער וועלט דורך צוויי אופנים: ראשית, דורך גאָט־דערקענונג, און שנית, דאַרף די גאָט־דערקענונג זיין אַזאַ טיפע און עכטע, אַז זי זאָל זיין גענוג שעפעריש צו שאַפן אייגענע פאָרמעס פון התקרבות צו אים דורך דערפאַרונגען פון דער קולטורעלער סביבה פון אונדזער דור.

די גאָט־דערקענונג קאָן קומען צום מאָדערנעם מענטשן: ראשית, פון דעם מענטשלעכן דערווידער צו כאַאָס, צו צופאַל. דער מאָדערנער מענטש וועט זיך ראַציאָנאַל דערטראַכטן און עמאָציאָנעל דערפילן, אַז פונקט ווי די געזעלשאַפט קאָן ניט זיין קיין כאַאָטישע, אָדער אַ צונויפגעשטעלטע דורך ניסימדיקע צופאַלן, אַזוי קאָן די בריאה ניט זיין קיין פועל־יוצא פון ניסימדיקן צופאַל. די דאָזיקע עמאָציאָנעל־ראַציאָנעלע דערקענונג קאָן פאַרשאַרפן אונ־דזער אינטואיציע צו דערשפירן גאָט און האָבן התגלות, ווי אונדזערע פרימי־טיווע עלטערן האָבן עס געהאַט.

שנית, קאָנען מיר קומען צו גאָט־דערקענונג דורך דעם פּראָגרעס פון וויסנשאַפט. עס איז שוין איצט אָפּגעטראָגן געוואָרן די ערשטע שאַרפקייט פון כפירה, וואָס איז צו אונדז געקומען, ווען מיר האָבן אויסגעפונען געוויסע „ווי אַזוי" און ס'האָט אונדז אויסגעקוקט, אַז די נאַטור איז אַ גאַנץ איינפאַכער מעכאַניזם. וואָס מער די וויסנשאַפט אַנטוויקלט זיך, אַלץ מער זעען מיר, ווי קאָמפּליצירט די וועלט און דער קאָסמאָס זיינען. עס טרייבט אונדז צו גאָט־דערקענונג, צו געפינען די סיבה פון סיבות, כדי צו געבן אַ זין אונדזער געזעלשאַפט און אונדזער אייגענעם לעבן. די שוועריקייט האָבן מיר ניט מיטן גרונט־געדאַנק, מיט זיין בנמצאָדיקייט, נאָר מיט דעם באַפרייען די התקרבות צו אים פון דער אַלטער קולטורעלער מיליע.

אָבער אונדזער גאָט־זוכעניש וועט זיין ניט מער ווי אַ ליטעראַרישער מאַניר, כל־זמן מיר וועלן ניט געפינען קיין וועג פון התקרבות צו אים. מען קאָן זאָגן, אַז ווען מיר וועלן שאַפן אַ נייעם וועג צו גאָט, אַן אייגענעם וועג, וואָס וועט זיין דער פועלי־יוצא פון אונדזער קולטור־מיליע, ערשט דעמאָלט וועלן מיר וויסן, אַז אונדזער גאָט־דערקענונג איז עכט, אַז זי וועט קאָנען באַשיינען אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן און וועט אונדז דערפירן צו דער מדרגה פון געטלעכקייט. יעדער קלייניקייט וועט האָבן אַ זין, ווייל זי וועט זיין אַ טייל פון אַ געוועב.

איך בין אַ זון פון מיין דור. דערפאַר קאָן איך פאַרשטיין און באַנעמען די מוזיקייט פון כביכולס מציאות אינטעלעקטואַל. על־פּי שכל קאָן איך ניט אויפנעמען דעם באַשאַף אָן כביכולס עקזיסטענץ. עמאָציאָנעל אָבער ווער איך ניט אויפגערירט פון זיין בנמצאָדיקייט. מיין דור האָט ניט געשאַפן די מיטלען פון אַ התקרבות צו אים.

# דיין נאָענטקייט

ויאמר: לא תוכל לראות את פני,
כי לא יראני האדם וחי. (שמות לג, כ)
און ער האָט געזאָגט: דו קענסט ניט זען מיין פנים,
ווייל קיין מענטש קען מיך זען און בלייבן לעבן.

•

דרשתי קרבתך,
בכל לבי קראתיך,
ובצאתי לקראתך,
לקראתי מצאתיך. (ר׳ יהודה הלוי)
איך האָב געזוכט דיין נאָענטקייט,
מיטן גאַנצן האַרצן האָב איך דיך גערופן,
און ווען איך בין אַרויס דיך צו געפינען,
אַנטקעגן גיין האָב איך דיך געטראָפן.

עס איז איצט אַ תקופה, וואָס גאָט האָט באַהאַלטן זיין פנים פון דעם מענטשן — הסתר פניו. גאָט איז ווייט און פאַרהוילן פון דעם מענטשן, ווייל דער מענטש האָט זיך דערווייטערט פון אים. ער גלויבט ניט מער אין אים.

ווי אַ שטראָף האָט זיך דער מענטש דערפילט עלנט און פאַרלאָזן, ווייל מיט זיין ניט־גלויבן האָט ער זיך איזאָלירט פון קאָסמאָס. אָן אַ גלויבן איז דאָך דער מענטש ניט מער ווי באָך איינער פון די מינים חיות און האָט ניט קיין שייכות צום קאָסמאָס און האָט ניט קיין שום באַרירונג מיט דער אייביקייט.

דער מאָדערנער מענטש גלויבט ניט. אָבער אינגאַנצן אָן גלויבן און אָן אַ געפיל פון דערהויבנקייט, וואָס אַ גלויבן ברענגט, וואָלט דער מענטש ניט געקאָנט לעבן, האָט ער זיך געשאַפן אַ במקום אמונה: אַ פאַרבלענדעניש פון טאָג־טעגלעך לעבן. ער האָט „פאַרטיפט און דערהויבן" דעם אינהאַלט פון זיין טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ מיט דער גרויסער אָנשטרענגונג און מיט פאַרכאַפנדיקער יאָגעניש צו צופרידן שטעלן די דריי הויפט־אימפולסן זיינע: הזדווגות, צופרידן שטעלן דעם געשלעכט־דראַנג.

דעראָבערונג, איינשאַפן פאַר זיך גיטער; אָנבערייטן פאַר זיך זאַכן מער וויפל פאַר די נויטווענדיקייטן זיינע.

איך־אידענטיפיקאַציע, זיך וועלן אַרויסשטעלן ווי אָן איינס, אַ יחיד

במינו, אויב מעגלעך איינער אויסגעצייכנט פון דער גאַנצער גרופּע, אויב ניט מעגלעך, איז לכל־הפּחות צווישן די אייגענע, גאָר נאָענטע.

די אַלע דריי אימפּולסן זיינען אויך דאָ ביי אַלע ברואים און וועזנס אין דער נאַטור און אַוודאי זיינען זיי געווען ביים מענטשן פון אַלע דורות. אָבער ביים מאָדערנעם מענטשן זיינען זיי פאַרשאַרפט און פאַרשפּיצט.

הזדווגות: געשלעכט, דער דראַנג צו רעפּראָדוצירן, צו פאַרמערן דעם מין, איז איינער פון די שטאַרקסטע אינסטינקטן, אפשר דער שטאַרקסטער, ביי אַלע בעלי־חיי און צומחים, פלאַנצן, און אפשר אויך ביי די דוממים: קרישטאָלן, זאַמד און שטיינער אין אַ פאָרם, וואָס מיר באַנעמען ניט. אָבער ביי די שטומע באַשעפענישן און ביי די פלאַנצן איז דער געשלעכט־געדראַנג אַ פּעריאָדישער: אין באַשטימטע תקופות, אָדער תקופה, פון יאָר. ביים מדבר, ביי דעם מענטשן, וואָס איז געשענקט געוואָרן מיט דער סגולה פון ריידן, איז די גלוסטעניש צום צוויטן מין אומאָפּהענגיק פון צייט פון יאָר. געשלעכט האָט ביי דעם מענטשן נאָך אַ נאָמען: ליבע.

דער פּרימיטיווער מענטש האָט דערהויבן געשלעכט צו אַ רעליגיעזן קולט. ער האָט געבויט טעמפּלען צו געטינס פון פּרוכפּערקייט, אויפגעהאַלטן און אויסגעהאַלטן הייליקע זונות, קדשות, און דורכגעפירט ריטואַלן פון געש־לעכטלעכן פאַרקער. אָבער ניט געקוקט אויף די אַלע עקצעסן און געשלעכט־לעכע אָרגיעס, איז די הזדווגות געווען פאַרבונדן מיט טאַבוס: אַנזאָגונגען, פאַרבאָטן און מיסטישן באַטייט.

נאָכן אונטערגאַנג פון פּאַגאַניזם, געצנדינערײ, ווען קריסטנטום האָט איבערגענומען די ממשלה, האָט די קירך געלערנט דעם מענטשן, אַז דער געשלעכט־אינסטינקט איז זינדיק, און צופרידן שטעלן דעם געשלעכטלעכן פאַרלאַנג האָט אין זיך עפּעס אומרייניקס: „עס איז גוט פאַרן מענטשן זיך ניט צורירן צו אַ פרוי. אָבער צוליב פאַרמיידן זנות זאָל יעדער מאַן האָבן זיין אייגן ווייב און זאָל יעדע פרוי האָבן איר אייגענעם מאַן. איך וואָלט אָבער בעסער געוואָלט, אַז אַלע מענטשן זאָלן זיין ווי איך אַליין". (קאָרינטער א׳, ז׳ 1, 2. „אַזוי ווי איך אַליין" מיינט ווי ער, פּאַולוס, וואָס איז אויסגעקומען אינגאַנצן אָן אַ פרוי.)

יידישקייט נעגירט ניט דעם געשלעכט־אינסטינקט. אָבער עס האָט פאַר־שטופּט געשלעכט אין דעם תרי"ג: „יעדער מענטש איז מחוייב צו נעמען אַ ווייב כדי צו פּרוכפּערן און מערן זיך. דער וואָס איז זיך ניט מתעסק אין האָבן קינדער, איז ווי ער וואָלט פאַרגאָסן בלוט" (אבן העזר, הלכות פּריה ורביה א, א).

יידישקייט האַלט ניט פון פּרישות. דער יידישער דין רעכנט זיך מיט מענטשלעכער נאַטור:

„אַפילו ווען ער האָט מקיים געווען די מצוה פון פּריה ורביה טאָר ער ניט זיין אָן אַ ווייב“ (איבּיד, סעיף ח).

אָבער געשלעכט פאַר זיך אַליין איז ניט קיין יש לויטן יידישן דין:

„ער טאָר מיט איר ניט זיין צו אָפט. עס איז ניט קיין פּאַסיקע זאַך (דבר זה פּגום). דער וואָס פאַרקערט מיט זיין ווייב וואָס וויניקער איז געלויבט. אָבער ער זאָל ניט אויסמיידן די צייט, ווען ער איז מחוייב צו זיין מיט איר, סיידן ער האָט מיט איר איבערגערעדט און זי איז מסכים (זיך אָפּהאַלטן). און אַפילו ווען ער איז מיט איר אין דער צייט, ווען ער איז מחוייב צו זיין מיט איר, טאָר ער ניט אויסן זיין צו האָבן פאַרקער מיט איר צוליב זיין הנאה, נאָר ווי אַ מענטש, וואָס באַצאָלט זיין חוב וואָס עס קומט פון אים“ (דאָרט, הלכות אישות כה, ב).

דער מאָדערנער מענטש האָט זיך באַפרייט, אָדער האַלט זיך אין באַפרייען, אָדער גלויבט, אַז מען דאַרף זיך באַפרייען פון די אַלע מינים טאַבוס און באַגרענעצונגען בנוגע געשלעכט. ביים מאָדערנעם מענטשן איז געשלעכט אַ יש פאַר זיך, ניט קיין מיטל צו יוצא זיין פאַר גאָט. געשלעכט איז איינע פון די נאַטור-געשאַנקען, וואָס מאַכט דאָס טאָג-טעגלעכע לעבן פול מיט באַטייט און אינהאַלט.

דער מאָדערנער מענטש בויט ניט קיין טעמפּלען צו געטינס פון ליבע, אָבער געשלעכט באַהערשט די ליטעראַטור: פּאָעזיע און פּראָזע; קונסט אין אַלע אירע פאָרמען: מאַלעריי, סקולפּטור, מוזיק, טעאַטער, קינאָ און טעלע-וויזיע. אַ גרויסער טייל פון דער אינדוסטריע איז פאַרנומען מיט פּראָדוצירן מאַטעריאַלן צו רייצן דעם געשלעכט-אינסטינקט: פּאַרפומען, צירונג, קאָס-מעטיקס און טיילווייז אויך בגדים. אין דער מאָדערנער כאָרעאָגראַפיע, טאַנץ-קונסט, איז שטאַרק ניכר אַ סעקסואַלער ריטואַל.

דעראָבערונג: אַנברייטן גיטער ניט בלויז פאַר נויטיקן געברויך, נאָר גלאָט צוליב דער הנאה פון באַזיץ, צו האָבן זאַכן כדי צו צופרידן שטעלן דאָס געפיל, די תאווה פון אַליינרעכט. דער דאָזיקער אימפּולס איז ניט נאָר שטאַרק ביים מענטשן, נאָר איז אויך אַ באַשטאַנדטייל פון אַלע לעבעדיקע ברואים און אויך אין דער פלאַנצן-וועלט. דער פויגל בעט אויס זיין נעסט מיט אַ ביסל מער שטרוי וויפל עס איז נויטיק פאַר אַ באַקוועמער נעסט. דאָס וועווריקל קלייבט צונויף ניס ניט וויפל ער באַדאַרף, נאָר וויפל ער קען געפינען. דער ביבער בויט דאַמבעס מער ווי פאַר זיינע באַדערפענישן. ביימער און פלאַנצן

שיקן אַרויס וואָרצלען ווייטער און טיפער אין דער ערד וויפל עס איז נויטיק צו געפינען נאָרונג. די פלאַנצן־וועלט איז בכלל פּאַרכאַפּעריש. אַסטראָנאָמען האַלטן, אַז דער קאָסמאָס האַלט זיך אין איין אויסשפּרייטן. אויסשפּרייטן וואו־הין? אויסער זיין רוים?

איך־אידענטיפיקאַציע, זיך וועלן אַרויסשטעלן ווי אַן איינס, ווי אַ יחיד במינו, איז אויך אַזוי שאַרף אין דער וועלט פון די בעלי־חי ווי ביי דעם מענטשן. אויף איין און דעם זעלביקן רויזנקוסט זיינען ניט אַלע רויזן גלייך. אויף איין און דעם זעלבן עפּלבוים זיינען ניט אַלע עפּל פון איין גרויס און איין באַפאַרבונג. דער חילוק צווישן חיות פון דעם זעלבן מין איז באַקאַנט צו אַלעמען. אויך אין דער וועלט פון דוממים, למשל קרישטאָלן, איז פאַראַן אַ דיפערענציאַציע: זייער פאָרם, זייער אופן פון דורכלאָזן ליכט — דאָס איז אפשר אַן איך־אידענטיפיקאַציע. דער מענטש אָבער שטייגט זיי אַלעמען אַרי־בער אין זיין יאָגעניש נאָך אידענטיפיקאַציע.

אַוודאי האָט דער דאָזיקער אימפּולס געשפּילט אַ ראָלע אין אַלע דורות. אויך אַמאָל ווי היינט זיינען געווען געלט־גייציקע מענטשן, גיריקע און מאַכט־גלוסטיקע. עס האָבן קיינמאָל ניט געפעלט קיין מענטשן מיט תאווה צו עשירות, הערשן און דורשט נאָך פאַרגעניגנס. אָבער צו לעבן אין רחבות און זיך קענען רעכענען פאַר אַ יש מיט אַליין־חשיבות האָט געקאָנט, געהאַט די מעגלעכקייט, נאָר אַ קליינע צאָל מענטשן. די גרויסע מערהייט האָט געלעבט אַ גרוי, מאָנאָטאָן לעבן, כמעט אָן פרייער צייט און אָן פאַרווייילונג. דער אייב־ציקער באמת איינגעשטעלטער צייט־פאַרטרייב, וואָס האָט איבערגעריסן זייער נודנעם טאָג־טעגלעך לעבן איז געווען דער רעליגיעזער ריטואַל און צערע־מאָניאַל אין שטוב און אין קאָמונאַלן געבעט־הויז.

דער אויבערשטער שיכט פון דער געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאַט פרייע צייט און די מאַטעריעלע מיטלען צו קאָנען הנאה האָבן פון דעם לעבן און זיין פולקייט, איז זעלטן געווען באמת פרום. אָבער דער גייסטיקער דרוק פון דער גרויסער מערהייט, וואָס איז געווען טיף רעליגיעז, האָט אויסגעהיט דעם אַדל און דעם רייכעם דינעם שיכט פון דער געזעלשאַפט פון טאָטאַלער כפירה.

דער איצטיקער דור אין אייראָפּע, אַמעריקע און אין אַ באַגרענעצטער מאָס אויף די אַנדערע קאָנטינענטן, אין געציילטע ערטער, איז אין דער לאַגע, ביז גאָר, גאָר אַ גרויסער מאָס, פון דער אַמאָליקער דינער שיכט אין דער געזעלשאַפט, די רעגירער און די מאַכט־האָבער — די רייכע. אָבער אָן זייער טראַדיציע.

דער היינטיקער דורכשניטלעכער מענטש האָט אַזעלכע פּיזישע באַקוועמ־לעכקייטן און פּסעוודאָ־גייסטיקע פאַרגעניגנס, וואָס דער געוויינטלעכער מענטש מיט נאָר צוויי דורות צוריק אַפילו, האָט זיך עס ניט געקאָנט אויסמאָלן אין זיין פאַנטאַזיע. אונדזער ציוויליזאַציע, צוליב אירע גרויסע טעכנישע דער־גרייכונגען, קאָן איצט צופרידן שטעלן גאָר אַ גרויסן טייל פון דער באַפעלקע־רונג ניט נאָר מיט די נויטווענדיקייטן פון טאָג־טעגלעכן נוץ, נאָר מיט אַזעלכע לוקסוסן, וואָס אַפילו דער הערשער־קלאַס האָט מיט הונדערט יאָר צוריק ניט געהאַט. דער דורכשניטלעכער מענטש, וואָס האָט אין משך פון דורות געחלומט פון ברויט צו זאַט, קאָן זיך איצט פאַרגינען, אין אַ סך לענ־דער, לוקסוסן. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אונדזער גוזעלשאַפט איז ממש פאַרכישופט געוואָרן פון דער מאַטעריעלער זעטיקייט און פּסעוודאָ־גייסטיקע פאַרגעניגנס. אונדזער דור האָט ניט קיין צייט צו טראַכטן וועגן תכלית פון דער יצירה און האָט ניט קיין באַגער און דראַנג צו זוכן אַ זינען אין לעבן. אין אונדזער ציוויליזאַציע זיינען די דריי גלוסטיקע אימפּולסן: הזדווגות, דעראָבערונג און איך־אידענטיפיקאַציע, געוואָרן דער במקום פון אַ באַשעפער, תכליתדיקער יצירה און ציל און זינען אין לעבן.

מיין דור, וואָס האָט געבראָכן מיט דער אַלטער יידישער טראַדיציע, האָט אָנגענומען, צום מיינסטן בלאַ־יודעים, אָבער טיילווייז גאַנץ באַוואוסטזיניק, אַן אמונה פון ניט „קיין אמונה", גלויבן „אין ניט קיין גלויבן" אָדער אין ניט־גלויבן. מען האָט אָנגענומען, בלאַ־יודעים, און געגלויבט ביודעים, אַז דער באַשאַף איז אַ צופעליקער. די פּלאַנעטן, שטערן, קאָנסטעלאַציעס און אַלץ וואָס עס איז אין זיין און אויף זיי, אַלע וועלטן אין זייער פולקייט זיינען אויפגעקומען דורך אַ ניסימדיקן צופאַל אָדער דורך ניסימדיקע צופאַלן. דער קאָסמאָס איז אַ קדמון, ניט ער האָט אַן אָנהויב און ניט עס קאָן געמאָלט זיין בנוגע דעם קאָסמאָס אַ סוף. דער אוניווערס איז אַן איינסיקע אידענטיטעט. אויסער אים איז ניטאָ עפּעס אַנדערש, ווי אַ שעפער למשל. דערפאַר איז ניט שייך צו זוכן אַ סיבה, אַ פאַרוואָס פאַר זיין אויפקום. זייער קלאָר האָט עס אַרויסגעבראַכט איינער פון די פאָרשטייער פון דער וויסנשאַפטלעכער פילאָזאָפיע:

„דער אוניווערס ווי אַ גאַנצער האָט ניט קיין סיבה, ווייל דאָס וואָרט סיבה באַצייכנט אַ שייכות צווישן צוויי זאַכן און עס קאָן ניט אָנגעווענדט ווערן אויב עס עקזיסטירט נאָר איין זאַך. דער אוניווערס ווי אַ גאַנצער האָט ניט קיין סיבה, ווייל עס איז ניטאָ קיין זאַך אויסער אים, וואָס קאָן זיין די סיבה" (רייכנבאַך, „דהי רייז אָוו דהי סייענטיפיק פילאָסאָפי", ז' 208).

„דאָס אויפגעבן פון דעם דעטערמיניזם דערמעגלעכט צו פאַרשטעלן זיך אַן אָנהויב פון עוואָלוציע, וואָס איז ניט קיין באַשאַף, נאָר אַ פועל־יוצא פון אַ צופאַל״ (איביד, ז׳ 212).

מיין דור, וואָס האָט זיך געוויקט אין די ישיבות און האָט זיך באַפרייט און זיך געמוטשט באַפרייען פון די באַגריפן פון דער פונדאַמענטאַליסטישער אמונה, איז צוליבן איבערבראָך געוואָרן אַ דור־תהפוכות — אַ פאַרקערטער דור. פריִער האָט ער געהאַלטן פון אַ שטרענגער השגחה־פּרטית, אַ מענטש טוט זיך ניט קיין קלאַפּ קיין פינגער אויף דער וועלט סיידן מען האָט אַזוי אויסגערופן דאָרט אויבן. איצט האָט זיך דער דור איינגאַנצן ניט גענויטיקט אין אַ כביכול. מיר האָבן אים ניט אַריינגענומען אין אונדזער מהות. מיר האָבן אַפילו ניט געזוכט קיין טעאָרעטישע אָדער ספּעקולאַטיווע טעאָריִעס פאַר דעם איינשטעל פון דער וועלט. מיר האָבן זיך ניט גענויטיקט אין זיין בנמצאָ־דיקייט, ווייל מיר האָבן געהאַלטן אַז עס איז ניט שייך צו זוכן עפּעס וואָס איז ניטאָ. די דריי תשוקות, אימפּולסן האָבן אונדז געגעבן דאָס געפיל פון אייביקייט און אַ באַרירונג מיט אַ ניט־קלאָרן באַגריף פון אַן אַבסאָלוטער רעאַליטעט. דאָס נייע לעבן האָט אונדז געגעבן פאַר אַ היפּשער צייט ניט נאָר מנוחת הנפש, נאָר אָפט התרוממות הרוח.

אָבער לאַנג האָבן אַ סך פון אונדז זיך ניט געקאָנט צופרידן שטעלן מיטן אָפּזאָגן זיך פון זיין בנמצאָדיקייט. דאָס האָט איינגעשרומפּט אונדזער לעבן און עס אויסגעליידיקט פון אמתן זיבן און אינהאַלט.

מיר האָבן צוגעגעבן, אַז די דריי אימפּולסן זיינען באַשטאַנדטיילן אין דעם אוניווערס, דערפאַר זיינען זיי אין עסענץ אייביק און אין־סופיק־אומ־ענדלעך. אָבער פאַר דעם מענטשן זיינען די דאָזיקע דריי יסוד־תשוקות צוגע־בונדן צו דער דויערהאַפטיקייט פון גוף בלויז, וואָס איז פאַרגענגלעך, זיינען זיי דאָך פאַר אונדז ניט מער ווי פּרטים און ניט שטאַנדהאַפטיק. אויב עס איז ניטאָ קיין העכערער כוח, וואָס האָט גורם געווען דעם צונויפשטעל פון די פּרטים צוליב אַ ציל און תכלית, זיינען מיר דאָך אין דער בחינה פון בלינדע פערד, וואָס טאָפּטשען זיך אויף מילרעדער.

ניין, עס איז אַ שלעכטע אַנאַלאָגיע. דאָס פערד, וואָס טאָפּטשעט זיך אויף דעם מילראָד, האָט אַ ציל און אַ תכלית. דאָס פערד דערפילט דעם וואונטש פון אַ העכערן וועזן. דאָס פערד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף זיין אָרט צוליב עפּעס. די שטומע באַשעפעניש דרייט אַ ראָד, וואָס באַוועגט די מיל־שטיינער. די מילשטיינער צעמאָלן קערנער אויף מעל. דאָס מעל שפּייזט מענטשן. די שטומע חיה איז ניט צופעליק אויסגעוואָקסן אויפן ראָד. אָבער

אויב הזדווגות, דעראָבערונג און איך־אידענטיפיקאַציע זיינען אַ ציל פאַר זיך, מעגלעך צו מאַכן דעם מענטשן צו גלויבן, אַז עס איז דאָ אַ ציל און אַ תכלית אין לעבן כדי דער מענטש זאָל קענען אָנגיין מיט לעבן, איז עס ראשית אַפּנאַרעריי, אַ ציל פאַר אַ ציל, וואָס איז בעצם קיין ציל ניט. שנית, בלייבט דאָס לעבן אָפּגעריסן פאַר זיך אַליין און דערפאַר זינלאָז: געבאָרן געוואָרן פון אַ וועזן, וואָס איז לכתחילה אויפגעקומען דורך אַ צופאַל. דער אור־אָפּשטאַם איז ניט געשאַפן געוואָרן פון אַ דינאַמישן שעפערישן שכל, נאָר דער באַשאַף איז אַזוי איינגעשטעלט געוואָרן, אַז דורך אומצאַליקע סיבות, באמת צופאַלן, איז דער מענטש אויפגעקומען און זיך אַנטוויקלט. דער מענטש ווערט געבאָרן אומבאַהאָלפן, ווערט דערנאָך רייף פאַר פּרוכפּערשאַפט, געבערט ער קינדער, זאַמלט אָן גיטער צו דערנערן די קינדער און צוליב אַליינצופרידנ־קייט. דערצו זעט ער אַריינקריגן איך־אידענטיפיקאַציע, אַליין־חשיבות, אַלץ אָן אַפּנאַרעריי אים צו פאַרשפּילן כדי ער זאָל וועלן לעבן. עס וואַקסן אויס די קינדער, דער אַלטער דור ווערט איבעריק און שטאַרבט. דער נייער דור פּרוכפּערט זיך און מערט זיך... קינדער ווערן געבאָרן און וואַקסן אויס. שטאַרבט אויס דער אַלטער ניט־בויטיקער דור און וחוזר חלילה, אַ נייער קרייז הויבט זיך אָן און דער אַלטער קרייז צעגייט. אַזוי פון אייביק ביז אייביק, אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף, אָן אַ זין און אָן אַ תכלית. אָן אייביקע אַפּנאַרעריי אין אָן אילוזיע, וואָס פאַרבלענדט.

פאַר אַ גרויסן טייל פון מיין דור איז דאָס לעבן געוואָרן ניט צו פאַרליידן. אַלץ איז דאָ גלאַט אַזוי. מיר, וואָס זיינען געווען געוואוינט צו האָבן אייביקע טענות צום כביכול, האָבן ניט געהאַט אַפילו אויף וועמען צו ברוגזן זיך. מיר האָבן אַפילו ניט געהאַט קיין שייכות צום קאָסמאָס.

אַ צאָל פון מיין דור האַלטן, אַז מענטשן זיינען די טראַגישסטע ברוי־אים אויף דער וועלט. אונדזער לעבן איז טראַגישער און טרויעריקער פון דעם לעבן פון דער שטומער באַשעפעניש, ווייל מיר זיינען באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ שכל צו באַנעמען אונדזער צופעליקייט, אָפּגעריסנקייט פון קאָסמאָס און זינלאָזיקייט פון אונדזער עקזיסטענץ. מיר באַגרייפן אונדזער עלנטקייט. די שטומע חיות אָן דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין זיינען גליקלעכער פון אונדז.

אַנדערע פון מיין דור טרייסטן זיך מיט האַלטן פונקט פאַרקערט: מיר מענטשן זיינען די גליקלעכסטע פון אַלע ברואים אויף דער ערד, ווייל מיר האָבן דעם באַוואוסטזיין פון אונדזער טראַגיק. דאָס איז אַ מדרגה, וואָס קיין חיה האָט ניט דערגרייכט. אָבער אַלע האָבן צוגעגעבן, אַז אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן איז אונדזער פּיצעלע לעבן דאָ אויף דער ערד, פאַר גאָר אַ קורצער

ווילע. דאָס אַלץ און עפּעס אַנדערש איז ניטאָ. דו מענטש באַקלאָג זיך ניט אויף דיין גורל, ווייל עס איז ניטאָ קיין גורל און עס איז ניטאָ פאַר וועמען צו באַקלאָגן זיך. דו אַליין ביסט דאָ. דו איינער און מער קיינער.

פאַר אַ גרויסן טייל פון מיין דור איז דאָס לעבן געוואָרן ניט צו פאַרליידן. „אַז גאַרנישט איז גלייך און אַז גאַרנישט איז קרום, אַז גאַרנישט איז אַרום און ס׳דרייט זיך די וועלט אַרום גאַרנישט אַרום... פאַרוואָס? גלאַט אַזוי!" (משה־לייב האַלפּערן). מיר, וואָס זיינען געוואוינט געווען צו האָבן אייביקע טענות צום כביכול, האָבן פּסיכאָלאָגיש געמוזט האָבן עמעצן אויף וועמען צו ברוגז זיין. מיר האָבן זיך צוגעטוליעט צום גאָט פון רמב״ם און צום גאָט פון שפּינאָזע. עס האָט ניט געשטערט אונדזער כפירה. עס האָט אונדז ניט מחייב געווען צו מקיים זיין וועלכע עס איז מצוות, אָבער עס האָט געלינדערט אונדזער עלנטקייט מיט באַטאָנען אונדזער שייכות צום קאָסמאָס, צו דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט.

שפּינאָזע האַלט, אַז די נאַטור איז דער געטלעכער מקור. יעדע נאַטור־דערשיינונג איז אַ טייל פון אין־סוף, פון דער אומענדלעכקייט. מיר זיינען אויך אַ טייל פון דעם אין־סוף. ווען מיר זעען דעם וואונדערלעכן איינשטעל פון דער נאַטור, וואָס מיר זיינען אַ טייל פון איר, קענען מיר זיך ניט העלפן נאָר צו ליב האָבן גאָט־נאַטור. מיר האָבן אים, גאָט, ליב, ווייל ער איז אונדזער לעבן.

גאָט־נאַטור איז ניט צופעליק בלינד. עס איז אַ שכלדיקער איינשטעל בלינדקייט. נאַטור־גאָט איז ניט מעכאַניסטיש, נאָר דעטערמיניסטיש ווי אַ מאַטעמאַטישע פאָרמולע.

די נאַטור־געזעצן זיינען אייביקע און עס איז ניט שייך צו זוכן אַ תכלית אין דער וועלט. איין אַקט איז גורם אַ צווייטן, ביז דעם אין־סוף. עס איז אַ מוז, אַז אַזוי זאָל עס געשען. עס זיינען ניטאָ קיין צופעליקע געשעענישן אין דעם אוניווערס. אַלץ איז דעטערמינירט, באַשטימט דורך דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער נאַטור (נאַטוראַ נאַטוראַנס, די ווירקנדיקע נאַטור); די באַווירקטע נאַטור (נאַטוראַ נאַטוראַטאַ) מוז אָנגיין אויף דעם אופן און ניט אויף קיין אַנדערן.

אמת, דער מענטש קאָן ניט האָבן אַזאַ קלאָרע פאָרשטעלונג פון גאָט, ווי ער קאָן האָבן פון אַלע אַלגעמיינע זאַכן, ווייל דער מענטש קאָן זיך ניט פאָר־שטעלן גאָט ווי ער קאָן זיך פאָרשטעלן קערפּערלעכע וועזנס. דער מענטש קאָן בכלל ניט האָבן קיין קלאָרע פאָרשטעלונג פון גאָט, ווייל ער פאָרט צונויף גאָט מיט געשטאַלטן פון זאַכן, וואָס ער זעט געוויינטלעך. דער מענטש

קאָן קיינמאָל זיך ניט אויסהיטן פון דעם, ווייל ער ווערט באַווירקט פון דרויסנ־דיקע קערפּערס.

אָבער גאָט קאָן זיך אַנטפּלעקן צום מענטשן. אוודאי איז די אַנטפּלעקונג ניט קיין באַוואוסטזיניקע, ווייל גאָט איז דאָך ניט קיין בעל־רצון. אָבער עס איז דאָ אַ שייכות פון דעם דערהויבענעם, דענקענדיקן מענטשן און גאָט־נאַטור. דער מענטש קען קומען אין באַרירונג מיט גאָט, אין געוויסע פאַלן, צוליב די נאַטירלעכע אייגנשאַפטן אין דעם מענטשן, אין געוויסער תנאי׳קייט פון צוגרייטונג.

דאָס קאָן געמאָלט זיין, ווייל דער מענטש לויט זיין איינשטעל אין דער נאַטור איז אַ טייל פון אַלגעמיינעם שטראָם לעבן, וואָס איז גאָט. דער מענטש־לעכער שכל קאָן דערפאַר קומען אין באַרירונג מיט דעם געטלעכן שכל. עס איז דאָ אַ בשותפותדיקייט צווישן זיי. דערפאַר קאָן געמאָלט זיין אַפילו אַן אינטעלעקטואַלע ליבשאַפט צו גאָט־נאַטור, „אַמאָר דעי אינטעלעקטואַליס״.

דאָס איז געווען אַ טרייסט פאַר דעם מאָדערנעם מענטשן, ווייל ער האָט דערפילט, אַז ער איז ניט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון קאָסמאָס, איז ער ניט אַזוי עלנט ווי אין אַ וועלט פון ניסימדיקע צופאַלן.

דער רמב״ם האָט געגעבן אַ גרעסערע טרייסט. דער רמב״ם האַלט, אַז גאָט איז אַן אַליינמוזיקע עקזיסטענץ און קאָן ניט און דאַרף ניט האָבן פאַר זיין עקזיסטענץ וועלכע עס איז סיבה. גאָט, די אַבסאָלוטע עקזיסטענץ, איז קיינמאָל ניט געווען קיין ניט־בנמצאדיקייט, עס מיינט ער האָט ניט עקזיס־טירט, און ער וועט קיינמאָל ניט ווערן קיין ניט־בנמצאָדיקייט. ער דאַרף ניט האָבן קיין פאַרוואָס פאַר זיין בנמצאָדיקייט. ער איז דער שעפער פון דעם אוניווערס און אַלץ וואָס עס געפינט זיך אויף אים און אין אים. די וועלט ווי אַ באַוואוסטזיניק געשאַפענע דאַרף האָבן אַ תכלית. אָבער מיר קאָנען זיך ניט דערגרונטעווען צום הויפּט־תכלית פון דער וועלט. מיר דאַרפן אָננעמען, אַז אַזוי איז געווען זיין רצון. אָבער דאָ אויף דער ערד קאָנען מיר אָננעמען, אַז דער תכלית פון אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין איר און אויף איר, איז דער מענטש. דער תכלית פון דעם מענטשן איז, אַז עס זאָל פון אים ווערן די פּערפעקציע, וואָס עס קאָן פון אים ווערן. ער דאַרף זען, דורך זיין שכל, צו דערהויבן זיין לעבן פון זיין גבזהדיקער עקזיסטענץ צו דער חשיבות פון פאַרשטאַנד. דאָס פּאָטענציעלע מענטשלעכע אין אים דאַרף ווערן אַקטואַליטעט. איידער דער מענטש קריגט וויסן און חכמה ווערט ער פאַררעכנט פאַר אַ בהמה.

לויט דעם רמב״ם איז גאָט אויך אַן אַבסטראַקציע, וואָס דער מענטש קאָן ניט באַנעמען: „עס איז ניט געווען קיין אָנהויב צו זיין אָנהויב און עס קאָן

ניט געמאָלט זיין פּאַר אים קיין סוף. זיין רעאַליטעט איז ניט די רעאַליטעט פון די „קליינע זאַכן". אָבער וויבאַלד, אַז די וועלט איז מיט אַ כיוון אַ געשאַפענע און דער מענטש איז מעשה ידיו, האָט שוין דער מענטש אַ שייכות צו אים, צו זיין שעפער.

אָבער ניט דער פאַנטעאיסטישער גאָט פון שפינאָזע, וואָס דאַרף און מוז אויספאָלגן זיינע אייגענע געזעצן, וואָס ער איז פריי צו שאַפן אויף זיין אייגע־נעם דעטערמיניסטישן אופן, און ניט דער גאָט פון רמב"ם, וואָס איז אַ בעל־רצון און קאָן און האָט באַשאַפן בכיוון אַ וועלט, האָט געקענט ביי אונדז ווערן אַ לעבעדיקער גאָט און אָנפילן אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן מיט באַטייט און ווירקן אויף אונדז מיט אַ דינאַמיש־געטלעכן כוח. צווישן דעם מאָדערנעם מענטשן און אַ לעבעדיקן גאָט איז געשטאַנען ווי אַ טויטע וואַנט, די באַטאָנונג פון שפינאָזע און דעם רמב"ם, די אַבסאָלוטע אַבסטראַקציע פון גאָט.

ניט געקוקט אויף אַלע אויסטייטשונגען און אַריינטייטשונגען אין שפּי־נאָזען און אין רמב"ם איז זייער באַשטיין אויף אַן אַבסאָלוט אַבסטראַקטן גאָט־באַנעם, אַ דעפיניטיווער אָפּהאַלט פאַרן מענטשן צו באַגרייפן גאָט ווי אַ דינאַמישן כוח און אַ באַוואוסטזיניקן שכל, וואָס פאָדערט וועלכע עס איז התחייבותן פון מענטש צו אים, צום כביכול.

זאָגט דער רמב"ם:

„גאָט איז איינער, ניט קיין צוויי און ניט מער פון צוויי. ער איז איינער, וואָס אַזאַ איינסיקייט איז ניטאָ צווישן די איינסיקייטן, וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט. ער איז ניט איינער פון אַ מין, וואָס האָט אַ סך אַזעלכע איינ־סיקייטן. ער איז ניט קיין אחד ווי אַ גוף, וואָס קאָן צעטיילט ווערן אויף חלקים, וואָס האָבן לאַנגקייט, ברייטקייט און טיפקייט. ער איז אַן איינסיקייט, וואָס איז אייגנאַרטיק אין זיין אחד, זיין איינסיקייט, וואָס אַזוינס איז ניטאָ אויף דער וועלט" (הלכות יסודי התורה, פרק ראשון, הלכה ז).

„וויבאַלד אַז ער איז ניט קיין קערפּערלעכער וועזן איז דאָך קלאָר, אַז מיט אים קאָנען ניט געשען קיינע פון די זאַכן, וואָס קאָנען געשען מיט אַ גוף: ניט קיין באַהעפטונג, צונויפבונד, און ניט קיין פאַנאַנדערטייל, ניט קיין מאָס און ניט קיין אָרט, ניט קיין שטייגן און ניט קיין פאַלן, ניט קיין רעכטס און ניט קיין לינקס, ניט קיין פאָרנטקייט און ניט קיין הינטנקייט, ניט קיין זיצן און ניט קיין שטיין. ער געפינט זיך ניט אין צייט, ווייל ער האָט דאָך ניט קיין אָנהויב און ניט קיין סוף און ניט קיין שאַץ אין יאָרן. ער ענדערט זיך ניט, ווייל עס איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס קען גורם זיין אין אים אַן ענדערונג. ער האָט ניט קיין טויט אָדער לעבן אין דעם באַגריף ווי מיר ווענדן עס אָן

אויף אַ גוף. עס איז ניט שייך אים צו באַצייכענען קלוג אָדער נאַריש, ווי מיר באַצייכענען מענטשן. אויף אים איז ניט שייך אָנצואווענדן, אַז ער איז וואַך, ער שלאָפט, ער איז אין כעס, אָדער ער לאַכט — ניט קיין פרייד און ניט קיין טרויער, ניט קיין שווייגן און ניט קיין רייד ווי ביי מענטשן קען מען אויף אים אָנווענדן" (דאָרט, הלכה יא).

שפינאָזע האָט פאַרשאַרפט און פאַרשפיצט דעם רמב"מס גאָט־אַבסטראַק־ציע:

„גאָט. אונטערן נאָמען גאָט פאַרשטיי איך אַ יש, וואָס איז אַבסאָלוט אין־סופיק, אומענדלעך. עס מיינט אַ סובסטאַנץ, וואָס באַשטייט פון אומענדלעכע אַטריבוטן, וואָס יעדער איינער פון זיי שטעלט מיט זיך פאָר אַן אייביקן און אין־סופיקן מהות, ממשות.

„פירוש: ווען איך זאָג אַ יש, וואָס איז אַבסאָלוט אין סופיק, מיינט עס ניט אומענדלעך אין זיין מין, אין זיין סוג; ווייל אויב אַ וועזן איז אומענדלעך אין זיין סוג בלויז, קאָנען מיר פאַרניינען זיינע אין־סופיקע אַטריבוטן. אָבער אַ וועזן, אַ סובסטאַנץ, אַ יש, וואָס איז אַבסאָלוט אומענדלעך, נעמט אַריין אין זיין עסענץ אַלץ וואָס באַצייכנט רעאַליטעט און איז ניט כולל קיין שום נעגאַציע" (ברוך שפינאָזע, „עטיק", בוך איינס, זעקסטע דעפיניציע).

„גאָט איז אַן ליידנשאַפט. אויך ווערט ער ניט באַווירקט פון וועלכער עס איז פילעוודיקייט: פאַרגעניגן אָדער צער" (דאָרט, בוך פינף, פּראָפּאָזיציע זיבעצן).

„דער וואָס האָט ליב גאָט קען זיך ניט ריכטן, אַז גאָט זאָל אים אומקערן ליבשאַפט פאַר ליבשאַפט" (איביד, פּראָפּאָזיציע ניינצן).

אַ גאָט, וואָס קען ניט באַווירקט ווערן: ער לאַכט ניט און ער וויינט ניט, ער איז ניט טויט און ער לעבט ניט, קיין זאַך קאָן ניט גורם זיין אין אים קיין ענדערונג. אַזאַ גאָט, ניט געקוקט, וואָס ער האָט ניט קיין גוף און קיין געשטאַלט, איז דאָך אַ געץ. ער ווירקט ניט ווי אַ געץ, וואָס איז געמאַכט פון האָלץ און שטיין. אַ גאָט פון אַן אַבסאָלוטער אַבסטראַקציע, וואָס קאָן ניט האָבן קיין רצון און מוז זיין אָן פילעוודיקייט — אַזאַ גאָט איז אַ סטאַטישער גאָט: דער סימן־מובהק פון אַ געץ...

מיין דור, און גם אני בתוכו, האָבן זיך בשום־אופן ניט געקאָנט אָפּזאָגן פון גאָטס אַבסטראַקציע. מיר האָבן יאָרן לאַנג געלעבט אונטער דעם יאָך פון דער פונדאַמענטאַליסטישער אמונה, וואָס האָט אינגאַנצן מגשם געווען גאָט, אים פּערזאָניפיצירט אין דעם געשטאַלט פון אַ שטרענגן טאַטן און אָפט אין דער גלייכעניש פון אַ בייזן מושל, האָבן מיר זיך געשראָקן פאַר יעדן שמץ

פון הגשמה. אונדזער ליבלינג־ציטאַטע איז געווען ר׳ יהודה הלוויס זאָג: „ווען מיר וואָלטן זיך דערגרונטעוועט צו זיין אמתער רעאַליטעט, וואָלט עס געווען אַ פאַרמינערונג לגבי אים“ (אילו היינו משיגים אמתתו — היה חסרון בו. כוזרי חלק א, כא).

די שרעק פאַר דער הגשמה פון גאָט האָט איבערגעטריבן ביי אַ גרויסן טייל פון אונדזערע אינטעלעקטואַלן דעם לעבעדיקן יידישן גאָט. אָבער איז באמת פאַראַן וואָס צו שרעקן זיך פאַר אַ באַגרענעצטער מאָס פון הגשמה? מינערט עס טאַקע זיין גרויסקייט און באַגרענעצט עס זיין אין־סופיקייט? אָדער מינערט עס עפּעס פון זיין אייביקייט און פון זיין אַלמעגלעכקייט און אומעטומיקייט?

מיר דוכט זיך, אַז דאָ איז פאַרוויקלט אַ גרויסער טעות. אַ טראַנסצענדענ־טאַלער גאָט, אַ גאָט אויסער דער וועלט און איבער דעם מענטשן, אַ בעל־רצון און אַליך בעל־יכולת, קען זיך אויך אַנטפּלעקן צו אונדז לויט אונדזערע באַגריפן, פערזאָניפיצירט. ער איז דאָך אָמניפּאָטענט, אומענדלעך און אומ־באַגרענעצט. אויב מיר זאָגן, אַז ער קאָן זיך ניט אַנטפּלעקן לויט אונדזערע מענטשלעכע באַגריפן, באַגרענעצן מיר אים אין זיינע מעגלעכקייטן.

בכלל איז אַבסאָלוטע אַבסטראַקציע אין תוך אַ פיקציע. פּאַקטיש איז אומ־מעגלעך פאַרן מענטשן, וואָס האָט ניט מער ווי פינף חושים, צו באַנעמען וועלכע עס איז אַבסאָלוטע אַבסטראַקציע. טראַכטן וועגן אַן אַבסטראַקציע איז אויך מחייב אַ געשטאַלט, אויב ניט קיין קלאָר געשטאַלט, איז אַ שאָטן פון אַ געשטאַלט.

חוץ דעם איז יידישקייט אַן אמונה, וואָס אין איר צענטער איז עטיק. עטיק איז דאָך מחייב אַ גאָט, וואָס איז ניט גלייכגילטיק צו אַלץ וואָס איז נוגע צווישן מענטש און מענטש. דאָס אַליין איז דאָך שוין אַ פאָרם פון אַנטראָ־פּאָמאָרפיזם, פאַרגעשטאַלטן, אָדער פאַרמענטשלעכן גאָט.

אָבער דאָך, ווי אַזוי קאָן מען צונויפנעמען, סינטעזירן, אָדער בעסער: שלום מאַכן, צווישן פערזאָניפיקאַציע פון מיט זיין אומענדלעכקייט? עס איז דאָך תרתי דסתרי, איינס דער היפוך פון דעם אַנדערן! דער יידישער וועלט־באַנעם האָט אויף דעם אַ קלאָרן ענטפער און אַ לאָגישע דערקלערונג. דער מקור איז אַ פּסוק אין ישעיה:

„כי כה אמר רם ונשא, שוכן עד וקדוש שמו: מרום וקדוש אשכון ואת דכא ושפל רוח, להחיות רוח שפלים ולהחיות לב נדכאים“ — ווייל אַזוי האָט געזאָגט דער הויך־דערהויבענער, וואָס רוט אין אייביקייט און הייליק איז זיין נאָמען: אין הויכקייט און הייליקייט טו איך רוען, אָבער איך בין מיט דעם

דערשלאָגענעם און געפּאַלענעם אין געמיט, אויפצולעבן דעם געמיט פון די געפּאַלענע און אויפצומונטערן דאָס האַרץ פון די דערשלאָגענע (ישעיה נז, טו).

דער פּסוק גיט איבער אַ פאַקט, אויב מען קאָן אַזוי זאָגן. ער גיט ניט קיין שום דערקלערונג ווי אַזוי איז מעגלעך, אַז אַ טראַנסצענדענטאַלער גאָט, וואָס רוט אין אייביקייט (דער באַגריף אייביקייט איז אויך אויסער די חושים פון מענטש), זאָל קאָנען זיך אַנטפּלעקן צום מענטשן און אים העלפן. די חז״ל האָבן דערפילט די סתירה און זיי האָבן געגעבן אַ גאַנץ קלאָרע אויפקלערונג פאַר דער דאָזיקער אַנטילאָגיע, סתירה. זיי האָבן עס געגעבן אויף זייער אייגענעם בילדלעכן אופן, ניט דיסקורסיוו, נאָר מיט נאָך אַן אויסטייטשונג פון אַ פּסוק. אָבער דאָס מינערט ניט די וויכטיקייט און טיפקייט פון זייער פילאָזאָפישן באַנעם און קלאָרן ראַציאָנאַל. דרשנט דער מדרש:

„אליהוא (אין ספר איוב) איז געקומען און געזאָגט: ׳ש־די לא מצאנוהו, שגיא כוח׳ — דער אַלמעכטיקער, אים קאָנען מיר ניט געפינען, אים קאָנען מיר ניט באַנעמען, ווייל ער איז אַזוי גרויס אין כוח (איוב לז, כג). דער וואָס וועט הערן דעם דאָזיקן פּסוק קאָן דאָך מיינען, חס ושלום, אַז דאָס איז אַ לעסטערונג קעגן גאָט. אָבער ניין, דאָס איז וואָס אליהוא האָט געמיינט: גאָט קומט ניט מיט קיין טרדות, מיט קיין שווערן יאָך, צו זיינע באַשעפענישן. ער אַנטפּלעקט זיך צום מענטשן לויט זיין גדר היכולת, לויט דעם מענטשנס גרענעץ פון מעגלעכקייט. ווען גאָט וואָלט זיך אַנטפּלעקט צו די יידן, ווען ער האָט זיי געגעבן די תורה, מיט דער שטאַרקייט פון זיין כוח, וואָלטן זיי אים ניט געקענט באַנעמען און אויסהאַלטן; האָט ער זיך אַנטפּלעקט צו יעדן איינעם לויט זיין באַנעם (אלא בא אליהם לפי כוחו של כל אחד ואחד)״.

דער מדרש שפּינט ווייטער דעם געדאַנק:

„ווען דער רבונו של עולם איז געקומען צו משהן און צו אים געזאָגט: מאַך מיר אַ היילּיקטום און איך וועל רוען צווישן זיי, ׳ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם׳ (שמות כה, ח), האָט משה זיך אָנגעהויבן וואונדערן און געזאָגט: ׳מיט גאָטס פּראַכט זיינען פול די אויבערשטע וועלטן און די אונטערשטע און ער באַפעלט מיר: מאַך מיר אַ משכן!׳ האָט אים גאָט געענטפערט: ׳עס איז ניט ווי דו מיינסט, נאָר טאַקע טו ווי איך באַפעל דיר: ניט מער ווי צוואַנציק ברעטער אין צפון זייט און צוואַנציק ברעטער אין דרום זייט און אַכט ברעטער אין מערב זייט און איך וועל אַראָפּנידערן און מצמצם זיין, איינשרומפּן מיין שכינה אין אַן אייל אויף אַן אייל׳.״ (שמות רבה לד, א; אין תנחומא, פּרשה כי תשא, יוד, נאָך שאַרפער און קלאָרער: „איך וועל איינשרומפּן מיין שכינה, אַז איך זאָל (קענען) רוען צווישן זיי״.)

דער דאָזיקער געדאַנק ווערט אַרומגערעדט אין אַ סך ערטער אין תלמוד און אין מדרש. עס איז כדאי צו ברענגען נאָך איין מדרש: „ווען דער כביכול וויל איז מיט אים פול הימל און ערד. און ווען ער וויל, האָט ער גערעדט מיט משהן דורך די צוויי שטאַנגען פון ארון. רבי חנינא, דער זון פון איסי, האָט געזאָגט: אַמאָל קאָן די גאַנצע וועלט מיט איר פולקייט ניט אויסהאַלטן גאָטס גרויסקייט און אַמאָל רעדט ער צום מענטשן דורך דעם מענטשנס האָר" (בראשית רבה ד, ג).

דער עיקר געדאַנק פון אַ באַגרענעצטן אַנטראָפּאָמאָרפיזם איז אַזאַ: גאָט איז אומענדלעך און עס איז ניטאָ זיין גלייכן אין אונדזער רעאַליטעט און דערפאַר טאַקע קאָנען מיר אים באַגרייפן נאָר אין אַ מאָס פון פּערזאָניפי־קאַציע. מיר זיינען באַגרענעצט פון פינף חושים און מיר קאָנען אים אויפ־נעמען נאָר לויט אונדזערע יכולתן. ער בלייבט טאַקע אַלעמאָל אומגעענדערט. אָבער ער איז כל־יכול, האָט ער מעגלעך געמאַכט פאַר אונדז צו קריגן אַן אַנונג וועגן אים דורך זיין זיך מצמצם זיין פאַר אונדז לויט אונדזער גייסטיקן באַנעם. ער אַנטפּלעקט זיך צו אונדז לויט אונדזער מדרגה פון צוגרייטונג, אַנטוויקלונג, לויט די תקופות פון דער מענטשלעכער געשיכטע. ער, דער אומ־פאַרענדערטער, אַנטפּלעקט זיך צו אונדז אין פאַרשיידענע קאָנצעפּציעס, לויט די מושגים פון דעם דור און די יחידים פון דור.

דער ענין פון פּערזאָניפיצירן גאָט, הגשמה, אין וועלכער עס איז פאָרם, אַפילו נאָר געדאַנקלעך, איז אַ סכנותדיקער וועג. עס קען דערפירן צו פאַר־מענטשלעכן דעם כביכול. דאָס דערבידעריקט גאָט צו דער מדרגה פון מענטשן. ער ווערט אויס גאָט און עס איז ניטאָ צו וועמען אַרויפקוקן. אָבער אינגאַנצן אַן אַבסטראַקטער גאָט, וואָס אים קאָן דאָך ניט בוגע זיין די הנהגה פון מענטשן, איז גאָר קיין גאָט ניט.

דער יידישער דרך איז אַן אַבסאָלוט מינימום פון הגשמה. דער גרענעץ איז: קיינמאָל ניט קיין בילד אָדער געשטאַלט. אָבער אַ טעמפּל, אַ שול — יאָ. דער קדשי־קדשים איז געווען אַ פּוסטער, אָבער עס איז געווען אַ קדשי־קדשים. אַנדערע פעלקער און אמונות האָבן אינגאַנצן ניט געקאָנט גובר זיין די הגשמה. קריסטנטום האָט אים מגשם געווען אין דעם געשטאַלט פון אַ מענטשן, וואָס גייט דורך אַלע ליידן פון טויט כדי צו דעמאָנסטרירן דאָס געטלעכע אין מענטשן. דער פּועל־יוצא — דער כביכול איז דערנידעריקט געוואָרן צו גראָבן אַנטראָפּאָמאָרפיזם און דער כביכול אַליין איז געבליבן הילפלאָז אין דער רשעותדיקער וועלט, וואוהין ער איז אַראָפּ זי אויסצולייזן

און איז אומגעקומען, ניט בײַגעקומען די רשעות פון דער וועלט ווען ער האָט געלעבט און זי ניט אויסגעלייזט מיט זײַן טויט. דער מענטש פון דער קריסט־לעכער אמונה איז געבליבן אין דער וועלט פון רשעות ווי זײַן גאָט.

מיר טאָרן ניט מגשים זײַן דעם געטלעכן באַנעם אין קיין בילד און געשטאַלט, ווייל דעמאָלט ביַנדן מיר צו אונדזער אַבסטראַקציע צו אַ חומרישן ממשות. מיר מאַכן דעמאָלט אַ גרענעץ צו אונדזער גאָט־באַנעם און ווייטער פון דער אויסגעמאָלטער פאָרשטעלונג קאָנען מיר ניט גרייכן. אָבער מיר מעגן אים פּערזאָניפיצירן בנוגע באַגריפן, עס מיינט אין שייכות צו מענטשנס הנהגה. ער איז ניט נאָר אַן אַבסטראַקטע שכלדיקייט, ער איז אויך אַ בעל־רחמים, אַ בעל־רגש בנוגע מענטשן און אויך אַ בעל־רצון. דער דאָזיקער גאָט־באַנעם דערמעגלעכט אונדז, אַז מיר זאָלן זיך דערנענטערן צו אים. עס איז ניט קיין אידענטיפיקאַציע פון מענטש מיט גאָט, נאָר עס איז אַ באַגריף פון שייכות פון מענטש צו גאָט. ליבשאַפט אין אונדזער אמונה בלייבט אין גדר פון מענטש צו מענטש. אָבער דער באַגריף ליבשאַפט איז פאַרבונדן מיט דער אומענד־לעכקייט, און עס האָט אויך אַ שייכות צום מענטשן. עס קאָן יאָ געמאָלט זײַן ליבשאַפט פון גאָט צו מענטשן. אַ ליבשאַפט, אָדער אַ שטרעבונג פון מענטשן צו ליב האָבן גאָט, אָן גאָטס מעגלעכקייט צו אומקערן ליבשאַפט פאַר ליב־שאַפט, באַגרענעצט גאָטס אָמניפּאָטענץ — כל־יכולדיקייט.

גאָט דער כל־יכול קאָן פאַר אונדז זײַן אַ בעל־רצון, אַ ווייטער גאָט און אַ נאָענטער. מיר קאָנען זיך דערנענטערן צו אים, אָבער מיר קאָנען קיינמאָל ניט אידענטיפיצירן זיך אינגאַנצן מיט אים, ווייל ער איז אומענדלעך. דערפאַר מוז אַלעמאָל בלײַבן אַ דיסטאַנץ, אַ מרחק, צווישן מענטש און גאָט, און אַלעמאָל בלייבט אַ דיסטאַנץ צווישן מענטשן דעם באַגרענעצטן און ענדלעכן ווען און גאָט דעם אומענדלעכן און אייביקן. אָבער אַ באַרירונג איז יאָ מעגלעך.

אונדזער דור דאַרף זיך אויפהערן צו שרעקן פאַר אַ מאָס הגשמה פון כביכול. פאַרקערט, מיר דאַרפן באַנעמען, אַז ניט נאָר איז אוממעגלעך פאַר אונדז זיך פאָרצושטעלן גאָט ווי אַן אַבסאָלוטע אַבסטראַקציע, נאָר אַפילו מיר זאָלן עס קענען טאָן, וואָלטן מיר געמינערט מיט דעם גאָטס כל־יכולדיקייט. מיר וואָלטן באַגרענעצט אים אין זיינע אַטריבוטן. ווען גאָט וועט ווערן ביי אונדז אויס הילפלאָזע אַבסטראַקציע, אַ גאָט וואָס איז ניט ביכולת זיך צוהערן צו מענטשלעכן געבעט, וועלן מיר קאָנען געפינען וועגן צו דערנענטערן זיך צו אים.

געזעכט איז דער פּסוק, וואָס זאָגט: „וואָרעם דער מענטש קאָן מיך ניט זען און בלײַבן לעבן״, ווייל אַ קערפּערלעך וועזן קאָן ניט באַנעמען אַן אומ־

ענדלעכן באַגריף פון אַ וועזן. אָבער עס איז אויך אמת וואָס ר׳ יהודה הלוי האָט געשריבן: „ווען איך האָב געזוכט דיין נאָענטקייט און מיט גאַנצן האַרצן האָב איך דיך גערופן, און ווען איך בין אַרויס דיך צו געפינען, האָב איך דיך אַנטקעגן זיך אָנגעטראָפן". מען קאָן ניט זען גאָט פנים אל פנים, אָבער זיין בנמצאָדיקייט קאָן מען יאָ דערפילן. פאַרן מענטשן איז דער כביכול אַ בעל־רצון און ער מאַכט רוען זיין פראַכט אויף דעם, וואָס זוכט אים און וויל אים געפינען. ער אַנטפּלעקט זיך צום מענטשן אין אַ באַגריף אָדער געשטאַלט לויט דעם זוכערס צוגרייטונג און מדרגה און גייסטיקער אַנטוויקלונג.

איך מיין, אַז ווען מיר זאָגן זיך אָפּ צו באַנעמען גאָט אין דער באַגרע־נעצטער פאָרם, וואָס מיר קאָנען אים באַנעמען, נאָר מיר באַשטייען צו פאַר־שטיין דעם כביכול אין זיין גאַנצער שטאַרקייט און גרויסקייט פון זיין אומ־ענדלעכקייט און אייביקייט, בלייבן מיר אָן אַ גאָט.

מיר וועלן ווערן צוריק יידיש שעפעריש, ווען מיר וועלן זיך אויפהערן צו שרעקן אָנצונעמען אַ באַשטימטע באַגרענעצטע פערזאָניפיקאַציע פון גאָט, אַזאַ באַגרענעצטע פערזאָניפיקאַציע וועט ניט נאָר דערמעגלעכן פאַר אונדז אַן אינטעלעקטואַלע ליבשאַפט און דערקענונג פון גאָט, נאָר אויך אַן עמאָציאָ־נעלע אמונה מיט אַ פאָרם פון קאָנקרעטיזאַציע, מצוות, וואָס האָבן אַ זינען און באַטייט.

ניסן, תשכ״א — טבת תשכ״ג

ביבליאָגראַפיע: תורת חסידות, ברוך שפינוזה, תרגם מרומית על ידי יעקב קלאצ־קין; אויך גענוצט דעם ענגלישן טעקסט פון ר. ה. מ. עלוועס; ש. ברנפלד: בני עליה, ברוך שפינוזה; הלל צייטלין: חיי אנשי השם: ברוך שפינוזה. רמב״ם ספר המדע, מבאר בצירוף מבוא, על ידי ש. רבידוביץ; יוליס גוטמן: דברים על הפילוסופיה של הדת; שמעון ראַווידאָוויטש: שריפטן, דאָס קאַפּיטל „גאָט און מענטש לפי דעם רמב״ם".

# דער מקור פון רחמנות און בעל־רחמים

**תלמיד:**

ילמדנו רבנו, עס זאָגט די גמרא: „מאי דכתיב: 'אחרי ה' אלקיכם תלכו' (דברים יג, ה), אָט דס וואָס עס שטייט אין פסוק נאָך גאָט אייער גאָט זאָלט איר גיין, ווי איז עס מעגלעך נאָכגיין דער שכינה? עס איז דאָך פריער געזאָגט געוואָרן: 'כי ה' אלקיך אש אכלה הוא' (דאָרט ד, כד) — גאָט דיין גאָט איז אַ פייער וואָס פאַרצערט. נאָר עס מיינט נאָכפאָלגן גאָטס מידות, אָט ווי ער האָט באַקליידט די נאַקעטע און איז מבקר חולה, אַזוי זאָלסטו טאָן" (סוטה יד, א). נאָך שטאַרקער און קלאָרער איז דער ספרי דבי רב: „'ללכת בכל דרכיו' — צו גיין אין זיינע וועגן, דאָס זיינען די וועגן פון הקדוש ברוך הוא, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: 'ה', ה' א־ל רחום וחנון ארך אפים ורב חסד ואמת, נוצר חסד לאלפים נושא עון ופשע וחטאה ונקה' (שמות לד, ו־ז) — גאָט, גאָט איז אַ דערבאַרעמדיקער און אַ לייטזעליקער גאָט, איינגעהאַלטן אין צאָרן, און גרויס אין גענאָד און אמתדיקייט; ער האַלט גענאָד ביז דעם צוויי טויזנטסטן דור (זע רש"י); ער פאַרטראָגט זינד, פאַרברעכן און חטאים און ער שענקט (דער ספרי שטעלט זיך אָפּ ביים וואָרט „ונקה"). און אין אַן אַנדער פסוק זאָגט ער: 'והיה כל אשר יקרא בשם ה. ימלט' (יואל ג, ה) — און עס וועט זיין יעדער וואָס וועט אָנגערופן ווערן מיט דעם נאָמען פון גאָט וועט אַנטרונען ווערן — ווי איז עס מעגלעך פאַר אַ מענטשן אָנגערופן צו ווערן מיט דעם נאָמען פון גאָט? נאָר וואָס? עס מיינט, אַז אַזוי ווי דער אויבערשטער ווערט אָנגערופן דערבאַרעמדיקער און לייטזעליקער, אַזוי זאָלסטו אויך זיין אַ דערבאַרעמדיקער און אַ לייטזעליקער — ועשה מתנת חנם לכל — און דו זאָלסט טאָן אומזיסטע טובות צו אַלעמען" (ספרי, פרשת עקב, מט).

פאַרשטיי איך ניט, רבי, ווי אַזוי קאָנען מיר באַצייכענען גאָט ווי אַ בעל־רחמים, אַ לייטזעליקער גאָט, וואָס פירט זיך אויף עטיש — מיט גערעכטי־קייט? מיר דערקענען גאָט, אָדער בעסער נאָך, עס איז מעגלעך צו דערקאָנען אים פאַר אונדז, אַ ילוד־אשה, אַ מענטש מיט פינף חושים, בלויז דורך זיינע מאַניפעסטאַציעס אין דער נאַטור. זאָגט דער רבנו בחיי (שער הבחינה פרק ה): „אין פסוק שטייט געשריבן: 'השמים מספרים כבוד א־ל, ומעשה ידיו מגיד הרקיע' (תהילים יט, ב) — די הימלען דערציילן דעם כבוד פון גאָט, און די

טואונג פון זיינע הענט זאָגט דער הימל־געוועלב; און אַן אַנדער פּסוק זאָגט: ׳כי אראה שמיך מעשה אצבעותיך, ירח וכוכבים אשר כוננתה׳ (דאָרט ח, ד) — ווען איך זע די הימלען, דעם אויפטו פון דיינע פינגער, די לבנה און די שטערן, וואָס דו האָסט איינגעשטעלט — ווער עס זעט די אַלע זאַכן און טוט זיך צוקוקן צו זיי, ווערט ער דערין זען די סימנים פון גאָטס חכמה און מאַכט, וואָס די מענטשלעכע מחשבות קאָנען עס ניט באַנעמען״. מיינט עס, אַז מיר קאָנען קריגן אַן אַנונג פון דעם כביכול, די אַבסאָלוטע רעאַליטעט, נאָר דורך זיינע מאַניפעסטאַציעס אין דער נאַטור. אויב אַזוי, וואו האָט דער מענטש געזען אין דער נאַטור רחמנות און לייטזעליקייט? די נאַטור איז אַמאָראַליש. זי איז גלייכגילטיק, אויב מען קאָן עס אַזוי זאָגן, צו מענטשלעכע ליידן און יסורים.

מען קאָן אפשר דערקלערן דאָס צושרייבן פון דעם געפיל פון גערעכטיקייט, וואָס דער פּרימיטיווער מענטש האָט צוגעשריבן צו גאָט, מיט דעם, וואָס דער מענטש האָט דעמאָלט געלעבט אין אַ געזעלשאַפט, וואָס דער יחיד האָט זיך נאָך גאָר ווייניק אַרויסגעטיילט פון ציבור, און דער הערשער איז געווען אַלמעכטיק. דער יחיד האָט געלעבט נאָר דורכן חסד פון מלך. דער אונטערטאַן איז געווען פול מיט דאַנקשאַפט פאַר יעדן קרישקעלע, וואָס דער הערשער אין זיין גענאָד האָט אים צוגעוואָרפן. דער מענטש האָט געשאַפן דעם גאָט־געשטאַלט אין דער גלייכעניש פון זיין ערדישן הערשער. דער מענטש האָט געזען רחמים און חסד וואָס גאָט האָט אים געגעבן אברים וואָס פונקציאָנירן פאַר די הצטרכותן פון גוף. עד־היום דאַנקט דער פרומער ייד וואָס גאָט האָט אין אים געמאַכט די ריכטיקע עפענונגען אין גוף צו פונקציאָנירן אין זיין נויט. עס קאָן נאָר אַזוי טראַכטן אַ יחיד וואָס האַלט, אַז ער איז אַ קנעכט אָן קיין שום זכיות, רעכט, אַפילו דאָס אָטעמען איז אַ געשאַנק פון דעם אַלמעכטיקן, און נאָר דאָס רחמים און גוטסקייט פון הערשער לאָזן דעם מענטשן לעבן און די נאַטור זאָל געדייען, בליען און וואַקסן; אַלע פונקציעס פון לעבן און דאָס געדייען קומען נאָר דורך דער לייטזעליקייט פון אים, דעם גרויסן בעל־רחמים, וואָס איז אַזוי מעכטיק, אַז ער קאָן יעדע רגע אָוועקנעמען פון אונדז און פון דער וועלט זיין חסד, און דעמאָלט בלייבן מיר טויט.

דאָך האָט אַפילו ביי דעם פּרימיטיוון מענטשן זיך געדאַרפט דערוועקן ספיקות וועגן דעם אויבערשטנס גוטסקייט. דער הכנעהדיקער מענטש ווערט אָפט פול מיט צאָרן פאַרן דאַנקען פאַר יעדער קלייניקייט. על אחת כמה וכמה דער מאָדערנער גלויביקער. אַפילו דער מענטש וואָס גלויבט, אַז אַ באַוואוסט־זיניקער שעפערישער כוח האָט געשאַפן די וועלט און דער מענטש איז געשאַפן

געוואָרן אין זיין געשטאַלט, איז אים אוממעגלעך צו פאַרשטיין ווי אַזוי מען קאָן צושרייבן צו דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט וועלכע עס איז גנעדיקייט. פאַרקערט, ער איז גלייכגילטיק, ווי די נאַטור אַרום אונדז. לויט ווי מיר קאָנען אָבסערווירן וואָס עס טוט זיך אַרום אונדז איז זיין גלייכגילט אַ סך גרעסער ווי זיין חסד. עס איז דאָ מער אַנטאַגאָניזם אין באַשאַף ווי קאָאָפּעראַציע. פאַר יעדן שטיקל קאָאָפּעראַציע, וואָס ער האָט מזכה געווען זיין באַשאַף, האָט ער אַריינגעטאָן אין אים רשעות און אַנטאַגאָניזם. ווען מיר זאָלן נאָכטאָן זיינע מעשים און נאָכפאָלגן זיינע וועגן, ווי זיי מאַניפעסטירן זיך אין דער נאַטור אַרום אונדז, וואָלטן מיר געווען נאָך ערגער ווי מיר זיינען איצט. דאָס ביסעלע יושר, גוטסקייט און רחמים וואָס מיר פאַרמאָגן נעמט זיך דערפון, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט קעגן דער נאַטור אַרום אונדז.

אָבער זאָל זיין, אַז מיר ווילן דערזען און דערפילן אַז זיינע דרכים זיינען רחמים און לייטזעליקייט און אַבסאָלוטע גוטסקייט און פּערפעקציע, פרעגט זיך, ווי אַזוי קאָנען מיר נאָכטאָן זיינע מעשים, ווען דער מרחק צווישן אים און מענטש איז אַזוי גרויס? ווי אַזוי קאָן זיך דער מענטש פאַרגלייכן צו אים, דעם אַלוויסנדיקן, דעם אַלמאַכטיקן, אומעטומיקן און כל־יכולדיקן כוח? מיר זיינען ילודי־אשה, מענטשן געבאָרן פון אַ פרוי מיט פינף חושים נאָר, ווי אַזוי קאָנען מיר האָבן די העזה צו פאַרגלייכן זיך מיטן כביכול? זיינען ביי מיר דאָ צוויי קשיות. די ערשטע קשיה איז, ווי אַזוי איז דער מענטש געקומען צום באַגריף, אַז דער כביכול איז אַ בעל־רחמים און ער איז די פאַרקערפּערונג, אָדער דער סימבאָל פון דער אַבסאָלוטער גערעכטיקייט, יושר און צדק? און שנית, ווי אַזוי קאָן אַ ילוד־אשה, אַ מענטש מיט די פינף חושים, זיך פאַרגלייכן צו אים, צום כביכול, ווען עס איז אַזאַ גרויסער מרחק צווישן אונדז און אים? עס איז ממש אַ תהום צווישן גאָט און מענטש און ווי אַזוי קאָן דער מענטש טראַכטן נאָכצוטאָן דעם שעפער פון קאָסמאָס?

**ע נ ט פ ע ר :**

ראשית, וועגן דיין הנחה וועגן דעם מרחק־תהום צווישן מענטש און גאָט, דער באַוואוסטזיניקער שעפערישער כוח אין קאָסמאָס. אויב איינער איז געקור־מען צום געדאַנק, אַז דער מענטש איז געשאַפן געוואָרן פון אַ באַוואוסטזיניקן שעפערישן כוח און ניט על־פּי צופאַל, איז דאָס אַליין מחייב אַ שייכות צווישן גאָט און מענטש. עס קאָן ניט זיין קיין אַבסאָלוטע אָפּגעזונדערטקייט צווישן באַשאַפער און זיין באַשאַף. זאָל זיין, אַז אין דעם באַשאַפענעם איז דאָ דער קלענסטער ברוכטייל פון זיין שעפער, איז אַלץ דאָ אַ שייכות צווישןביידן.

דערפאַר, וויבאַלד אַז דער מענטש האָט באַקרוינט דעם כביכול מיט די אייגנקייטן פון חסד, רחמים, לייטזעליקייט און אַבסאָלוטע גערעכטיקייט, מוזן עס זיין די ניצוצות, די אָפּשפּליטערס פון דעם כביכול. אַניט, פון וואַנען וואָלטן אָט די דאָזיקע באַגריפן געקומען צום מענטשן?

איך בין דאָ ניט אויסן צו בוצן דעם אָנטאָלאָגישן באַווייז, אַז ווייל עס איז דאָ די אייגנשאַפט פון עטיק אין מענטשן דערפאַר איז עס קלאָר, אַז עס מוז זיין אַן אַבסאָלוטע עקזיסטענץ מיט אַן אייגנקייט פון עטיק. איך ווייז באַר אָן, אַז דער באַגריף פון גערעכטיקייטביים גלויביקן איז ביי אים מחייב אַ כביכול מיט פּערפעקטע מידות. אין תוך קאָן ניט זיין קיין עטישע אמונה אָן אַן עטישן גאָט. דער דאָזיקער באַגריף ביים גלויביקן איז אים מחייב צו זוכן דעם וועג צו פּערפעקטע מידות. אָבער וויבאַלד דער מענטש פילט זיינע פּגימות שטרעבט ער צו אים און דינט צו אים כדי צו ווערן אַן אָפּשפּיגלונג פון אים, דעם כביכול. דאָס פירט צו הכנעה און ליבשאַפט, אויך יראה. ער קוקט אַרויף צו גאָט מיט דער פאַערונג און פאַרכטיקייט פון אַ קינד צום טאַטן. לאָמיר מאַכן אַ משונהדיקע אַנאַלאָגיע. וויפל דאַנקבאַרקייט וואָלט אַ גוטע פאַעמע געפילט צום דיכטער, ווען די פאַעמע וואָלט געווען אַ לעבעדיק וועזן. וואָס איז דער וואונדער וואָס דאָס האַרץ פון אַ גלויביקן איז פול מיט דאַנק פאַרן חסד פון רעלאַטיוון פּערפעקטן איינשטעל פון גוף, ווען ער איז ניט קראַנק; און נאָך מער דאַנקבאַר פאַר די גייסטיקע אייגנשאַפטן מיט וואָס ער איז באַשאָנקען געוואָרן. נאָך מער, ווען אַ גוטע פאַעמע וואָלט געווען אַ לעבעדיק וועזן וואָלט זי זיכער געוואָלט און געשטרעבט נאָכצומאַכן זיין שעפער דעם פּאָעט, ניט געקוקט וואָס דאָס ליד איז ניט מער ווי אַ קליינער שפּליטער פון דעם פּאָעטישן פאַרנעם פון דעם פּאָעט.

פאַראַן אַ סך מענטשן, וואָס נעמען אָן די היפּאָטעזע, אַז סיי דער קאָסמאָס, סיי די וועלט און סיי דער מענטש זיינען אויפגעקומען צופעליק דורך אַ ריי ביסימדיקע צופאַלן, אָדער דורך אַ שאַפנדיקן כוח, וואָס דער מענטש און די נאַטור קאָנען געדייען און פונקציאָנירן לויט איינגעשטעלטע געזעצן אָן דער אַריינמישונג פון דער אור־שאַפנדיקער רעאַליטעט, ווייל אָט דער דאָזיקער כוח איז ניט אויסן געווען צו שאַפן אַ וועלט מיט אַ תכלית און אַ מענטש פאַר אַ ציל. פאַר זיי איז דער פאַקט, וואָס דער מענטש פאַרמאָגט אין זיך באַרעמהערציקייט, גוטסקייט און גערעכטיקייט און גאַרט נאָך מידות טובות אַ באַווייז, אַז דער מענטש איז העכער פון אַ חיה. די רשעותדיקסטע געזעלשאַפט גרויסט זיך ניט מיט איר טאָטאַלער רשעות. זי קאָן זיך גרויסן מיט איר דורך־און־דורכיקער רשעות מחוץ איר אייגענער געזעלשאַפט. אָבער אַלעמאָל פּרעטענ־

דירט זי, אַז עס איז לטובת אַ באַשטימטן כלל, זאָל זיין אַ זייער באַגרענעצטע גרופּע. עס איז ניט געווען נאָך אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט, אַז עס זאָל אויפקומען אַ באַוועגונג נאָר פאַר צעשטערונג אַליין.

דער מענטש איז אַ דינאַמישער וועזן. גוט און שלעכטס הערשן אין אים בערבוביה — צונויפגעמישט און צונויפגעקלעפּט, ניט צו פאַנאַנדערטיילן. ניין, דער מענטש ווערט ניט אַלעמאָל באַהערשט פון גוטע מידות, אָבער ער האַלט, אַז די גוטע מידות דאַרפן געוועלטיקן. עס איז עפּעס ווי אין מענטשן וואָלטן געווען צוויי „איכן". איין איך וואָס פאָדערט, וואָס מאָנט און נויטיקט זיך אין אַן עטישן אויפפיר. אָט דער „בעסערער" איך זאָגט אָן אַלעמאָל דעם אַנדערן „ערגערן" איך, אַז מען דאַרף זיך אויפפירן ווי געהעריק.

דער מענטש וואָס האַלט ניט פון אַ פאַרויס פאַרטראַכטער געשאַפענער וועלט פון דער באַוואוסטזיניקער רעאַליטעט, האָט ניט קיין יראת־הכבוד פאַרן שעפער, פאַר גאָט אויסער אים; אָבער ער קאָן זיך ניט העלפן צו ניט האָבן קיין פאַרכט, יראת־הכבוד, פאַר זיין בעסערן איך, וואָס היט אים אַלעמאָל, און באַפעלט אים צו אויפפירן זיך לויט געבאָטן וואָס איז פלוג זיינען זיי ניט קיין געבאָטן.

מעטאַפאָריש גערעדט, עס איז דאָ אין דעם מענטשן אַ „גוטער־טייל", וואָס שאַפט געבאָטן פאַר דעם שלעכטן צד, דעם „ערגערן־טייל" אין מענטשן. עס איז דאָ אַ באַוואוסטזיין אין דעם מענטשן, וואָס לאָזט אים ניט צורו. ער לערנט אים, אַז עטישקייט איז אַ נויטווענדיקייט; אַפט ניט פאַר דעם עצם עקזיסטענץ פון מענטשן, אָדער דער געזעלשאַפט, נאָר כדי דער מענטש זאָל זיך פילן ווי אַ „מענטש".

דאָס געראַנגל אין מענטשן צווישן גוטס און שלעכטס, אָט דעם דאָזיקן קאָנפליקט אין מענטשן באַצייכענען מיר יצר־טוב און יצר־הרע. אָבער דאָס זיינען ניט קיין צוויי באַזונדערע כוחות אויסער דעם מענטשן. דאָס איז די דינאַמישקייט אין עצם מענטש. אין אַן אידעאַלער געזעלשאַפט קאָן מען דינען גאָט אַפילו מיטן יצר־הרע, ווי דער מאמר אין משנה וואָס זאָגט: „'בכל לבבך' בשני יצריך, ביצר טוב וביצר רע" — מיט דיין גאַנצן האַרצן — מיטביידע יצר'ס, מיטן יצר־טוב און מיטן יצר־רע (ברכות פרק תשיעי, משנה א, דף נד, א).

בדרך־כלל, ווי שטאַרק דאָס שלעכטס איז אין מענטשן, פילט ער זיך פאַרט בעסער צו זיין גוט ווי רשעותדיק. עס איז גרינגער צו זיין הפקרדיק, אָבער עס איז אַ פראַגע צי עס איז באַקוועמער. די עקזיסטענץ פון אַזאַ עמאָציע, די שפּירונג פון גוטס, וואָס איז דער קבין, זאָל זיין בדרך־כלל, נאָר ביי

אַ מינדערהייט, ביי אַן עטיש־איניציאַטיווער מינאָריטעט פון אויסדערוויילטע פאַר אומרו, איז דער בעסטער באַוויז, אַז עס איז דאָ אַ גאַרונג צו אַ כביכול, אַז דער מענטש נויטיקט זיך אין אַ גאָט ווי אַ טרייב־כוח. איז ניט וויכטיק וואָס פאַר אַ באַגריף גאָט דער מענטש האָט. דער רצון צו אידענטיפיצירן זיך מיטן באַגריף גערעכטיקייט, מיט רחמים, אָפט אויף אַ זייער און זייער אַ פאַר־קריפּלטן אופן, מיינט אין תוך אַ פאַרלאַנג צו ווערן, אָדער זיין, וואָס ווערט אָנגערופן אין דער תורה „קינדער פון גאָט״. „בנים אתם לה׳ אלקיכם״ (דברים יד, א) — קינדער זייט איר צו גאָט אייער גאָט.

דאָס איז אַ גרויסע טרייסט פאַר אונדז, ווייל עס גיט אונדז אַ האָפענונג פאַר אַ גוטער און גליקלעכער צוקונפט — אַ לעתיד־לבוא.

תשרי תשכ״ב — מנחם־אָב תש״ל

# II

# די מערכה פון יידישן סעקולאַריזם

## א.

### דער זיג פון השכלה

ביז איצט איז נאָך ניט אָנגעשריבן געוואָרן קיין גרינטלעכע אַרבעט וועגן דער ראָלע פון השכלה אין יידישן לעבן. די השכלה האָט געענדערט דעם גאַנצן יידישן לעבנס־שטייגער. זי האָט געהאַט, לכל־הדעות, אַ גרעסערע השפעה אויף דעם גאַנצן יידישן פאָלק ווי חסידות. דאָך זיינען וועגן חסידות אָנגעשריבן געוואָרן צענדליקער און צענדליקער ביכער, און וועגן דער ווירקונג אין דער געשיכטע פון השכלה איז עד־היום ניטאָ קיין וויכטיק, גרינטלעך ווערק.

מען האָט זייער שטאַרק איבערגעטריבן די וויכטיקייט און גרויסקייט פון חסידות. שרייבט ש. א. האָראָדעצקי: „אין אַ געוויסן זין האָט חסידות געגעבן יידן אַ נייעם גאָט, אַ פאָלקס־גאָט; אַ גאָט וואָס דאגהט זיך און נעמט אָן אָנטייל אין די ליידן פון גאַנצן פאָלק, אַ גאָט וואָס אַלע יידן זיינען גלייך אין זיינע אויגן, ׳סיי גוטע און סיי שלעכטע׳ — — — אַ גאָט וואָס איז אין גאַנצן גוטסקייט, וואָס האָט רחמנות און איז מוחל, וואָס איז ניט שטרענג און פאָדערט ניט מען זאָל אים דינען לויט באַשטימטע געזעצן און פאָרויס־אויסגעשטעלטע געבאָטן. אים אַרט ניט אויף וואָס פאַר אַן אופן מען דינט צו אים. ער שטעלט ניט אײן קיין צוימען און קיין צופיל איינצלהייטן־דקדוקים. קיין זאַך (מצווה) דאַרף ניט זיין קיין צוואַנג. אויב עס איז מעגלעך פאַר אַ מענטשן דאָס צו טאָן, זאָל ער עס טאָן, און אויב ניט — איז ניט. און אַז ס׳טרעפט אַז אַ מענטש קאָן בכלל ניט דינען גאָט, איז וואָס? ווען אייבער איז געצוואונגען (עפּעס טאָן וואָס מען טאָר ניט) פאַרגיט אים גאָט. דער עיקר איז דער אינהאַלט (תוך), דער גייסט אין האַרצן. אויב עס וואָלט זיך געפונען אַ מענטש וואָס איז ראוי און ווערט, איז ער פּטור פון מצוות־מעשיות" (ש. א. האָראָדעצקי, „החסידות והחסידים", כרך ד׳, ז׳ 49).

דוכט זיך, אַז דאָס איז אַן איבערגעטריבענע אָפּשאַצונג פון איינעם וואָס איז שוין געשטאַנען מחוץ דעם לעבן פון חסידות און ער האָט אויפגעבויט אַ חסידישן וועלט־באַנעם, וואָס איז ניט געווען אין רעאַליטעט. זיין נאָסטאַלגיע

האָט צונויפגעקליבן שטיקלעך און ברעקלעך פון חסידישע ספרים און געשאַפן אַ חסידות, וואָס האָט געזאָלט זיין. גערעכט איז שמעון דובנאָוו: „חסידות איז ניט קיין רעפאָרם, וואָס רירט אָן די וואָרצלען צי די צווייגן פון דער רעליגיע. ניט די אמונה וויל זי רעפאָרמירן, נאָר דעם גייסט פון מאמין: זי וויל שטאַרקן אין אים דאָס געפיל איבערן שכל — — — די תורה פון האַרץ איבער דער תורה פון בוך. אמת, חסידות האָט אויסגענוצט צוליב דעם דאָזיקן ציל פאַרשיידענע פאַנטאַזיעס און אָבערגלויבנס — און אַזוי אַרום האָט זי אַריינגעטראָגן אין דער געלייטערטער יהדות עלעמענטן, וואָס זיינען איר פרעמד" (געשיכטע פון חסידיזם, ערשטער באַנד, ז' 9).

אפשר איז אין דעם אור־אַנהויב פון חסידות געווען אַ שפּור פון קעגנערשאַפט צום שולחן־ערוך און דער שטרענגער הלכה, אָבער אין גאָר אַ קורצער צייט זיינען די חסידים געוואָרן אַ סך פרימער פון די מתנגדים און אָפּגעהיט אין מצוות מער און מער. די פיאות זיינען געוואָרן גרעבער, די טלית־קטנס גרעסער און דער שבת שטרענגער. חסידות האָט נאָך מער איזאָלירט יידן פון דער ברייטער וועלט און דער לעבנס־שטייגער איז מער פאַרגליווערט געוואָרן.

גאָר עפּעס אַנדערש איז געשען מיט דער השכלה. זי האָט רעוואָלוציאָנירט יידיש לעבן. יידן האָבן איבערגעביטן זייערע מלבושים, דיעטע, און אָפילו געביטן זייער רו־טאָג. פאַקטיש רוען איצט מער יידן זונטיק ווי שבת. יידן האָבן אָנגעהויבןריידן אַן אַנדער לשון, אָדער לשונות. אָפילו פון לשון־קודש האָבן זיי געמאַכט אַ סעקולאַר לשון — העברעאיש. אפשר דער טיפסטער שינוי אין יידישן וועלט־באַנעם, וואָס השכלה האָט אַרויסגערופן, איז, וואָס יידן האָבן אויפגעהערט צו באַטראַכטן די תורה ווי דעם צענטער אין זייער לעבן און וועגווייזער. טויזנטער יאָרן איז די תורה געשטאַנען אין צענטער פון יידיש לעבן און אַלע חכמות פון דער וועלט זיינען געווען אַ טפל צו איר. יידן האָבן אָבער איצט פאַרביטן די תורה אויף וויסנשאַפט און ליטעראַטור. דער שולחן־ערוך האָט מער ניט רעגולירט דאָס לעבן פון דורכשניטלעכן ייד. דער באַגריף פון ביטול־תורה איז אין גאַנצן פאַרשוואונדן ווי אַן עיקר אין יידיש לעבן.

השכלה האָט געזיגט אין יידישן לעבן. מיר דאַרפן און מוזן פאַרשטיין, אַז עס איז אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג אין דער יידישער געשיכטע. עס איז גוט וואָס השכלה איז געוואָרן די הערשערין אין אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן. אָן השכלה וואָלטן מיר פאַרבליבן אַ פאַרגליווערטער שבט, וואָס קלאַמערט זיך אין אָבערגלויבנס, אַ שבט וואָס שטייט וויט פון דעם שטראָם פון דעם

אַלגעמיינעם לעבן פון די פעלקער. אָן השכלה וואָלטן מיר ניט געהאַט קיין ייִדישע ליטעראַטור, קיין העברעאישע ליטעראַטור, קיין מדינת ישראל, קיין אוניווערזיטעט אין ירושלים, קיין בר־אילן־אוניווערזיטעט אין תל־אָביב און קיין ישיבה־אוניווערזיטעט אין ניו־יאָרק; און אַפילו ניט קיין ליובאַוויטשער ישיבות אָדער וועלכע עס איז ישיבות אין גאַנץ אַמעריקע.

מיר האָבן שוין פאַרגעסן די שטיקנדיקע אַטמאָספערע פון ייִדישן לעבן אײדער דער השכלה־עפּאָכע. די איצטיקע ייִדישע פּובליציסטן, וואָס פּרעדיקן אַ צוריקקער צו פרומער ייִדישקייט, וואָלטן געמעגט איבערלייענען פון דאָס ניי טײלן פון דער השכלה־ליטעראַטור. אַט־די שרייבער וואָס אַליין זייַנען זיי מחלל שבת און זייַנען ניט אָפּגעהיט אין עסן כשרות און זייַנען גילוחים, וואָלטן אויסגעשלאָסן געוואָרן פון כלל ישראל, ווען מען זאָל זיך צוהערן צו זייערע רייד און זיך אומקערן צו יענעם לעבנס־שטייגער, וואָס זיי פּרעדיקן.

ניט י. ל. פּרץ, ניט יהודה שטיינבערג און אויך ניט מאַרטין בובער האָבן געשילדערט דעם אמתן חסידיזם. זיי האָבן צונויפגענומען די פונקען פון חסידות און געמאַכט דערפון אַ מין פילאָזאָפישע שיטה, אָן דעם פּסולת, אויסגעלאָזט דאָס רעאַלע, דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן. דער אמתער היסטאָרישער אָפּשאַצער פון חסידות איז געווען מ. ד. בראַנדשטעטער, וואָס האָט אַזוי הומאָריסטיש און רעאַל באַשריבן די חסידים.

מיר האָבן שוין פאַרגעסן די אומטאָלעראַנץ פון דעם ייִדישן מושב פאַר דער ווירקונג פון השכלה. דערציילט צבי כשדאי, אַז עס איז געקומען אין שטעטל אָן „אייניקל" פון בעש"ט, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן ניסים פון בעש"ט: „ביים בעש"ט איז געווען אַ טראַדיציע, אַז דער דניעסטער, וואָס לויפט צווישן פּאָדאָליע און בעסאַראַביע, איז דער ירדן; און לעבן כאָטין, וואָס איז ניט ווייט פון דניעסטער, געפינען זיך נאָך עד־היום די צוועלף שטיינער וואָס יהושע האָט אויפגעשטעלט, ווען די ייִדן זייַנען אַריבער דעם ירדן. די שטאָט כאָטין שטייט וואו יריחו איז געשטאַנען". איך האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און געזאָגט: „ווי איז עס מעגלעך, דער ירדן איז דאָך דער גרויסער טייך אין ארץ־ישראל?" אײדער איך האָב געענדיקט מיינע רייד האָט דאָס „אייניקל" מיך אָנגעקוקט מיט ביסטרע אויגן, וואָס האָבן געגלאַנצט פון דעם היפּשער פּאַרציע וויין, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען ביים „טיש" און אויסגערופן: „קום נאָר אַהער, דו שגץ, פון וואַנען ווייסטע עס?" איך האָב געענטפערט: „עס איז דאָך אַ בפירושער פּסוק אין יהושע"... אײדער איך האָב געענדיקט האָט דאָס „אייניקל" אַ פּאַטש געטאָן מיר איבערן מויל און מיך ניט געלאָזט מער ריידן און זיך אָנגערופן: „עס איז קלאָר אַז ער לערנט

לשון׳. אַ שאָד אויף אונדזער ר׳ חיימען, וואָס זיין זון איז געוואָרן אַן אַפּיקורס און לייקנט אין דער אמונה פון אונדזערע חכמים״. און תיכף האָבן מיר דער־לאַנגט מיט די הענט דער בעל־הבית פון הויז און מיינע קרובים („רשומות״, כרך ד, ז׳ 221). מיט אַ בלעטל פריער דערציילט דער זעלביקער מחבר, אַז ווען אַ גרופּע ייִנגלעך האָבן זיך צונויפגעלייגט אַ סומע געלט און געקויפט אַ גאַנג תנ״ך און עס אַריינגעשטעלט אויף דער פּאָליצע ספרים, וואָס איז געשטאַנען אין דער מערב־וואַנט פון בית־מדרש, האָט אַ בעל־הבית גענומען שרייען, שטורעמען און געליאַרעמט צו די חשובע בעלי־בתים אין שול: „קוקט אָן די ליידאַקעס! היינט דערלויבט איר זיי אַריינשטעלן אַזאַ זאַך אין בית־מדרש, און מאָרגן וועלן זיי אַריינשטעלן דאָ אַ צלם!״ (דאָרט, ז׳ 220).

השכלה האָט באַווירקט דעם גרעסטן טייל פון פאָלק. פּשוט: זי האָט סעקוליזירט יידן. שטעלט אָפּ צען יידן אין גאַס און פרעגט זיי: „גלויבט איר טאַקע, אַז מען וועט אייך באַשטראָפן אויף יענער וועלט פאַר אָנצינדן אַ שוועבעלע אום שבת? טראָגט איר ציצית? דאַוונט איר דריי מאָל אַ טאָג? היט איר אָפּ כשרות לויטן ריגאָריסטישן דין? גלויבט איר טאַקע אין תחיית־המתים, אַט טאַקע בוכשטעבלעך?״ אַדרבה, הערט וואָס דער דורכשניטלעכער ייד וועט אייך ענטפערן. דאָך ווערן אַזעלכע יידן פאַררעכנט פאַר גוטע יידן. קיינער וועט זיי ניט רודפן, קיינער וועט ניט מינערן פון פאַררעכענען זיי פאַר גוטע, טייערע יידן. דאָס איז דער אויפטו פון השכלה!

השכלה האָט באַווירקט די אָרטאָדאָקסיע צו אַ גראַד, וואָס זיי וועלן עס ניט צוגעבן. פאַראַן הונדערטער אָרטאָדאָקסישע רבנים, וואָס טראָגן ניט קיין באָרד און קיין סימן פון פּיאות; זיי האַלטן זיך פאַר יראים און שלימים און גייען אָנגעטאָן „דייטש״, לייענען צייטונגען און ביכער, וואָס איז דאָך אין תוך ביטול־תורה. פאַר דעם אָנקום פון השכלה האָט מען געצוואונגען יונגע־לייט אָפּצוגטן זייערע ווייבער פאַר אַ סך קלענערע „זינד״, ווי אָראָפּנעמען די באָרד און זיך אָנטאָן „דייטש״. דאָס וואָס זיי זיינען רבנים, אָדער ווערן אויפגענומען ווי רבנים, דאַרפן זיי דאַנקען דער השכלה.

ווען ניט די השכלה וואָלטן ניט מעגלעך געווען די ליובאַוויטשער ישיבות, ניין, אַפילו די פרימסטע פון די פרימסטע ישיבות. ווען איך האָב געוואָלט אָנקומען אין דער לידער ישיבה, וואו מען האָט געלערנט רוסיש אויפן שפּיץ מעסער און העברעאיש אויפן שפּיץ גאָפּל, האָט דער ראש־ישיבה פון קרע־מענטשוג, אויך דער רב פון שטעטל און דער חסידישער רבי פון מיין שטעטל, ניט געוואָלט מיר געבן קיין המלצה־בריוו צו דער אַפּיקורסישער ישיבה פון הרב ריינעס, דעם ציוניסט. איצט לערנט מען אין די פרימסטע ישיבות אַ

האלבן טאָג, יעדן טאָג, סעקולערע לימודים. דאָס איז דער אויפטו פון השכלה, פון די משכילים, וואָס האָבן געפּאָדערט „סקאָמייקעס" און אַ טאָוול אין חדר און וואָס האָבן זיך גערעכנט פאַר אַפּיקורסים.

דער גרעסטער רעוואָלוציאָנערער אויפטו פון השכלה איז דער ישיבה־אוניווערזיטעט, אין ניו־יאָרק. דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלע ענדערונג אין דער עלטסטער און וויכטיקסטער אינסטיטוציע — די ישיבה. פאַר פולע צוויי טויזנט יאָר, און נאָך מער, האָט די ישיבה ניט געביטן איר כאַראַקטער; די ישיבה איז געבליבן אַ טעאָלאָגישע אינסטיטוציע. באמת קאָן מען ניט אָנרופן די ישיבות פון די עלטסטע צייטן ביזן ישיבה־אוניווערזיטעט מיטן נאָמען „טעאָלאָגישע אינסטיטוציעס". די ישיבות זיינען ניט געווען קיין סעמינאַרן, וואו מען האָט צוגעגרייט רבנים און אַנדערע כלי־קודש. מען האָט אין דער ישיבה ניט געלערנט קיין באַשטימטע לימודים, ספּעציעלע קורסן צו ווערן אַ רב, אַ שוחט, אָדער אַ דיין. מען האָט געלערנט תורה לשמה. דער וואָס איז געוואָרן אַ מלא וגדוש און געוואָלט נעמען סמיכה, האָט געקראָגן סמיכה. דער עיקר — די ישיבות זיינען געווען אַ מקום־תורה און מען האָט זיך ניט גע־רעכנט מיט דער גרויסער וועלט. די דרויסנדיקע וועלט איז ניט געווען וויכטיק... וויכטיק זיינען געווען די ד' אמות פון דער יידישער וועלט, וואו הלכה איז געווען דער איינציקער פאַקטאָר און וועגווייזער.

אין פלוג זיינען ביי די אומות העולם, ביז ניט לאַנג צוריק, די העכערע לערן־אינסטיטוציעס געווען ריין טעאָלאָגישע. אָבער אַפילו דעמאָלט האָט מען אין די דאָזיקע טעאָלאָגישע אינסטיטוציעס געלערנט (אמת, טעאָלאָגיש באַ־פאַרבט) פילאָזאָפיע, רעטאָריק, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, פיזיק־וויסנ־שאַפטן, מוזיק און אויך מעדיצין. צי די קירך האָט געוואָלט, צי ניט, האָבן די דאָזיקע העכערע לערן־אינסטיטוציעס געמוזט זיך אָפּגעבן אויך מיט סעקולערע לימודים, ווייל דאָס לאַנד האָט זיך גענויטיקט אין אַדמיניסטראַ־טאָרן, מעדיקער, מיליטער־לייט, פּערסאָנאַל פאַר אינדוסטריע און פאַרן מלוכה־אַפּאַראַט. ביסלעכווייז האָבן די דאָזיקע העכערע אינסטיטוציעס אַנטוויקלט וויסנשאַפטלעכע סקעפּטיקער און אַפּיקורסים. די דאָזיקע אָפּנויגערס זיינען געבליבן אין די אוניווערזיטעטן און סעקולערע אַנשטאַלטן, וואו מען לערנט אויך טעאָלאָגיע. גוטע ביישפּילן זיינען די אוניווערזיטעטן אין ענגלאַנד: קעמברידזש און אָקספאָרד, און אין אַמעריקע: האַרוואַרד, יעיל און קאָרנעל.

מיט די ישיבות איז אַזוינס ניט געשען. אויך אין די ישיבות זיינען אויפגעקומען אַפּיקורסים און סקעפּטיקער, אָבער זיי זיינען ניט געבליבן אין די ישיבות און זיי פאַרוואַנדלט אין סעקולערע אינסטיטוציעס, וואו מען

לערנט אויך טעאָלאָגיע. סעקולערע לימודים זיינען קיינמאָל ניט געוואָרן קיין אינטעגראַלער טייל פון די לימודים אין דער ישיבה. די ישיבות אין פוילן, רייסן, ליטע און גאַליציע מיט פופציק יאָר צוריק, זיינען געווען די זעלביקע ישיבות ווי נהרדעא, פומבדיתא און נאָך פריערדיקע, ווי מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

איצט, אין אַמעריקע, איז דער ייד אינטעגרירט געוואָרן אין דעם אַלגע־מיינעם לעבן. צוליב דער השכלה, וואָס האָט אַגיטירט פאַר וועלטלעכקייט און האָט סעקולאַריזירט יידיש לעבן, איז אויפגעקומען אַ ישיבה, וואָס שליסט ניט אויס די גרויסע וועלט. די גרינדונג פון דעם ישיבה־אוניווערזיטעט קאָן ברענגען צו שינויים אין יידישן לעבן, וואָס קיינער קאָן ניט פאָרויסזען.

ווען השכלה וואָלט ניט סעקולאַריזירט דאָס יידישע פאָלק, וואָלט דער אויפקום פון מדינת ישראל ניט געקאָנט רעאַליזירט ווערן. נאָר דער דור, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער ריגאָריסטישער פרומקייט, האָט געקאָנט ברענגען צו גאולת הארץ. מיט אַ הונדערט יאָר צוריק, ווען די אומות העולם וואָלטן דערלאַנגט ארץ־ישראל צו די יידן אויף אַ גילדערנער טאַץ, וואָלט ניט געקאָנט געגרינדעט ווערן קיין יידישע מדינה. אין יענער צייט זיינען ניט געווען קיין געגנוג יידן, וואָס וואָלטן געוואָלט זיין זעלנער־יוונים. יידן האָבן גייסטיק ניט געקאָנט זיין קיין סאָלדאַטן, בלוט־פאַרגיסער. עס וואָלטן ניט געווען קיין געגנוג יידן, וואָס וואָלטן געוואָלט זיין פּאָליציי, שומרים פון תפיסות און אַנגע־שטעלטע פאַר אַלע רשעות׳דיקע אַמטן פון אַ מדינה. חוץ דעם וואָלטן ניט געווען קיין געגנוג יידן, וואָס וואָלטן געווען גרייט מחלל שבת צו זיין פאַר צרכי הכלל, למשל: פאַרזאָרגן דאָס לאַנד מיט עלעקטריע, מיט וואַסער, מיט טעלעפאָן־באַדינונג וכדומה. בכלל וואָלטן יידן, אין יענע צייטן, ניט געטאָן קיין שום זאַך וואָס גייט אַרויס פון גדר הלכה אָן אַ היתר־רבנים. די רבנים פון יענע צייטן וואָלטן זיך ניט געאײַלט צו געבן היתרים, איבערהויפּט צו גילוחים און מחללי שבת. אַלע רבנים, זיכער גאָר, גאָר די גרעסטע מערהייט, זיינען איצט פאַר מדינת ישראל, ציוניסטן. מיר געדענקען נאָך גאַנץ גוט ווי אַלע רבנים, מיט אַ קליינעם יוצא מן הכלל, האָבן באַקעמפט ציוניזם. ווען די השכלה איז אַריינגעדרונגען אויך צו די רבנים, זיינען זיי געוואָרן איבערגעגעבענע ציוניסטן. די געציילטע רבנים, וואָס זיינען געווען ציוניסטן, איידער די השכלה האָט באַווירקט יידיש לעבן, זיינען געווען שטיקלעך משכילים.

למעשה האָט די השכלה געזיגט אויף אַלע פראָנטן אין יידישן לעבן, אָבער מאָדנע — דער וועלטלעכער סעקטאָר איז דורכגעפאַלן. ניט געקוקט

אויף אַלע שײנע רייד און באַרימערײ װעגן דעם דערפאָלג פון ייִדיש בײַ דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ און די „באַװײַזן", אַז װעלטלעכקייט פּאַסט פאַר אַמעריקאַנער ייִדן און דאָס גרויסן זיך (און עס איז דאָ מיט װאָס צו גרויסן זיך) מיט דער קינסטלערישער דערגרייכונג פון דער ייִדישער ליטע־ראַטור, איז די ירידה אין װעלטלעכן סעקטאָר ניט צו באַשרייבן און ניט אָפּצולייקענען. פאַרװאָס איז עס אַזוי?

## ב.

## דער דורכפאַל פון דעם זיגער

השכלה האָט געזיגט אין ייִדישן לעבן. זי האָט באַװירקט אַלע פאַזן פון דער ייִדישער װעלט. און עס איז גוט אַזוי, װײַל זי האָט געמאַכט גרעסער און ברייטער דעם ייִדישן האָריזאָנט און אַרויסגענומען פיזיש און גײַסטיק די עקסטרעמסטע אָרטאָדאָקסישע גרופּעס פון די ד׳ אַמות פון שולחן־ערוך. אָבער די גרופּע, אָדער סעקטאָר, װאָס האַלט זיך פאַר דעם יורש און פאָרשטייער פון דער השכלה, איז דער פאַרװאָרלאָזטער און אָרעמסטער און האַלט בײַם פאַרלירן װעלכע עס איז השפּעה אויפן ייִדישן לעבן.

איינער פון די גרעסטע חסרונות אין ייִדישן װעלטלעכן סעקטאָר איז דאָס, װאָס מיר האָבן מורא צו קוקן דעם אמת אין די אויגן. טאָמער קומט איינער און שילדערט דברים כהװײתם — די לאַגע װי זי איז — פאַרשרייט מען אים װי אַ שונא פון ייִדיש לשון און אַ קעגנער פון דער ייִדישער ליטע־ראַטור און קולטור; אַן אמתער אַסימילאַטאָר, רחמנא ליצלן. עס איז בײַ אונדז געװאָרן אַ מאָדע, אַז װען מיר ריידן װעגן דעם שלעכטן מצב פון אונדזער ייִדישיסטישער באַװעגונג, װײַזן מיר אָן אויף דער ירידה אין אַלע רעליגיעזע באַװעגונגען אין לאַנד. מיר שטעלן זיך אַפילו ניט אָפּ פון אויסלאַכן די אומגעלומפּערטסטע אויסטראַכטעניש אויף רעפאָרם־ייִדישקייט און באַשולדי־קונגען קעגן דער אָרטאָדאָקסיע. אין דער זעלבער צײַט באַרימען מיר זיך מיט נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע אויפטואונגען און פאַרדינסטן פון אַמאָל.

לאָמיר זײַן אַביסל אָפנהאַרציק. בײַן, ייִדיש איז טאַקע נאָך ניט טויט; אָבער עס לעבט ניט קיין פולבלוטיק לעבן. אַװדאי זײַנען נאָך פאַראַן מיליאָנען ייִדן, װאָס ריידן ייִדיש און אפשר נאָך אַמאָל אַזויפיל, װאָס פאַרשטייען ייִדיש. אָבער עס פעלט ייִדיש צװײ עלעמענטן, צוליב װעלכע מען זאָל קאָנען באַ־הויפּטן, אַז ייִדיש איז באמת אַ לעבעדיק לשון. עס פעלט אונדז כאָטש אײן

יידישער קיבוץ, זאָל זיין דער קלענסטער פון אונדזערע ישובים, וואו די יידן זאָלןריידן אויסשליסלעך יידיש און ניט קאָנען קיין אַנדער לשון. אַ ישוב, וואָס קאָן ניט קיין אַנדער לשון חוץ יידיש, מוז זיין שפּעריש אין זיין לשון. אַ גאַנץ פאָלק, וואָס קאָן נאָך אַ לשון אויסער זיין אייגן לשון, קאָן ניט זיין שפּעריש אויף זיין אייגענער שפּראַך. דאָס פאָלק מוז אָנהויבן ריידן אַ זשאַר־גאָן. נאָך מער: עס פעלט אונדז דאָס קינד, וואָס פּלאַפּלט נאָר אויף יידיש און זויגט איין דאָס לשון מיט דער מאַמעס מילך און דאָס לשון בלייבט אַ טייל פון אים זיין גאַנץ לעבן, אַפילו ווען דער מענטש ווערט דערנאָך ריידן אַן אַנדער לשון אַ סך לענגער ווי ער האָט גערעדט זיין מאַמע־לשון. יידיש ווערט איצט באַרייכערט מיט נייע ווערטער און מיט נעאָלאָגיזמען און לעצטנס זיינען געשאַפן געוואָרן געננוג אויסדרוקן און ווערטער, וואָס קיינער קאָן ניט זאָגן, אַז יידיש איז צו אָרעם פאַר אים פאַר וואָס ער וויל נאָר שרייבן. אָבער יידיש איז באַרייכערט געוואָרן נאָר פון אַ טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ — די שרייבער אָדער די, וואָס יידיש איז ביי זיי אַ ספּעציעלער לוקסוס, אָבער ניט קיין נויטווענדיקייט אין זייער טאָג־טעגלעך לעבן און פאַרקער מיט מענטשן. מען קאָן איצט אָנווענדן אויף יידיש אברהם רייזענס פערז:

„און מיין לעבן איז געגליכן
צו אַ לאָמפּ מיט ווייניק נאָפט,
ווערן ווערט ער בישט פאַרלאָשן
און ברענען האָט ער ניט קיין קראָפט".

נאָך שלעכטער איז מיט דער יידישער דערציאונג. די וואָס זיינען זיך מתעסק מיט יידישן חינוך וויסן, אַז ס'איז נאָך ווייניקער פון אַ שפּיל. אונדזער וועלטלעכע שול איז ניט מער ווי דער אַלטמאָדישער חדר. איין צימער מיט איין מלמד פאַר אַלע כיתות. לערנען לערנט מען אין די דאָזיקע אַלטמאָדישע חדרים נאָר אַ שעה אַ טאָג, דריי מאָל אַ וואָך. עס איז אַפילו קיין שעה אַ טאָג אויך ניט, ווייל מען צעבטלט דאָך אַ צען מינוט פאַר איינאָרדענען דעם קלאַס און אַרויסלאָזן אים. עס זיינען דאָ גאָר ווייניק שולן וואו מען לערנט פינף מאָל אַ וואָך. יאָ, ווינטער־צייט — אויב מען לערנט פרייטיק — איז דאָס לערנען נאָך ווייניקער ווי אַ שעה. איצט האָבן זיך געעפנט אַ סך זונטיק־שולן, יידישיסטישע זונטיק־שולן, וואו יידיש איז בלויז אַ לימוד, ניט די שפּראַך פון לימוד. מאַך איך דאָ אַ באַהויפּטונג, אַז דער דורכשניטלעכער תלמיד, וואָס פאַרענדיקט אַ יידישיסטישע פינף־טאָגיקע נאָכמיטאָג־שול, קאָן ניט איבערלייענען פאַר זיך אַ בלעטל פרץ און מענדעלע. פאַרשטייט זיך, אַז

עס איז פאַראַן אַ קליינער אויסנאַם. אָבער דער יוצא מן הכלל באַשטעטיקט דעם כלל.

די דורכשניטלעכע צאָל קינדער אין אַ יידישיסטישער נאָכמיטאָג־שול, ניט אַריינרעכענענדיק די זונטיק־שולן, איז אַרום דרייסיק, און אפשר נאָך ווייניקער. אין גאַנץ ניו־יאָרק רבתי זיינען דאָ אפשר דריי יידישיסטישע נאָכ־מיטאָג־שולן, וואָס האָבן מער ווי איין לערער, ווייל עס געפינען זיך אין שול פאַראַלעלע קלאַסן.

וועגן דער יידישער ליטעראַטור — לעצטנס דערשיינען די מערסטע יידישע ביכער אויסערגעוויינטלעך שיין געדרוקט און גאָר פּרכטפול געבונדן. עס איז אַזוי, ווייל מען דרוקט ניט די ביכער פאַר אַ לייענער־מאַרק. יעדעס בוך, כמעט אָן אויסנאַם, ווערט געדרוקט אויפן מחברס חשבון. אַ פּריוואַטע אויסגאַבע פאַר זיך און פריינט און באַקאַנטע. שרייבער מיט אַ „האַרטער הויט" דרוקן דאָס בוך אין טויזנט קאָפּיעס און צעשיקן די גרעסטע צאָל ביכער צו „גוטע אַדרעסן". עס איז אַ מין אויפלעבן דעם אַמאָליקן מנהג פון גיין איבער די הייזער מיט אַ בוך און זוכן מנדבים. אָבער אַ סך שרייבער וואָס איך קאָן, האָבן געדרוקט זייערע ביכער ניט מער ווי אין 200, אָדער 300 עקזעמפּלאַרן, און עס ליגן נאָך ביי זיי אַ צאָל ביכער אין קעלער. ווער האָט עס אַזויפיל פריינט און באַקאַנטע?

אין די פערציקער יאָרן און פריער זיינען אָנגעקומען צו אונדז צוויי וויכטיקע שטראָמען פון אימיגראַנטן. איין שטראָם: די עקסטרעם־פרומע און אַן אָרטאָדאָקסישער עלעמענט מיט זיי. אין דער זעלבער צייט און אין דער זעלביקער צאָל — און אפשר נאָך מער — איז געקומען אַ שטראָם אימיגראַנטן פון די פירער פון דער סעקולערער באַוועגונג און זייערע נאָכפאָלגער.

די פירער פון די פרומע גרופּעס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן גייסטיק געלעבט אין זעכצנטן יאָרהונדערט און אפשר גאָר אין מיטלאַלטער. זייערע נאָכפאָלגער זיינען געווען פון די צוריקגעשטאַנענסטע שיכטן פון אונדזער פאָלק. נאָך מער וויכטיק איז, וואָס די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן, און אַפילו די נעאָ־אָרטאָדאָקסן, אויך די חסידישע רביים זיינען אַריינגעפאַלן צו אַ ישוב יידן דאָ אין אַמעריקע, וואָס האָט באַוואוסטזיניק און נאָך מער אין דער הנהגה פאַרלייקנט די פונדאַמענטאַליסטישע רעליגיע, וואָס די ניי־געקומענע מנהיגים האָבן רעפּרעזענטירט. אָבער אין קורצע צען, פופצן יאָר האָבן די דאָזיקע רעליגיעזע גרופּעס געשאַפן אַ נעץ פון טאָג־שולן — ישיבות קטנות, ישיבות, שטיבלעך, מעמדים פון פּרושים; באַזעצט גאַנצע קוואַרטאַלן,

געגרינדעט אייגענע שטעטלעך דאָ אין אַמעריקע און קיבוצים אין מדינת ישראל. זיי האָבן ממש געשאַפֿן אַן אינטערנאַציאָנאַלע באַוועגונג: ישיבות אין פֿראַנקרייך, מאַראָקאָ און וואו ניט? נאָך מער: די צוויי געבליבענע יידישע צייטונגען זיינען געוואָרן רעליגיעז באַפּאַרבט. אַפילו די אַפּיקורסישע שרייבער האָבן אָנגעהויבן נוצן אַ רעליגיעזן זשאַרגאָן. די אָרטאָדאָקסישע גרופּע, וואָס איז דאָ געווען פֿריער שוואַך, איז געקרעפּטיקט געוואָרן. זי האָט שוין אַפילו געקראָגן גענוג כוח צו גרינדן אַן אָרטאָדאָקסישן ישיבה־אוניווערזיטעט, וואָס קאָן זיך פֿאַרמעסטן מיט די בעסטע אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן.

נאָך מער: זיי האָבן געגרינדעט פֿאַרלאַגן, וואָס דרוקן ניט נאָר ספרי רומ״ל, נאָר פּעריאָדישע שריפֿטן, וואָכנבלעטער אויף יידיש און ענגליש, אַ קינדער־זשורנאַל און מאָדערנע טעקסט־ביכער לויט זייער אידעאָלאָגיע. גאָר טשיקאַווע איז, וואָס די חסידישע גרופּעס און אַפילו די מוסרניקעס — וואָס האָבן אַלעמאָל באַקעמפֿט ממש יעדער סאָרט אינאָוואַציע — האָבן איבערגענומען אַלע מאָדערנע פּעדאַגאָגישע אייַנריכטונגען, אויסגעבויט מאָדערנע געביידעס, אָנגעשטעלט סטעף־לערער. בקיצור: געשאַפֿן פֿאַר זיך פּולע „שקאָלעס”, וואָס זיי האָבן אַזוי שטאַרק באַקעמפֿט.

די גרופּע סעקולערע אינטעלעקטואַלן, וואָס איז געקומען אַהער פֿון אייראָפּע, אין דער זעלבער צייט ווי די פֿרומע גרופּע, איז באַשטאַנען פֿון פֿירער פֿון אַלערליי פּאַרטייען, טעאָרעטיקער, שרייבער: זשורנאַליסטן, בעלעטריסטן און פּאָעטן; אַקטיאָרן, דירעקטאָרן פֿון טעאַטערס, גרויסע פּאָליטישע פֿירער און אָרגאַניזאַטאָרס פֿון אַרבעטער־פֿאַראיינען, אויך געניטע פּעדאַגאָגן און גרינדער פֿון אַלערליי סעקולערע אַנשטאַלטן. זיי האָבן דאָ דערוויסט אַ יידישע מאַסע, באמת דאָס רוב פֿון יידישן פֿאָלק אין אַמעריקע, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פֿון די סעקולאַריסטן און סאָציאַליסטישע פֿירער אין משך פֿון פֿופֿציק יאָר. דאָס פֿאָלק איז באמת געווען סעקולאַריזירט. עס זיינען געווען דריי יידישע טאָג־צייטונגען, וואָס אויך די „אָרטאָדאָקסישע” צווישן זיי איז אין תוך געווען וועלטלעך. די אַנדערע צוויי זיינען געווען לחלוטין סעקולער. זיי זיינען דערשינען אַפילו שבת. ביין, שבת איז די צייטונג געווען די רייכסטע אין לייען־מאַטעריאַל און אַנאָנסן, ווייל שבת איז געווען דער איינקויף־טאָג. עס זיינען געווען פֿאַרלאַגן, פּעריאָדישע אויסגאַבעס, זשורנאַלן וועכנטלעכע און חודשלעכע. דריי קינדער־זשורנאַלן, וואָס זיינען טאַקע געלייענט געוואָרן פֿון קינדער. פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, צוויי גרויסע פּראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס און הונדערטער יידישע שרייבער. דאָס זיינען געווען די דערקענטע גייסטיקע פֿירער, וואָס זיינען אַרומגעפֿאָרן

איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע און פאַרשפּרייט, דורך לעקציעס, יידישע קולטור. עס איז געווען אַ רייכע יידישע ליטעראַטור. די דריי צייטונגען האָבן געהאַט הונדערטער טויזנטער לייענער און אָפט „אויסגעכאַפּט״ שרייבער פון איין צייטונג צו דער אַנדערער. עס איז געווען אַ שול־באַוועגונג, אַן אָרעמע אָבער אַ דינאַמישע.

וואָס האָט אויפגעטאָן דער פרישער שטראָם פון די סעקולערע פירער? עס זיינען אַריבער עטלעכע און צוואַנציק יאָר, די צייטונגען זיינען איינגעשרומפּן און סיי די באַוואוסטזיניק־סעקולערע צייטונג און סיי די אָפיציעלע סאָציאַליסטישע צייטונג, ביידע, זיינען געוואָרן שטאַרק באַפאַרבט רעליגיעז. דער גאַנצער וועלט־יידישיסטישער סעקטאָר האָט זיך אַנגעהויבן צעפאַלן און די סעקולאַריסטן האָבן זיך דערשראָקן. האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע פון אַ „השיבנו״. אַ גאַנץ היפּשע גרופּע פון בעלעטריסטן, פּאָעטן און פּובליציסטן האָבן אָנגעהויבן צו לערנען אונדז, אַז די איינציקע תרופה פאַר אַ יידיש־שעפערישן לעבן איז אַן אומקער צום פונדאַמענטאַליסטיש־יידישן וועלט־באַנעם.

ווען איך לייען אַלע מאמרים, וואָס באַזינגען דעם אַלטן לעבנס־שטייגער — און די שרייבער, גילוחים און מחללי־שבת באַטאָנען, אַז דער איינציקער וועג פאַרן יידישן קיום און יידישער שעפערישקייט און האָפענונג קעגן טאָטאַלער אַסימילאַציע, איז אַ צוריקקער צו מאַנאַליטישער יידישקייט — פּיקט מיר איין געדאַנק אין קאָפּ: זאָל זיין אַז עס איז אמת. לאָמיר צוגעבן, אַז נאָר די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסישע יידישקייט קאָן אויפהאַלטן אונדז ווי אַ פאָלק. ווען מיר וועלן אָפּהיטן שבת מיט אַלע חומרות, טראָגן לאַנגע און גראָבע פּיאות, פאַרלאָזן דיקע בערד, אָנטאָן וואָלענע טלית־קטנס, אָנהויבן דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג און ווערן בכלל זהירים במצוות, אַפילו אָפּגיסן נעגל־וואַסער (פאַרשטייט זיך, בסירוגין) אַלע אין דער פרי, איידער מיר גייען אַראָפּ פון בעט — דעמאָלט וועט יידיש לעבן אָנהויבן בליען, יידישע שעפערישקייט וואָלט גע־יוירן, יידישע דערציאונג וואָלט ניט געהאַט קיין שום שוועריקייטן און יידי־שער לעבנס־שטייגער וואָלט אונדז באַהיט און באַשיצט פון אַלע צרות און ספקות. זאָל טאַקע זיין, אַז עס איז דאָס איינציקע און ריכטיקע מיטל. איז ווי אַזוי קאָנען מיר רעסטאַווריר אַזאַ לעבן, ווען מיר האַלטן, אַז דאָס זיינען אַלץ חיצוניותן און האָבן ניט קיין ווערט פאַר אונדז? די אַלע זאַכן זיינען דאָך געווען די קאָנקרעטיזירונג פון אידייען, מיטלען צו דערנענטערן זיך צו אַן אַנטראָפּאָמאָרפישן גאָט. אָבער אונדזער גאָט־באַגריף איז ניט קיין אַנטראָפּאָמאָרפישער און די אַלע געבאָטן און אָנזאָגונגען זיינען פאַר אונדז אָפּגעלעבטע

און גאָרנישט־מיינענדיקע. דער קלוגער זאָג פון פּרצן איז נאָך גילטיק אויך פאַר אונדז הײַנט:

„נעמען דאָס לעבעדיקע זאָמען, אַרום וועלכע די שאָל האָט געפּלאַצט, וואָס דאַרף פון דאָס נײַ פאַרפלאַנצט ווערן, וואָס זאָל שענער און פאַרביקער אויסשפּראָצן און צוריק אין דער שאָל פאַרשליסן, און פאַרבינדן און אַרומדראָטן די שאָל און אַ שפּרוך זאָגן: זאָמען וואַקסט אין דער ענגשאַפט, וואַקסט אין דער פינצטער!" („אין מיין ווינקעלע", שריפטן פון פּרץ, פאַרלאַג יידיש, ניו־יאָרק, 13טער באַנד, ז' 67).

יאָ אמונה, צי ניט אמונה — מיר קאָנען ניט האָבן קיין צוויי באַזונדערע מאָסן, סטאַנדאַרטן, פאַר דעם מאָדערנעם מענטשן: איין אופן פון צוגאַנג צו דער וויסנשאַפט און אַן אַנדער צוגאַנג צו רעליגיע. ווען מען איז זיך מתעסק מיט וויסנשאַפט, דאַרף מען זיין קריטיש, אַנאַליטיש און מען טאָר זיך קיינמאָל ניט רעכענען מיט אָנגענומענע אמתן און מיט ניט קיין קאָנטראָלירטע פאַקטן. אָבער ווען מען באַרירט רעליגיע מוז מען אָננעמען אָן קיין שום ספקות, אַלץ וואָס עס איז פאַרשריבן, ווי אַ פיקסירטן אמת, וואָס מוז פאַרבלייבן אומבאַשטרייטלעך אויף אייביק. פונדאַמענטאַליסטישע אמונה מיינט צו גלויבן אָן שאלות און אָפּזאָגן זיך פון דעם גאַנצן מאָדערנעם אופן פון טראַכטן.

אַ פּאָעט קאָן האָבן אַ מאָמענטאַלע שטימונג, אָנשרייבן אַ ליד „אַ גוטע נאַכט, וועלט" און זאָגן:

„איך גיי צוריק צו ד' אמות.
פון וואַגנערס געץ־מוזיק, צו ניגון, ברומען.
כ'קוש דיך, פאַרקאָלטנט יידיש לעבן.
ס'וויינט אין מיר די פרייד פון קומען".

(יעקב גלאַטשטיין, פון מיין גאַנצער מי, ז' 245)

אָבער ניט מיר קאָנען גיין צוריק צו די ד' אמות, און די גרויסע וועלט באַשטייט ניט נאָר פון וואַגנערס געץ־מוזיק; און אַוודאי און אַוודאי ווילן מיר זיך ניט באַנוגענען מיט אַזאַ יידיש לעבן, וואָס יעקב גלאַטשטיין רופט „פאַרקאָלטנט יידיש לעבן".

די וויכטיקייט פון דער פרומער אָרטאָדאָקסיע איז ניט אָפּצושאַצן אין יידיש לעבן. זי שטייט אויף דער וואַך און דערלאָזט ניט צו קיין צו האַסטיקע שינויים. איר תמימות און טיפע אמונה זיינען שעפעריש. איר אָפּהיטן די אַלטע טראַדיציעס מיט אַלע פּרטים מאַכט פון יידישקייט אַ לעבעדיקן וועזן. איר אָפּגעבן זיך מיט לערנען תורה איז אַ קוואַל פאַר אמתער יידישער לומדות, און — איך זאָג עס גאַנץ ערנסט — אַ מקור פון יידישע אַפּיקורסים. ניט עמי־

הארצים, נאָר אַפּיקורסים. אָבער די אָרטאָדאָקסיע, די אמתע אָרטאָדאָקסיע, איז ניט קיין דאָמינירנדיקער כוח אין יידישן לעבן און טאָר ניט ווערן קיין דאָמינירנדיקער כוח און קאָן עס ניט ווערן. יאָ, זי קאָן זיין גאַנץ דערפאָלגרייך אַפּילו, ביז אַ גרענעץ. עקסטרעמע גרופּעס אין אַלע אמונות, און אַפּילו אין די וועלטלעכע באַוועגונגען, זיינען אַ היפּש ביסל דערפאָלגרייך. עס געפינען זיך אַלעמאָל יחידים וואָס גראַד דער עקסטרעמיזם איז פאַר זיי צוציענדיק. אָבער דאָס איז ניט די לייזונג צו אונדזערע פּראָבלעמען. יידן וועלן זיך ניט אומקערן צו דער פונדאַמענטאַליסטישער אמונה. קאָנען ניט און טאָרן עס ניט טאָן.

אָבער די קשיה בלייבט דאָך ווידער: וויבאַלד אַז וועלטלעכקייט איז בעצם דער איינציקער און ריכטיקער וועג, אויף וועלכן דער יידישער מענטש דאַרף גיין, איז פאַרוואָס אַזאַ ירידה אין יידישן וועלטלעכן סעקטאָר? ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט וואָס דער וועלטלעכער סעקטאָר איז געוואָרן אויס שעפעריש? נאָך מער: דער וועלטלעכער סעקטאָר האָט אַזוי וואונדערלעך באַפרוכפּערט און אויפגעלעבט די רעליגיעזע יידישקייט, פאַרוואָס איז די וועלטלעכקייט אַזוי דורכגעפאַלן? און אפשר די שאַרפסטע פראַגע: איז פאַראַן אַן אויסוועג, אָדער אפשר זיינען די, וואָס האָבן זיך מייאש געווען פון דער סעקולערער וועלטלעכער אידייע, גערעכט?

## ג.

## אַ דרך פאַרן יידישן סעקולאַריזם

די סיבה, וואָס השכלה האָט געווירקט אַזוי שעפעריש אויף אַלע באַוועגונגען אין יידישן לעבן און דער סעקטאָר, וואָס האָט אויף זיך גענומען צו פאַרקערפּערן, צו רעאַליזירן השכלה, וועלטלעכקייט, אין טאָג־טעגלעכן לעבן, איז דורכגעפאַלן, איז דוכט זיך מיר, וואָס דער דאָזיקער סעקטאָר לעבט נאָך אַלץ מיט די באַגריפן, וואָס די השכלה האָט געהאַט מיט אַ יאָרהונדערט צוריק. מיר, די סעקולאַריסטן, האַלטן זיך נאָך אַלץ ווי אַן אָפּאָזיציאָנעלע גרופּע, וואָס איז ניט אויסן צו שאַפן אַ ניי יידיש לעבן, נאָר מיר האָבן אויף זיך גענומען די עובדא אָפּצושאַפן דעם ריגאָריסטישן לעבנס־שטייגער. מיר רעוואָלטירן נאָך אַלץ קעגן דעם בייזן, שטרענגען, פרומען טאַטן און דעם רבין פון חדר, וואָס האָט פאַרענטפערט אַלע אַפּיקורסישע פראַגעס מיט אַ פּלעם אין באַק. אונדזער גאָט־באַגריף איז נאָך אַלץ אַן אַנטראָפּאָמאָרפישער (אַ גאָט אין מענטשלעכן געשטאַלט) און אין אונדזער דמיון איז נאָך אַלץ די איינציקע

אמתע יידישקייט: שרעק פאַר אַ בייזן גאָט, וואָס וועט זיך אָפּרעכענען מיטן מענטשן אויף יענער וועלט. מיר האַלטן, ווי אונדזערע פּרימיטיווע זיידעס האָבן געהאַלטן, אַז יידישקייט בכלל — און אָפּהיטן יידישקייט בפרט — קאָן נאָר געמאָלט זיין ווען עס איז דאָ אַ פּרימיטיווע שרעק פאַר אַן אַנטראָפּאָמאָר־פישן גאָט. ווען מען דערמאָנט אַ יידישן ראַדיקאַל בית־מדרש, שבת, יום־טוב, דאַווענען, פאַרבינדט ער עס באַלד אין געדאַנק מיט דער יידישקייט פון שטעטל, פון וועלכער ער איז אַנטלאָפן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. מיר, יידישיסטן, וועלטלעכע יידן, פאַרגעסן, אַז מיר האָבן געקעמפט פאַר וועלט־לעכקייט ווען יידיש לעבן איז געווען אויסשליסלעך רעליגיעז און עס האָט אונדז געפעלט וועלטלעכקייט. מיר פאַרקוקן, אַז איצט האָבן מיר וועלטלעכקייט איבער־געגנוג און עס פעלט אונדז יידישקייט — יידישער אינהאַלט און יידי־שער לעבנס־שטייגער.

וויבאַלד מיר האַלטן זיך אַלץ נאָך ווי די אָפּאָזיציע, האָבן מיר ניט קיין פּראָגראַם פאַר יידישקייט. מיר אָריענטירן זיך אַלץ אויף „ניט“. ניט אָפּהיטן שבת, ניט אָפּהיטן יום־טוב, ניט דאַווענען, איגנאָרירן אין גאַנצן ראש־השנה און יום־כיפּור, ניט אָפּהיטן וועלכע עס איז פאָרם פון כשרות. מיר זיינען אַפילו ניט מחלל שבת, ווייל חילול שבת קאָן געמאָלט זיין נאָר ביי אַזעלכע יידן, וואָס האַלטן, אַז עס איז דאָ אַזאַ ענין ווי שבת. אָבער די וואָס האַלטן, אַז ס'איז נאָר דאָ אַ באַדערפעניש פאַר אַ רו־טאָג, איז דאָך ניט שייך קיין חילול שבת. אויך פאַר די וואָס האַלטן, אַז שבת איז ניט מער ווי אַ מיטל פאַר קיום האומה איז אויך ניט שייך קיין חילול שבת אויב מען קאָן געפינען אַ במקום שבת, וואָס זאָל פאַרהיטן דעם קיום פון דער אומה. למשל אַ שטאַרקע אַרמיי.

אין תוך איז וועלטלעכע יידישקייט אַן אַבסטראַקציע, וואָס איז צו גאָר־נישט מחייב. עס שפּיגלט זיך אָפּ אַמבעסטן אין אונדזערע יידישיסטישע שולן. דערציאונג מיינט דאָך צוגרייטן קינדער צו אַ געוויסן לעבנס־שטייגער, צו ווערן מיטגלידער, אַקטיווע און שעפערישע, פון זייער קיבוץ. אָט פּונקט ווי אַ דערציאונג־אינסטיטוציע, וואָס איר צוועק איז צוגרייטן מיטגלידער זיך אַריינצופּאַסן אין אַ מאַטעריאַליסטישער ציוויליזאַציע, האָט אַ קלאָרע פּראָג־ראַם, וואָס אויסצולערנען דעם אויפקומענדיקן דור, אַזוי דאַרף האָבן אַ דערציאונג, וואָס בעצם איז זי בלויז אַ גייסטיקע, אַ מינימום־ און מאַקסימום־פּראָגראַם: צוגרייטן דעם געוויינטלעכן ניט־געלערנטן ייד צו קאָנען ווערן אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער קהילה, וואָס איז דער אויסדרוק פון זיין וועלט־באַנעם; און דעם אינטעלעקטואַל, צו קאָנען ווערן אַ מנהיג, אַ וואָרטזאָגער.

מיר קאָנען עס אָפּלערנען פון דעם „פּאַרהוקעטן און פאַרסטוקעטן" אַלטן חדר. דער חדר האָט זיך ניט געשטעלט פאַר קיין ציל צוצוגרייטן דאָס יידישע קינד פאַר וועלכער עס איז קאַריערע אין לעבן, אָדער מאַכן אים פאַר אַ פונקציאָנער אין מלוכה־לעבן. דער חדר האָט געהאַט איין צוועק — געבן יידישע קינדער אַזעלכע ידיעות, אַז זיי זאָלן קענען זיין אַקטיווע יידן. אַ יידיש קינד האָט געדאַרפט קענען דאַווענען, וויסן דעם סדר התפילות פון וואָך, פון שבת און פון ימים־טובים. אַ יידיש קינד האָט געדאַרפט קאָנען מאַכן אַ ברכה אויף אַלץ פון וואָס ער האָט געגעסן. ער האָט געמוזט זיין באַקאַנט מיט דער מעכאַניק פון די מצוות: לייגן תפילין, שפּעטער ווי אָנצוטאָן אַ טלית, ווען צו קושן די ציצית, ווי אַזוי צו שטיין שמונה־עשרה, ווען מען מעג עסן מילכיקס נאָך פליישיקס, מעביר זיין די סדרה וכדומה. ניט געקוקט אויף אַלע פּרימיטיווע מעטאָדעס און ניט קיין אַקאַדעמיש־צוגעגרייטע מלמדים, האָט דער חדר, בדרך־כלל, דורכגעפירט זיין שליחות בשלימות.

די ישיבה איז שוין געווען אַ העכערע דערציאונג־אינסטיטוציע — אָבער אַלץ אין די ראַמען פון ספּעציפישע יידישע לימודים. גערעכט איז שמחה אַסף: „איין שטרעבונג, טאַקע נאָר איין־און־איינציקע, האָט געהאַט דאָס דייטשישע און אויך דאָס פּוילישע יידישקייט, אין דער דערציאונג פון זייערע קינדער — מאַכן זיי פאַר גוטע און כשרע יידן — וואָס קענען לערנען און זיין גאָטס־פאָרכטיק... מאַכן ביי זיי באַליבט גאָטס נאָמען אויף אַזאַ מדרגה, אַז זיי זאָלן זיין גרייט צו גיין אויף קידוש־השם אויב עס וועט נויטיק זיין" (מקורות לתולדות החינוך בישראל, שמחה אסף, כרך ראשון, אין „מעין מבוא" אין דריטן פּאַראַגראַף). ווײַבאַלד אַז עס איז געווען אַ קלאָרער ציל צו וואָס יידן האָבן געשטרעבט, האָט געקאָנט זיין אַ פאַסיקער דערציאונג־סיסטעם פאַרן דאָזיקן צוועק.

דעם דאָזיקן דרך זיינען ממשיך אויך איצט אַלע שול־וועזנס אין אַמעריקאַנעם יידנטום: די רעליגיעזע מכל המינים, ביז די עקסטרעמע העברעאיסטיש־ציוניסטישע, חוץ די יידישיסטישע שולן. אַן עקסטרעם־רעפאָרם זונטיק־אָדער נאָכמיטאָג־שול ווייסט וואָס זי וויל. זי גרייט צו דאָס קינד אין איר עלעמענטאַר־שול צו קאָנען זיין אַ גוטער מיטגליד אין טעמפּל. אַזוי אויך אַן עקסטרעם־אָרטאָדאָקסישע נאָכמיטאָג־שול אָדער טאָג־שול. דער איינציקער יוצא מן הכלל זיינען די יידישיסטישע וועלטלעכע שולן. מיר האָבן ניט קיין שום קהילה־לעבן, קיין שום קאָלעקטיווע טעטיקייט, צו וועלכער מיר קאָנען צוגרייטן דאָס קינד. אַ באַליבטער זאָג ביי יידישע דערציער איז: „מיר, וועלטלעכע יידן, דאַרפן אָפּקלייבן אַלץ וואָס איז ווערטפול, אַלץ וואָס איז זינפול

אין דער דורותדיקער יידישער קולטור און עס איבערגעבן אונדזערע קינדער״ (שואל גוטמאַן, „וועקער״, יאַנואַר 1967). דאָס איז אַ שיינע מליצה און פיינע רעטאָריק, אָבער וואָס מיינט עס פאַר אַ קאָנקרעטער פּראָגראַם פון יידישער דערציאונג? אין אונדזערע פאָלקס־שולן לערנט מען פון דריי ביז פיר און אַ האַלב שעה אַ וואָך. דאָס זיינען די שעהן פון לימוד אין די בעסטע נאָכמיטאָג־שולן. מיר האָבן אַ סך זונטיק־שולן, דריי־טאָגיקע און איין־טאָגיקע שולן, וואו מען לערנט נאָך ווייניקער. פון די „גוטע״ שולן קאָנען די גראַדואַנטן ניט איבערלייענען קיין בלעטל, אַפילו פון אַ מעשה אין אַ קינדער־זשורנאַל. מיט וואָס פאַר אַ באַגאַזש גראַדואירן זיי פון די שולן? וואָס פאַר אַן אַחיזה קאָנען זיי האָבן אין יידישן לעבן? ווען אַפילו אונדזערס אַ תלמיד זאָל קאָנען גוט יידיש — אין וואָס פאַר אַ יידישער קהילה קאָן ער ווערן אַ מיטגליד, אַז ער זאָל קאָנען ווייטער ממשיך זיין דעם יידיש וואָס ער קאָן? אונדזערע קינדער וואָס האָבן געקאָנט גוט יידיש, האָבן עס גאָר שנעל פאַרגעסן. ניטאָ קיין יידישיסטישע קהילות, וואו זיי קאָנען זיך אויסלעבן אויף יידיש. מען רעדט ביי אונדז וועגן דער נויטווענדיקייט פון טאָג־שולן. לאָמיר אָננעמען, אַז עס וועט געשען אַ נס און מיר וועלן שאַפן טאָג־שולן און אונדזערע קינדער וועלן אַרויס מיט גרויסע און טיפע ידיעות פון יידיש. גוט. און נאָך דעם, ווען אַ קינד וועט פאַרלאָזן אונדזערע שולן, וואו וועט ער קאָנען קאָנקרעטיזירן זיין וועלטלעך־יידישיסטישן וועלט־באַנעם? ער וועט ווערן אַ מיטגליד אין אַ רעפאָרם־טעמפּל, אַ קאָנסערוואַטיוון טעמפּל, אין אַן אָרטאָדאָקסישער שול; אָבער ער איז דאָך דערצויגן געוואָרן מיט אַ וועלט־באַנעם, וואָס צערעמאָניאַל און ריטואַל זיינען מותרות און מיינט גאָרנישט. קיין דרך און אָנווייזונג וואָס צו טאָן מיט יידישע ימים־טובים, שבתים און מנהגים האָט ער ניט. אין וואָס פאַר אַ דרך קאָן ער אויפנעמען זיין יידישיזם?

פאַראַן אָבער איין עלעמענט, וואָס די יידישיסטישע וועלטלעכע יידישקייט פאַרמאָגט, וועט מען קאָנען טענהן, און קיין אַנדער שטראָם פון אַמעריקאַנער יידישקייט פאַרמאָגט עס ניט. דאָס די יידישע ליטעראַטור מיט אירע ווערטן. אָבער מען טאָר אויך ניט איבערטרייבן די וויכטיקייט פון דער ראָלע, וואָס די יידישע ליטעראַטור קאָן ווירקן אויף אונדזער לעבן. די הויפּט־עלעמענטן פון דער יידישער ליטעראַטור זיינען השכלה, נאַציאָנאַלע אויפלעבונג און קאַמף פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט. די יידישע ליטעראַטור האָט אַפילו סעקולאַריזירט חסידות. נאַציאָנאַלע אויפלעבונג, אין דער פאָרם פון ציוניזם, האָט שוין געזיגט און קאָן ניט זיין און איז מער ניט קיין פּראָבלעם פאַר ליטעראַטור. השכלה, אויפקלערונג, סעקולאַריזירונג פון יידישן לעבן איז איצט אַ פאַקט.

ווי מיר האָבן פריער באַמערקט נויטיקן מיר זיך ניט איצט אין סעקולאַריזם, וואָס מיר האָבן איבערגעגנוג. מיר נויטיקן זיך איצט אין יידישקייט. אָבער די יידישע ליטעראַטור, סיי אין אייראָפּע און אַוודאי אין אַמעריקע, האָט אַפילו ניט געמאַכט קיין פּרואוו צו באַהאַנדלען די פּראָבלעם פון יידישקייט אין די מאָדערנע אומשטענדן, תנאים. אַט איז אין אַמעריקע אָנגעגאַנגען, מער ווי הונדערט יאָר, אַ גרויסע באַוועגונג פאַר אַ נייער אָריענטאַציע פון הלכה־יידישקייט. פון אַט דער גאַנצער ראַנגלעניש איז ניטאָ קיין זכר אין דער יידישער ליטעראַטור. עס האָט זיך איינגעוואָרצלט אין אַמעריקע רעפאָרם־יידישקייט. עס איז אויפגעקומען די היסטאָרישע גרופּע, וואָס איז שפּעטער קאָנקרעטיזירט געוואָרן אין דער גרויסער באַוועגונג פון קאָנסערוואַטיוועך יידישקייט. עס איז אויפגעקומען נעאָ־אָרטאָדאָקסיע. אין דער יידישער ליטעראַטור איז ניטאָ קיין אָנטייט אַפילו, אַז אָט די באַוועגונגען האָבן געשפּילט אַ ראָלע און זיינען איצט די הויפּט־זיילן פון יידישן לעבן.

„די גאַנצע יידישע ליטעראַטור אין די ענגליש־ריידנדיקע לענדער האָט זיך געקליבן צו גיין אויף די וועגן פון סאָציאַלער פּראָפּאַגאַנדע". לעאָן קאָבּרין, ז. לעווין און אַפילו שלום אַש, אין זיינע דערציילונגען פון אַמעריקע, באַהאַנדלען כמעט בלויז סאָציאַלע פּראָבלעמען, מאַן און ווייב, „אַמעריקאַניזאַציע און אימיגראַנטן־נאָסטאַלגיע" (זע וועגן דעם באַריכות אין „דערציילער און ראָמאַניסטן", פון שמואל ניגער, ז' 173 און ווייטער).

בכלל דאַרף מען ניט איבערטרייבן די וויכטיקייט פון בעלעטריסטיק. לעצטנס איז עס געוואָרן ניט מער ווי פּשוטער אונטערהאַלט, צייט־פאַרטרייב, וואָס דאַרף קאָנקורירן מיט דער טעלעוויזיע. אָבער דער עיקר איז, וואָס ליטעראַטור אין דער ראָם פון אַ יידיש לעבן קאָן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע, אָבער אָן אַ יידיש לעבן איז עס ניט מער ווי אַביסל קאַמפּאָט, ניט קיין עיקר.

איז וואָס דאַרף זיין דער צוגאַנג צום יידישיסטישן סעקולערן לעבן, אָדער באַוועגונג? פאַראַן צוויי וועגן. איין וועג איז רעזיגנאַציע. מיר דאַרפן צוגעבן פאַר זיך און פאַר דער וועלט, אַז מיר זיינען די לעצטע פון אַ דור, וואָס האָט דורכגעפירט אַ גרויסע שליחות. איצט אָבער האָבן מיר איבערגעלעבט אונדזער צייט. מיר פאַרפירן אונדזערע קינדער מיט השכלה, וואָס אַמאָל, אין אַ באַשטימטער צייט, איז זי געווען קאָנסטרוקטיוו, אָבער איצט איז אונדזער וועג אַ דעסטרוקטיווער, אַ שעדלעכער. אונדזער וועלטלעכקייט איז ניט מער ווי נאָכגעקרימט די ניט־יידישע וועלט פון סעקולאַריזם, וואָס איז ניט חל אויף יידישקייט. מיר זינדיקן זייער שטאַרק און מיר פאַרפירן אונדזערע קינדער. די וואָס קאָנען, דאַרפן תשובה טאָן. די וואָס קאָנען ניט תשובה טאָן

און זיך אומקערן צו פרומער יידישקייט, דאַרפן זען צוגרייטן דעם נייעם דור צו אַן אומקער צו פונדאַמענטאַליסטישער יידישקייט. מיר, די פאַרבלאָנדזשע־טע, דאַרפן טאָן אונדזער באַשיידענע אַרבעט אין אונדזערע ווינקעלעך, ווייל עס איז בעסער ווי גאָרנישט. און נאָך מער איז אונדזער דור נאָך ניט ראוי אויפצונעמען די אמתע יידישקייט. אָבער עס איז קלאָר, אַז מיר לאָזן איבער דעם אויפבוי און באַנייאונג פון יידישקייט צו יענע סעקטאָרן, וואָס זיינען מסוגל איבערצוגעבן די צוקונפטיקע דורות דעם אמתן מאור־היהדות. מיר זיינען פאַרלוירענע, אָבער לא אַלמן ישראל. יידישקייט וועט ניט אונטערגיין. אונדזערע אייניקלעך וועלן זיך צוריקקערן צו די בתי־מדרשים, צו די טעמפּלען און וועלן ווערן די בויער פון אַן עכטער יידישקייט.

דער וואָס האָט אָפענע אויגן קאָן זען, אַז אַ היפּשע צאָל יידישע פּובלי־ציסטן, בעלעטריסטן, פּאָעטן און עסייאיסטן גייען אויף דעם דאָזיקן דרך. אַליין זיינען זיי גלותים, היטן ניט אָפּ קיין שבת, זיינען ניט מדקדק אין הלכות כשרות. אָבער זיי האַלטן אין לויבן און באַזינגען יידישקייט און דעם וועג פון פרומער יידישקייט. זיי האַלטן, אַז זיי זיינען אין דער בחינה פון אָט די ערשטע ציוניסטן אָדער אַמאָליקע און אויך היינטיקע סאָציאַליסטן, וואָס לעבן ניט לויט זייער אידעאָלאָגיע, אָבער זיי האַלטן אַז צוגרייטן דעם דור איז אַ גרויסער ענין און זיי פירן אַדורך אַ בויטיקע היסטאָרישע מיסיע.

איך האַלט ניט פון דעם דאָזיקן דרך. מיר זיינען ניט אויף קיין פאַלשן וועג. מיר זיינען ניט קיין זינדיקע און מיר זיינען ניט קיין פאַרפירער. אונדזער דור איז אַ גרויסער דור. מיר קענען ניט און דאַרפן זיך ניט אומקערן צוריק צו דער רעליגיע פון די פאַרגאַנגענע דורות. אָבער מיר דאַרפן פאַרשטיין איין עיקר: מיר זיינען וועלטלעכע יידן! אָבער באַמערקט: צום וואָרט וועלט־לעכקייט איז צוגעשטעלט יידן! עס מיינט, אַז מיר זאָגן זיך ניט אָפּ פון אינסטיטוציאָנעלער יידישקייט, מיר איגנאָרירן ניט דעם יידישן נוסח אין אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן. בקיצור, מיר פאַרלייקענען ניט דעם דרך פון הלכה. ניט מער, ביי אונדז מוז עס אָננעמען איינגאַנצן אַ נייע פאָרם.

מיר דאַרפן אָנהויבן צו פאַרשטיין, אַז איצט איז ביי אונדז יידישקייט אַן אַבסטראַקציע. דאַרפן מיר מאַכן אַ חשבון־הנפש ווי אַזוי צו קאָנקרעטיזירן די אַבסטראַקציע. איין ביישפּיל: מיר באַזינגען אין ליד און באַשרייבן מיט גרויס פּיעטעט דעם שבת. אָבער לאָמיר פריער ביי זיך אָפּמאַכן: וואָס מיינט שבת פאַר אונדז. איז עס בלויז אַ רו־טאָג? אָדער עס איז אַ טאָג פון דער־הויבונג און אַן איבערגאַנג פון וואָכיקייט אויף הייליקייט? מיינט פאַר אונדז עפּעס־וואָס דער שבת איצט? אויב יאָ, וויאַזוי, אויף וואָס פאַר אַן אופן זאָלן

מיר אים אָפּהיטן? פּשוטער געזעגט — איז פאַראַן אַזאַ זאַך וואָס מען טאָר שבת ניט טאָן? קאָן זיין אַזאַ זאַך ביי אונדז ווי חילול־שבת? איצט איז ביי אונדז ניטאָ דער טערמין חילול־שבת. לאָמיר פאַרגעסן אַלע שיינע מליצות פון אונדזער ליטעראַטור און קומען צו אַ געוויסער הסכמה: וואָס דאַרף אַ ייד טאָן טאָג־טעגלעך כדי ער זאָל זיך פילן ווי אַ ייד? אַפילו די עקסטרעמע רעפאָרמער האָבן דאָך אַ דרך. זיי ווייסן ניט נאָר וואָס ניט אָפּצוהיטן פון די אַלטע איסורים, נאָר וואָס מען דאַרף טאָן שבת, כדי צו וויסן, אַז עס איז שבת. זיי קומען זיך צונויף שבת אין טעמפּל און דאַוונען אויף אַן איינגעשטעלטן נוסח. נאָך וויכטיקער איז, וואָס זיי האַלטן, אַז יעדע וואָך האָט איין טאָג שבת. ביי אונדז אָבער — אַז מיר פירן אַדורך פינף עונג־שבתים אַ יאָר האַלטן מיר, אַז מיר האָבן געטאָן גרויסע קולטור־אַרבעט!

איך ווייס, עס פעלן אונדז די מינימאַלע פונקציאָנערן. עס פעלט אונדז אַ יידישיסטישע אַקאַדעמישע אינסטיטוציע, וואָס זאָל קאָנען צוגרייטן פאַר אונדז גייסטיקע פירער און פונקציאָנערן, וואָס אַן אָרגאַניזירטע יידישקייט נויטיקט זיך אין זיי. אָבער דער דאָזיקער חסרון קאָן דווקא פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מעלה. אונדזער גאַנצער איבערבוי פון יידישקייט וועט קומען פון אינעווייניק, פון אַליין־ראַנגלעניש, פון זוכן, בלאָנדזשען און געפינען.

אונדזערע יידן וועלן זאָגן, אַז איך פּרעדיק רעפאָרם־יידישקייט. איז ראשית דערשרעק איך זיך ניט פאַרן טערמין רעפאָרם. איך האַלט, אַז הלוואי וואָלטן מיר וועלטלעכע יידן דערגרייכט צו דער מדרגה, וואָס מיר זאָלן זוכן רעפאָרמעס. אונדז אַרט גאָרנישט. מיר זיינען מוזיי־יידן. שפּיגלען זיך אין שיריים פון יידישקייט, וואָס טאָר ניט אָנגערירט ווערן. ביי אונדז איז עס בלויז אַ טעמע פאַר אַ ליד און אַ דערציילונג. שנית, מיר האָבן אַ יתרון איבער אַלע רעליגיעזע באַוועגונגען. מיר האָבן אַן אייגענעם לשון אין מויל. ועל כולם, מיר קומען ניט צוריק צו יידישקייט צוליב קאָנפאָרמיזם, צוליב באַקוועמלעכ־קייט. מיר זיינען דאָך ניט קיין זהירים במצוות, וואָס ווילן זיך מאַכן גרינגער מיט רעפאָרמעס. פאַרקערט, מיר נעמען אויף זיך אַ יאָך. מיר ווילן אָנפילן אונדזער לעבן מיט יידישער קדושה און אינהאַלט. דאָס אָננעמען פון דעם מינימום יידישער דיסציפּלין וועט זיין ביי אונדז אַ געראַנגל און דערפאַר וועט דאָס אָננעמען פון יידישן דרך ניט זיין קיין אַנטרינונג אין אַ פאַרטיקן און פון פאַרויס צוגעגרייטן ריטואַל, נאָר עס וועט זיין אַ נוסח (איך האָב מורא צו זאָגן מצווה) און אַ לעבנס־שטייגער, אַליין אַן אויסגעטראַטענער. יעדער מנהג און געבאָט, וואָס מיר וועלן אָננעמען, וועט ביי אונדז ווערן אַן איבער־געלעבטע געשעעניש.

אָבער מיר קאָנען קיין זאַך ניט אָנהויבן צו טאָן, סיידן מיר אַקצעפּטירן צוריק דעם בית־מדרש, דעם צענטער. אָן אַ בית־מדרש קאָן ניט זיין קיין ציבורדיק, קהליש־יידיש לעבן און פאָרם, וואָס קאָן דערנאָך אַריבערגעטראָגן ווערן אין דער אייגענער היים. חוץ דעם, איז דער בית־מדרש די היים וואוהין מען קאָן ברענגען די קינדער ממשיך זיין דאָס וואָס מען לערנט זיי. דער בית־מדרש איז דאָס אָרט וואו מען קאָן זיך צונויפקומען שבת, יום־טוב, אויף אַ משפחה־שמחה, אַ פאָלקס־יום־טוב, אַ טרויער־טאָג, קומען אַהין פאַר מעדי־טאַציע ווען מען איז פול מיט צער. ווען מיר וועלן אַקצעפּטירן דעם בית־מדרש וועלן מיר זיין געצוואונגען צו מאַכן אַ חשבון־הנפש אין וואָס אונדזער יידישקייט באַשטייט; און מיר וועלן קאָנען געבן אַ ציל פאַר דער שול, אַ פאָרם פון אַ קהילה־לעבן, וואו דאָס קינד וועט שפּעטער, ווען עס וואַקסט אויף און האָט אַליין אַ משפּחה, קאָנען ממשיך זיין דעם וועלט־באַנעם פון יידישיזם. די דאָזיקע בתי־מדרשים וועלן קאָנען ווערן די היים פון יידיש און יידישיסטן. מיר וועלן האָבן עפּעס רעאַלס, וואָס וועט זיין דער יש פאַר וועלכן מיר וועלן קאָנען קעמפן.

וועלן מיר האָבן אַן אייגענעם בית־מדרש, וועלן מיר קאָנען דורכפירן דאָרט אונדזערע תתוגות אויף אונדזער נוסח, בר־מצוות און לוויות. אַזוי ווי מיר זיינען ניט צוגעבונדן צו קיין איינגעשטעלטן ריגאָריסטישן צערעמאָניאַל, וועלן מיר קאָנען עקספּערימענטירן. אַוודאי וועלן מיר לכתחילה זיין אומ־באַהאָלפן. עס מאַכט ניט אויס. אַלץ בעסער ווי דער איצטיקער גאָרנישט.

די באַלדיקע גרויסע רעפאָרם דאַרף זיין מיט אונדזערע נעבעכדיקע יידישיסטישע שולן. מיר דאַרפן פשוט פאַרמאַכן די אַלע קליינע שולכעלעך. אָבער אַלע אָן אויסנאַם. מיר מוזן עפענען צוויי־דריי גרויסע שולן מיט אַ צאָל לערער אין שיינע בנינים, איינשטעלן טראַנספּאָרטאַציע. לערנען אין די דאָ־זיקע שולן אַ מינימום פון צוויי שעה אַ טאָג. אָפּשאַפן דאָס לערנען אום פרייטיק און איינשטעלן עס אויף זונטיק. אין די זעלביקע בנינים דאַרפן זיין די מיטל־שולן און העכערע קורסן. מיר דאַרפן אָנהויבן מיט איינשטעלן אַ נוסח פאַר שבת. טאַטע־מאַמע אינאיינעם מיט די קינדער דאַרפן קומען אין אונדזער שול און „דאַוונען" אויף אונדזער שטייגער, וואָס מיר וועלן איינ־שטעלן. יידישקייט פאָדערט פאָרם און דיסציפּלין.

עס איז ניט מיין עובדא איצט צו געבן אַ פּרטימדיקן פּראָגראַם פאַר אונדזערע קהילות וואָס מיר דאַרפן גרינדן, און דעם אופן פון איינשטעלן דעם גאַנצן קאָמפּלעקס, וואָס מיר דאַרפן אָננעמען. איך וויל נאָר צום סוף באַטאָנען, אַז וועלטלעכקייט, איבערהויפּט יידישע וועלטלעכקייט, מיינט ניט נאָר נעגאַ־

טיוון. יידישע וועלטלעכקייט מיינט, אָדער דאַרף מיינען פאַר אונדז, אויב מיר ווילן זיין אַ פאַקטאָר אין יידישן לעבן, אַריינצונעמען אין אונדזער באַגריף די יידישע ירושה און ניט זי ענדערן, נאָר טאַקע איבערקאָכן זי און מאַכן יידישקייט אַ טייל פון אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן. איצט איז יידישקייט פאַר אונדז ניט מער ווי אַ טעמע פאַר ליטעראַטור. פּראַקטיש לעבן מיר אויף ברעקלעך און שיריים, וואָס זיינען געבליבן פון רייכן יידישן טיש. וועלן מיר וואָגן צו מאַכן אַן אמתע איבערקערעניש אין אונדזער וועלטלעכן יידישן באַנעם, וועלן מיר אַריין אין גרויסן שטראָם פון יידישן לעבן און היסטאָרישן המשך. מיר וועלן זיין אַ ברכה און אַ באַטייט פאַר אונדזער פאָלק און אַפילו פאַר דער וועלט.

# אַ דרך פאַר אונדזער דור

קרוב צו צוואַנציק יאָר בין איך געווען אַ בייזער אַלטער ייד, אין כעס אויף דער וועלט און אויף זיך. די סיבה פון מיין בייזקייט איז געווען שרעק. כדי איבערצושטאַרקן די שרעק, האָבן איך זיך פאַרשריען מיט איבערגע־טריבענע פאָדערונגען צו זיך און צו אונדזער יידישער וועלט. ערשט אין די פאַרגאַנגענע דריי־פיר יאָר בין איך געוואָרן רואיקער. איך האָב זיך באַרו־איקט, ווייל איך האָב געפונען אַ ראַציאָ, אַ שכלדיקע דערקלערונג פאַר די געשעענישן, וואָס האָבן מיך איבערגעשראָקן. אַ שכלדיקע דערקלערונג קאָן אָפט דינען ווי אַ באַרואיקונג אַפילו פאַר אַן עמאָציאָנעלער אויפרודערונג.

פאַרוואָס האָב איך זיך דערשראָקן? פיר זאַכן האָבן אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ פחד:

א) דער יונגער דור יידן.

ב) די ירידה פון מענטשן.

ג) דער לעצטער חורבן.

ד) דאָס בלייבן אָן אַ גאָט אין אַ וועלט פון אומגליק און כאָאָס.

## דער יונגער דור יידן

איך מיין דאָ ניט בלויז אונדזערע קינדער, די גראַדואַנטן פון אונדזערע וועלטלעכע יידישן שולן. איך מיין דעם גאַנצן יידישן דור, וואָס האַלט ניט, אַז ס'איז פאַראַן אַ זין און אַ פאַרוואָס פאַר יידישקייט, ווייל „פילאָזאָפיש איז יידישקייט ניט אָננעמלעך".

מיר האָבן אויפגעהאָדעוועט אַ מערקווירדיק געראָטענעם דור. דער דערפאָלג און די אינטעלעקטועלע דערגרייכונג פון אונדזערע קינדער איז ניט אָפּצושאַצן. ווען איר הערט טאַטע־מאַמע באַרימען זיך מיט זייערע קינדער, זאָלט איר ניט מיינען, אַז זיי באַרימען זיך אומזיסט. ניין, עס איז ניט קיין פוסטע באַרימעריי. פאַרקערט, גאַנץ אָפט האָבן די קינדער דערגרייכט אַ סך מער, וויפל טאַטע־מאַמע זאָלן ניט איבערטרייבן.

חוץ די דערגרייכונגען פון אונדזערע קינדער אויפן אַקאַדעמישן געביט, אויפן פאָליטישן פעלד און אין דער אינדוסטריע, זיינען אונדזערע קינדער

עטישע מענטשן, איבערהויפּט די גראַדואַנטן פון אונדזערע וועלטלעכע שולן. דאָס, וואָס מיר האָבן באַטאָנט אין אונדזערע יידישיסטישע שולן סאָציאַלן יושר, האָט זיך צוגעקלעפּט צו אונדזערע קינדער. יאָ, אונדזערע קינדער זיינען אויך גינציקע, גוטע און איבערגעגעבענע צו טאַטע־מאַמע.

דאָך איז אונדזער יונגער דור, בעסער געזאָגט — דער דור נאָך אונדז, וואָס איז שוין גאָר ניט אַזוי יונג — ניט נאָר פרעמד צו אונדז און צו אונדזער יידישן באַנעם, נאָר זיי זיינען ווייטער פון פרעמדע. זיי זיינען דרויסנדיקע.

מיר קאָנען סומירן די אידעאָלאָגישע שטעלונג פון דעם דאָזיקן דור צו אונדזער יידישקייט אין געציילטע ווערטער אויף ענגליש, ווי עס האָט עס געטאָן איינער פון זיי: "The philosophical foundation of the whole structure of Judaism is unacceptable."

אויף אידיש מיינט עס: „דער פילאָזאָפישער יסוד פון דעם גאַנצן בנין פון יידישקייט איז ניט אָננעמלעך״. נאָך ערגער פון זייער אידעאָלאָגישן איינשטעל איז דאָס, וואָס עמאָציאָנעל זיינען זיי דרויסנדיקע.

מיר, דער אימיגראַנטישער דור, זיינען ניט געווען קיין זהירים במצוות. דאָך איז יידישקייט געווען ביי אונדז אַ יש, אַ טייל פון אונדזער וועלט, אַן עיקר אין אונדזער לעבן. מיר האָבן פאַרוואָרפן דאָס אַלטע און האָבן געשאַפן פאַר זיך אַ במקום, און אַפילו דער אַלטער ריטואַל און צערעמאָניאַל האָט עפּעס געמיינט פאַר אונדז. איך וואָלט געזאָגט, אַז מיר האָבן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דער קדושה אין יידישקייט. מיר האָבן ניט געלייגט קיין תפילין, מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז תפילין האָבן בתים און רצועות. מיר האָבן ניט געטראָגן קיין טלית־קטן, אָבער מיר האָבן געהאַט דעם באַוואוסטזיין, אַז אַ טלית־קטן האָט ציצית. ביי אונדזערע קינדער זיינען תפילין פיר־קאַנטיקע קעסטעלעך מיט אַראָפּהענגענדיקע רימענס. אַ טלית־קטן איז אַ שטיק סחורה מיט אַ לאָך אין מיטן מיט פרענזן ביי די פיר זייטן.

נאָך ערגער איז דאָס, וואָס אונדזערע קינדער קריגן זיך ניט מיט אונדז. מיר האָבן זיך געקריגט מיט טאַטע־מאַמע. מיר זיינען געווען אַ היפּש ביסל ברוטאַל מיט אונדזערע עלטערן. מיר האָבן געהאַט פרינציפּן פאַר ניט אָפּהיטן שבת און יום־טוב. פאַר אויסטייטשן יידישקייט אַנדערש, פאַר לייגן דעם טראָפּ אויף אַנדערע ווערטן. אונדזערע קינדער זיינען אַזעלכע אײדעלע און גוטע, וואָס גיבן נאָך טאַטע־מאַמע און לאָזן זיי האַלטן זיך ביי די שיריים פון אַ שבט־קולטור.

אין די פערציקער יאָרן, ווען דער קולטור־טומל אַרום אונדז האָט זיך איינגעשטילט און איך האָב דערזען דאָס געשטאַלט פון דעם יונגן דור, האָב

איך זיך דערשראָקן. איך האָב געפרעגט מיט דעם לשון פון דעם דיכטער לייוויק:

„אָט דאָס איז מיין מענטש, מיין אויסגעחלומטער?
מיין גיבור? מיין שליח? אַזוינע הענט,
אַזוינע אַקסלען, פיס, אַזוי פיל גוף?
נאָר וואו איז אָבער דאָס גרויסע ליכט
אויף זיין געזיכט? די גרויסע שיין
פון אונדזער אַלעמענס בטחון?"

ס'איז גרינג צו וואַרפן די שולד אויף די קינדער. זיינען זיי אָבער טאַקע שולדיק? דער אמת איז, אַז ניט מיר, די סעקולאַריסטן, ניט די רעפאָרמער, ניט די קאָנסערוואַטיוון, ניט די נעאָ-אָרטאָדאָקסן — דהי יאָנג איזראַעל, — קיינער האָט ניט געמאַכט קיין שום פּרואוו איבערצושאַפן יידישקייט פאַר זיך אַזוי, אַז עס זאָל האָבן אַ זין פאַר דעם איצטיקן פילאָזאָפישן באַנעם. קיינער האָט ניט איבערגעשאַצט די אַלטע ווערטן אַזוי, אַז זיי זאָלן האָבן אַ באַטייט פאַר אונדז היינט, אַז יידישע אמונה זאָל האָבן אַ באַרעכטיקונג פאַר דעם נייעם דור און אויך פאַר אונדז, וואָס לעבן אין גאָר אַן אַנדער ציוויליזאַציע און קולטור, ווי אונדזערע עלטערן האָבן געלעבט. מיר האָבן זיך אָדער אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון יידישע ווערטן, אָדער אָנגענומען אַלץ אָן קיין שום קריטישן צוגאַנג. די גאָר פרומע האָבן באַוויזן דעם כוח פון זייער טיפן גלויבן, אָבער זיי האָבן ניט געגעבן קיין ראַציאָנאַלע, קיין פילאָזאָפישע באַרעכטיקונג פאַר זייער אמונה. זייער גלויבן איז אָן שכל הישר.

איך האָב זיך מער ניט געקאָנט טרייסטן און באַרויקן מיט בייזערן זיך און מיט האָבן טענות צום נייעם דור. אין מוח האָט געפּיקט אַ שרעקלעכער געדאַנק: אפשר זיינען זיי גערעכט? אפשר האָט יידישקייט טאַקע ניט קיין זין און קיין באַרעכטיקונג אין אונדזער היינטיקער ציוויליזאַציע און קולטור? אָבער אויב יאָ, איז דאָך מיין לעבן געווען אַן אומזיסט צעפּטרט לעבן. מילא, וואָס איז געווען, איז געווען, אָבער ווי אַזוי קאָן איך לעבן ווייטער?

## די ירידה פון מענטשן

איבערהויפּט האָט מיך אויפגעטרייסלט די ירידה פון דעם שפּעריישן מענטשן: דיכטער, דערציילער, פילאָזאָפן, וויסנשאַפטלער מכל המינים, בקיצור, די גאַנצע אינטעליגענץ, וואָס האָט געזאָלט זיין דער טרעגער פון פּראָגרעס און הומאַניזם אין דער וועלט, האָט זיך גרינג אונטערגעגעבן צו דייטשלאַנד. נאָך אונדזער שוידערלעכער דערפאַרונג מיט די דייטשישע מער־

דער, זוכן מיר אויף אַלטע טעקסטן און מיר קוקן איבער זייערע דיכטער און פילאָזאָפן און זייער בעלעטריסטיק, און מיר געפינען באַוויזן, שוואַרץ אויף ווייס, אַז דאָס דייטשישע פאָלק איז אַלע מאָל באַשטאַנען פון גזלנים, פון מערדער, און אַז אַלע, אָן אַן אויסנאַם, זיינען געווען פול מיט שנאה צו דער וועלט בכלל און צו יידן בפרט.

איצט מאַכן מיר זיך ניט ווייסנדיק, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע דייטשלאַנד מיט איר וויסנשאַפט און קולטור האָט געשפילט אויף גאָר דער וועלט, און בפרט ביי אונדז יידן. מיר יידן האָבן זיך דאָך געצאַצקעט מיט אירע פילאָזאָפן: לייבניץ, קאַנט, העגעל, שאָפּענהאַוער, ניטשע, פויערבאַך און שטירנער. מיר האָבן דאָך געהאַט יידישע און העברעאישע שרייבער, וואָס האָבן זיך גע־האַלטן פאַר העגעליאַנער, קאַנטיאַנער און ניטשעאַנער, און מיר האָבן געהאַט הונדערטער נאָכפאָלגער פון שטירנער. זיין בוך האָט זיך גאָר גוט פאַרקויפט, ווען עס איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש. היינט די דיכטער געטע און שילער. איך כאַפּ אָן די דאָזיקע צוויי דיכטער, ווייל אין מיין יוגנט האָב איך ניט געקאָנט קיין אין יידישן משכיל, וואָס האָט ניט געקאָנט ציטירן אויף אויסנווייניק גאַנצע בלעטלעך פון די ווערק פון די צוויי דיכטער.

און נאָר פילאָזאָפיע און דיכטונג? וואָס הערט זיך מיט יידישער געשיכטע און תנ״ך־פאָרשונג? וועבער, וועלהאַוזען, קיטל, גונקעל, גרעססמאַן, דוהם, העלשער און בודדע, און נאָך און נאָך. איך קאָן דאָ אויסרעכענען ממש צענדליקער און צענדליקער דייטשישע תנ״ך־פאָרשער און היסטאָריקער פון יידישער געשיכטע, וואָס יידישע געלערנטע באַנוצן זיך מיט זיי עד היום. טוט אַ קוק אין דער ביבליאָגראַפיע פון וועלכן ס׳איז יידישן היסטאָריקער, וועט איר זען, אַז אָן דער הילף פון אַ דייטשישן היסטאָריקער וואָלט ער ניט געקאָנט אָנשרייבן זיין אַרבעט. אויף טשיקאַוועס, עפנט די אַכט בענד פון יחזקאל קויפמאַנס „תולדות האמונה הישראלית״, וועט איר דאַרט ניט געפינען קיין איין בלעטל (איך טרייב ניט איבער) אָן אַ מראה־מקום פון אַ דייטשישן בוך. אַ צווייטערביישפּיל: יוסף קלויזנערס „היסטוריה של הבית השני״, „ישו הנוצרי״ און „תולדות הרעיון המשיחי בישראל״ וואָלטן ניט געקאָנט אָנגעשריבן ווערן אָן דער הילף פון דייטשישע מקורות.

איך קאָן זיך ניט טרייסטן מיט דעם, אַז די דייטשן זיינען אָן אויסנאַם צווישן אַלע פעלקער. איך קאָן זיך ניט באַנוגענען מיט דעם תירוץ, אַז די דייטשישע אינטעלעקטואַלן זיינען געווען אַ יוצא מן הכלל. ביי מיר אין די אויגן האָט די וועלט־אינטעליגענץ בפרט און דער מענטש בכלל פאַרלוירן דעם צלם אלקים. אַ סימן און אַ ראיה אויף דער ירידה פון דעם מענטשן

איז ביי מיר געווען די רוסישע רעוואָלוציע, דאָס כשרע קינד פון מאַרקסיזם. אויפן פּאַשיזם און אויפן נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם קאָן מען זאָגן, אַז זיי זיינען די ממזרים פון מאַרקסיזם. באַלשעוויזם אָבער איז אַ כשר קינד פון מאַרקסיזם, אויג אין אויג געראָטן אין „קאָמוניסטישן מאַניפעסט".

אמת, איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין קאָמוניסטישער סימפּאַטיקער, אַפילו ניט קיין מאַרקסיסט. איז דאָך דאָ ניט שייך צו זאָגן, אַז איך האָב זיך אַנטוישט אין קאָמוניזם, אָדער אין מאַרקסיזם. אָבער אין לעבן פון אַ יידיש ייִנגל אין די שטעטלעך פון ליטע, רייסן, און אפשר אויך פון פוילן און גאַליציע, האָט די האָפענונג אויף דער רוסישער סאָציאַלער רעוואָלוציע געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. די דאָזיקע האָפענונג איז געווען איינער פון די אַני־מאמינס פון דעם אמונה־קאָדעקס אויף אַ שיינער און גליקלעכער וועלט. איך פערזענלעך האָב קיינמאָל ניט פאַרגעסן די נאאיווע דיסקוסיע־שמועסן פון מיין שוואָגערס אַרבעטער אויפן גאַניק: „וואָס וועט זיין אויף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע?" די שטענדיקע פראַגע איז געווען: „ווער וועט עס וועלן זיין אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ קוימען־קערער אָדער אַ גאַסן־רייניקער נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, ווען עס וועט הערשן פרייהייט און גלייכקייט? איך קאָן איבערחזרן וואָרט אין וואָרט דעם ענטפער פון ביינוש דעם יאַדעשליוווער, וואָס איז געווען דער סאָציאַליסטישער טעאָרעטיקער פון שטעטל, ווייל איך האָב דעם ענטפער געהערט צענדליקער מאָל:

„וואָס מיינט איר זיך? נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע וועט אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ קוימען־קערער, אַ גאַסן־רייניקער, אָדער אַ בעל־עגלה אַרבעטן פון פינצטער ביז פינצטער? אָדער אפשר נאָך ערגער, ביז די כוחות וועלן אים אויסגיין? באַלד אויף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע וועט אַן אַרבעטער מער ווי אַכט שעה אַ טאָג ניט אַרבעטן. אַ ביסל שפּעטער, ווען אַלץ וועט זיך איינשטעלן און מיר וועלן אינגאַנצן פּטור ווערן פון די פאַרדאַרבענע קאַפּיטאַליסטן, וואָס זויגן אויס דעם מאַרך פון די ביינער פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וועט מען ווייטער פאַרקלענערן דעם אַרבעטס־טאָג, ביז אַן אַרבעטער וועט מער ווי צוויי שעה אַ טאָג ניט אַרבעטן. אָפּגעאַרבעט, אַרומגעוואַשן זיך, אָפּגעגעסן און איבערגעטאָן זיך, וועט ער אַריינלייגן די הענט אין די קעשענעס און וועט טאָן, וואָס ער וועט וועלן. ער, דער אַרבעטער, וועט דאָך זיין דער באַלעבאָס פון דער וועלט. וועמען וועט ער עס דאַרפן אָפּגעבן דין־וחשבון? אין זיין פרייער צייט וועט דער אַרבעטער, גלאַט צוליב זיין אייגענער הנאה, זיך פאַרנעמען מיט שטודירן אינזשענירעריי, דאָקטאָריע, אָדער מיט טעלעגראַפיע, אַסטראָנאָמיע, אָדער ער וועט שפּאַצירן מיט די הענט

אין די קעשענעס און קוקן אויפן הימל, אויף די שיינע בלומען־גערטנער. דערנאָך וועט ער זיך אַריינכאַפּן אין אַ טעאַטער, אָדער אין דער אָפּערע.

„איי, נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע! עס וועלן ניט נאָר מער ניט זיין קיין אָרעמע און רייכע, נאָר עס וועלן אויך מער ניט זיין קיין גוים און קיין יידן, קיין טאַטערן און קיין טערקן. ס'וועלן נאָר זיין מענטשן, אַלע גלייך. די קייטן, וואָס די פינצטערע אמונות האָבן אַרויפגעטאָן אויף די מענטשן, וועלן צעריסן ווערן. אויס אָבערגלויבנס, אויס שרעק! דער מענטש וועט מאַכן פון אונדזער וועלט דאָ אויף דער ערד אַ גן־עדן. וואו אַ מדבר, דאָרט וועט ווערן פּרוכפּעריק לאַנד; וואו אַ זומפּ, דאָרט וועט ווערן אַ בליענדיק פעלד און וואו אַ וויסטעניש, דאָרט אַ סאָד מיט פּרוכטביימער. קראַנקהייטן וועלן אָפּגעשאַפט ווערן און קיינער וועט מער ניט ליידן קיין וויטיקן. נאָר פרייד און גליק וועלן זיין אויף דער וועלט. מ'וועט מער ניט זען קיין טרערן פון טרויער, נאָר טרערן פון גליק און געלעכטער. מיט דער צייט וועט מען אויך אָפּשאַפן טויט. טורמעס? מ'וועט די אַלטע טורמעס ניט אַראָפּוואַרפן, נאָר מ'וועט זיי פאַר־וואַנדלען אין מוזייען, וואָס וועלן זיין אָפן פאַר אַלעמען, כדי דער דור פון פרייהייט און גליקלעכקייט זאָל זען די פאַרדאָרבנקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט".

און פון דעם דאָזיקן חלום, וואָס יידישע יונגע לייט האָבן אויסגעחלומט, און פון דעם דאָזיקן טרוים, וואָס אַלע נידערשלאָגענע, אונטערדריקטע און באַליידיקטע איבער גאָר דער וועלט האָבן אויסגעטרוימט, איז אַרויסגעקומען די באָלשעוויסטישע פאַרזעעניש. עס איז אויפגעקומען אַ נייע ראַציאָנאַלע אמונה, וואָס האָט געמאַכט דעם הערשער, דעם הויפּט פון דער פאַרטיי, פאַר אַ צעזאַר־גאָט. די נייע אמונה האָט פאַרפאָלגט אַפּיקורסישקייט אַ סך גרויזאַמער, ווי וועלכע ס'איז איבערנאַטירלעכע אמונה האָט ווען עס איז פאַרפאָלגט אירע אָפּנויגער.

און די שרייבער אין איצטיקן רוסלאַנד? קיין איינער פון זיי האָט ניט אויסגעשריען פאַר דער וועלט וועגן די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וועגן די אומרעכטן, וועגן די הריגות און שחיטות פון אומשולדיקע. „און איך האָב געזוכט צווישן זיי אַ מאַן, וואָס זאָל פאַרריכטן דעם פּלויט, וואָס זאָל זיך שטעלן פאַר מיר אין דעם איינבראָך פון לאַנד, אַז איך זאָל עס ניט אומברענגען, און איך האָב ניט געפונען" (יחזקאל כ"ב, ל'). וואו האָט זיך אַהינגעטאָן דער גאַנצער הומאַניזם פון דער רוסישער ליטעראַטור? אַפילו מאַקסים גאָרקי, דער סימבאָל פון רוסישן הומאַניזם, איז געוואָרן דער אונטערשטופּער פון דעם באָלשעוויסטישן וואָגן, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט רשעות.

ניין, ס'איז ניט געווען בלויז די ירידה פון דעם רוסישן פאָלק. ביי מיר איז עס געווען די ירידה פון מענטשן.

איך בין געבליבן שטיין אָדם־באַקעט. אָן אַ גאָט, אָן גלויבן אין מענטשן, אָן האָפענונג פאַר דער וועלט, אַ דריטל פון אייגענעם פאָלק אויסגעקוילעט, דער יונגער דור אַ דרויסנדיקער? וואָס זשע איז געבליבן? שרעק און צעטומלעניש!

## אָן אַ גאָט

דעם יידישן גאָט האָט אונדזער דור שוין לאַנג פאַרלוירן. ווי אַזוי איז עס געשען? עס איז געשען, ווייל מיר האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אין דער פונדאַמענטאַליסטישער יידישער אמונה.

די יידישע אמונה איז געווען אַ ריגאָריסטישע און האָט אַרומגענומען אונדזער גאַנצע אידייאישע וועלט. וואָס איז געווען אונדזער אידייאיש לעבן אין אונדזערע יונגע יאָרן?

מיר האָבן געהאַלטן, אַז דער מענטש און די נאַטור שטייען אונטער דעם רשות און השגחה פון אַ וועזן, וואָס איז איבער דער וועלט און איבער דעם מענטשן. ער, דער וועזן, איז גאָט, די סיבה פון אַלע סיבות. די שייכות פון מענטשן צו גאָט, צו דער ערשטער סיבה, איז די שייכות פון באַשעפעניש צום באַשאַפער, פון ליים צום טעפּער. דער מענטש איז ניט אין רשות פון דער נאַטור און פון אירע איינגעשטעלטע געזעצן, וואָס ער קאָן זיי מאָדיפיצירן. ער איז אונטערגעוואָרפן אַ כוח, וואָס געוועלטיקט ממש, ווי אַן אַליין־הערשנ־דיקער מלך, און ער, גאָט, איז דער שררה איבער הימל און ערד און טויט, וואָס ער וויל, מיט אַלץ אונטער זיין ממשלה, אַריינגערעכנט דעם מענטשן. מיר האָבן אַלעמאָל געדאַרפט בעטן צו אים, איבערבעטן אים און זיין נכנע צו אים. מען האָט אַפילו ניט געטאָרט גיין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. מיר האָבן אַלעמאָל געדאַרפט געפינען חן אין די אויגן פון דער סיבה פון אַלע סיבות. די סיבה פון אַלע סיבות איז, לויט אונדזער דעמאָלטיקן באַנעם, געווען אַלעמאָל אין צאָרן און האָט מקפיד געווען אויף אַלע קלייניקייטן. אַ גליק, וואָס מיר האָבן אויך געגלויבט, אַז ער איז אַ בעל־חסד און מ'קאָן דערוועקן אין אים רחמים. ווען ניט, וואָלט ניט מעגלעך געווען צו לעבן.

דאָס איז ניט די העכערע יידישע אמונה, וואָס קאָן זיין גילטיק אויך פאַר אונדזער דור היינט. עס איז אָבער אַן ערלעך בילד פון דער פאָלקס־אמונה, מיט וועלכער מיר האָבן געלעבט.

דערנאָך איז געקומען דער איבערבראָך. מיר האָבן אינגאַנצן פאַרוואָרפן אונדזער אמונה אָן שום פּרואוו פון צופּאַסונג, אָן דער מינדסטער מי פון איבערשאַצן, אָן איבערטראַכטן, אַז אָן אמונה, וואָס אַ פאָלק האָט זיך אין איר אַזוי לאַנג געהאַלטן, מוז דאָך האָבן עפּעס פון דער אייביקייט.

מיר, נײַן, לאָמיר בעסער רעדן בלשון יחיד, איך האָב באַנומען די וועלט, נאָך דעם איבערבראָך, גאָר ווי אַן אַנדער אייביקייט. ווי אַזוי איז די וועלט אויפגעקומען? זי איז אַ צופעליקער, ניסימדיקער באַשאַף פון דעם קאָסמאָס. גאָט האָב איך אינגאַנצן אויסגעלאָזט, נײַן, איבערגעלאָזט, ווי אַ טייל פון דער נאַטור. דער עיקר, אַלץ ווערט רעגולירט דורך אייזערנע געזעצן, וואָס זייער אויפקום איז אַ טייל פון דעם ניסימדיקן צופאַל. קיין זאַך אין דעם קאָסמאָס איז ניט איינגעשטעלט באַוואוסטזיניק. ס'איז נישטאָ קיין סיבה פון סיבות, וואָס רעגולירט דעם באַשאַף און גיט אים חיות, ווײַל ס'איז נישטאָ קיין באַוואוסטזיניק וועזן מיט השגחה. ווײַבאַלד אַזוי, איז דאָך ניט שייך קיין תפילה צו אַ געזעצמעסיקייט, אָט ווי די עקזיסטענץ, די אַבסאָ־לוטע בלינדע רעאַליטעט, די אייניקייט קאָן ניט תפילה טאָן צו זיך אַליין. דער פועל־יוצא פון די דאָזיקע הנחות און מחשבות איז, אַז די אייניקע מאָס פון דעם גאַנצן באַשאַף איז דער מענטש. קיין זין און קיין שכל איז אין דעם נישטאָ. זינגט דער דיכטער, משה־לייב האַלפּערן:

„צופּט ער אַזוי די שטרוי אין דער נאַכט,
טוט זיך אים נאָך אַמאָל אַ טראַכט.
טראַכט זיך אים, הערט ער זיך נאָך אַמאָל איין,
שעפּטשעט אים עמעץ אין אויער אַרײַן:
'אַז גאָרניט איז גלײַך און אַז גאָרניט איז קרום,
און ס'דרייט זיך אַ וועלט אַרום גאָרניט אַרום'.
צופּט משה־לייב מיט נעגל די שטרוי
און שמייכלט: פאַרוואָס? גלאַט אַזוי".

איך און מײַן דור זײַנען געקומען צו דעם דאָזיקן וועלט־באַנעם, אַ סך פון אונדז באַוואוסטזיניק דורך באַקענען זיך מיט ערשטע מקורות, אָדער צווייטע מקורות, דורך שטודירן, לייענען און לערנען. אַנדערע — דורך הערן און אָנשמעקן זיך. ס'איז געווען די גײַסטיקע אַטמאָספערע פון דעם דור. מיר אַלע האָבן עס אָבער ניט אויפגענומען לײַכטזיניק. ס'איז בײַ אונדז געווען אַ טיפע ראַציאָנאַלע און עמאָציאָנעלע איבערלעבונג. צוליב דעם דאָזיקן נײַעם וועלט־באַנעם האָבן מיר געביטן אונדזערע מלבושים, אונדזערע מאכלים און

אויך אונדזער לשון. מיר האָבן געענדערט אונדזער גאַנצן טאָג־טעגלעכן לעבן צוליב דעם נייעם איינשטעל, צוליב דער נייער אידעאָלאָגיע.

תורה, וואָס איז ביי אונדז פריער געשטאַנען אין צענטער פון לעבן, איז געוואָרן אויס עיקר, ניין, זי איז אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן געוואָרן אינאיינעם מיט גאָט. ניט קיין געטלעכער אימפּעראַטיוו אָדער אַנזאָג מיט זיינע אָנווייזונגען אין דער תורה וועט פאַרבעסערן און פאַרשענערן דעם מענטשנס לעבן און ברענגען גליק דער מענטשהייט, נאָר ליטעראַטור אין אַלע אירע פאָרמעס, און קונסט און וויסנשאַפט — זיי וועלן ברענגען דאָס שיינע לעבן, וואָס מיר האָפן אויף דעם. די נייע אָרדענונג פון דער וועלט מוז קומען, ווייל דער מענטש ווערט געבילדעטער, געלערנטער. אַ געבילדעטער מענטש איז איידל, אַ בעל־רחמנות, און פראָגרעס איז ענג פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט בילדונג און וויסנשאַפט.

אין די סוף דרייסיקער יאָרן, ווען דער מענטש איז אַזוי דערנידעריקט געוואָרן, אָדער בעסער געזאָגט, ווען דער מענטש האָט זיך אַזוי דערנידעריקט און די געבילדעטסטע, די געלערנטסטע, די קינסטלער און שעפער זיינען געוואָרן די אונטערשטופּער פון רשעות, בין איך געבליבן צעטומלט. ערגער דער במקום־גאָט האָט זיך ניט אַרויסגעוויזן אַפילו פאַר קיין גאָץ — איז דאָך אַלץ זינלאָז. איך בין געבליבן שטיין צעמישט: וויבאַלד, אַז אַלץ איז ניט מער ווי אַ צופאַל, ניט נאָר די בריאה, נאָר אויך מלחמות, רעוואָלוציעס, גוטס און שלעכטס, טאָ וואו איז די פאַרזיכערונג, אַז דער מענטש מוז שטייגן? ס'איז דאָך ניט מער ווי אַ נאַרישע שפּיל, ניט קיין אַרכיטעקטאָרישע אויפגעבויטע דראַמע, וואָס האָט אַ לאָגישן צונויפשטעל און אַפילו, ווען זי פאַרענדיקט זיך טראַגיש, איז זי אַ פועל־יוצא פון אַ פאָרויס באַשטימטן פּלאַן. ס'איז גלאַט אַ זינלאָזער בלוטיקער ספּעקטאַקל: אומזיניקע ליידן, זינלאָזער טויט און ימען אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט.

„אַז גאָרנישט איז גלייך און גאָרנישט איז קרום,
און ס'דרייט זיך די וועלט אַרום גאָרנישט אַרום,
... פאַרוואָס? גלאַט אַזוי!"

און דער גרעסטער אומזין פון אַלע זינלאָזיקייטן איז דער אומקום פון אַ דריטל פון מיין פאָלק. קידוש־השם? קידוש־השם אָן ברירה. קידוש־השם אָן אמונה אין דער אידייע, וואָס מען ווערט געהרגעט פאַר איר. סטעפאַן צווייג פרעגט פאַר דעם גאַנצן דור אונדזערן:

„פאַרוואָס איך? פאַרוואָס דו? פאַרוואָס איך מיט דיר, וואָס קאָנען זיך ניט, וואָס פאַרשטייען ניט איינער דעם אַנדערנס שפּראַך, וואָס באַנעמען ניט

איינער דעם אַנדערנס געדאַנקען־גאַנג, וואָס קיין זאַך פאַרבינדט אונדז ניט? פאַרוואָס מיר אַלע? און קיינער האָט ניט קיין ענטפער, אַפילו פרויד, דער קלאָרסטער גייסט פון אונדזער איצטיקער צייט, מיט וועמען איך האָב אָפט גערעדט אין יענע טעג, האָט ניט געהאַט קיין שום דערקלערונג, האָט ניט געקאָנט געבן קיין זין פאַר דעם דאָזיקן אומזין" („די וועלט פון נעכטן" פון סטעפאַן צוויינג, יידיש פון חיים באַרקאַזש, ז' 432).

סטעפאַן צווייג האָט סוף־כל־סוף געפונען פאַר זיך אַן ענטפער. ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. צוליב מיין טיף־טראַדיציאָנעלער דערציאונג האָב איך ניט געקאָנט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד. איך האָב געמוזט געפינען אַן אַנדער אויסוועג. עס זיינען פאַר מיר געווען צוויי פאַרטיקע וועלט־באַנעמען, וואָס האָבן געגעבן אַ דערקלערונג און אַ באַרעכטיקונג פאַר יידישקייט: א) די פונדאַמענטאַליסטישע אמונה, און ב) ציוניזם.

די פונדאַמענטאַליסטישע יידישע אמונה האָט געהאַט דעם קלאָרן, אַלטן, ניט־ראַציאָנעלן ענטפער: „דו ווייסט דאָך, אַז גאָט האָט די השגחה דאָ און אומעטום איבער אַלץ. אויב ער האָט געבראַכט אויף אונדז אַזאַ שטראָף, ווייסט ער מסתמא וואָס ער טוט. ס'איז ניט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס אונדז קומט אַזאַ שטראָף. לגבי אַנדערע אומות זיינען מיר זיכער ניט די ערגסטע. נו, נו, פאַרשטייען מיר ניט גאָטס דרכים, אָבער ניט פאַרשטיין מיינט ניט אומזין. אָט פאַרשטייסטו ניט אַזאַ זאַך, ווי אַזוי אַ טעלעוויזיע־אַפּאַראַט אַרבעט. נו, איז דערפאַר טעלעוויזיע אַן אומזין?"

ציוניזם האָט אויך ניט נאָר אַ דערקלערונג, נאָר אויך אַ באַרעכטיקונג פאַר דעם חורבן:

„יידן זיינען אַלעמאָל און אומעטום געווען פרעמדע און זיי בלייבן פרעמדע. גלות איז ניט נאָר אַ חרפה, נאָר אַ פאַרברעכן. מיר, ווי אַ ניט־נאָרמאַל פאָלק, זיינען ווי אַ שאַרפע נאָדל אין דער הויט פון דער מענטשהייט. מעשה־היטלער איז ניט קיין יוצא מן הכלל. עס איז אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. ס'איז פאַראַן אַן אויסוועג, אַז אַזאַ אומגליק זאָל מער ניט געשען: צוריק צום אייגענעם לאַנד! ווען מיר וועלן זיך נאָרמאַליזירן און וואוינען אויף אַן אייגענעם שטח ערד, ווי אַלע אַנדערע פעלקער, וועט אַזאַ זאַך מער קיינמאָל ניט געשען".

איך האָב ביידע וועלט־באַנעמען ניט געקאָנט אָננעמען. ציוניזם מיינט מדינה, נאַציאָנאַליזם אין צענטער פון יידישן לעבן. אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע, חוץ פאַר גאָר אַ קורצער צייט, אין דער חשמונאים־עפּאָכע, איז ניט מדינה און ניט נאַציאָנאַליזם געווען אַן עיקר אין יידישקייט. אַפילו

אין דער חשמונאים־עפּאָכע האָבן נאָר עטלעכע יורשים פון דעם אַלטן מתתיהו אַזוי געהאַלטן. דאָס פאָלק אָבער, צוערשט די חסידים ואנשי מעשה און שפּע־טער די פּרושים, האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן דעם דאָזיקן באַגריף. חוץ דעם, אויב ייִדישקייט איז ניט מער ווי נאַציאָנאַליזם, צו וואָס די מי עס אויפצו־האַלטן אין דער פרעמד, אין גלות? אַלע פעלקער בייטן זייער גרינג אויס זייערע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן אויף אַן אַנדערן נאַציאָנאַליזם, ווען זיי עמיג־רירן אין אַן אַנדער לאַנד. דער בעסטער ביישפּיל זיינען די סקאַנדינאַווישע פעלקער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי האָבן זיך דאָ, אין אַמעריקע, באַזעצט אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע. פון דעסטוועגן האָבן זיי דאָ ניט געשאַפן קיין אייגענע ליטעראַטור, קיין אייגענעם טעאַטער און האָבן ניט אויפגעהיט זייער אייגן לשון. זייער גרעסטער פּאָעט, קאַרל סענדבורג, איז אַן אַמערי־קאַנער פּאָעט, ניט קיין שוועדישער.

נאָך מער, אויב מיר נעמען אַן דעם ציוניסטישן געדאַנקען־גאַנג, מיינט עס דאָך, אַז די גאַנצע ייִדישע געשיכטע, איבערהויפּט די ביינצן הונדערט יאָר פון גלות, איז געווען אַן אומזין. דער אומזין ווערט נאָך גרעסער, אויב מען האַלט ניט די ייִדישע אמונה פאַר אַ יש, פאַר אַ וועלט־באַנעם, וואָס האָט ווערטן, וואָס קאָנען אויסלייזן דעם יחיד, דאָס פאָלק און די מענטשהייט, נאָר ייִדישע אמונה איז געווען אַ ציל אויפצוהאַלטן די אומה. ד״ר חיים זשיט־לאָווסקי איז געווען געריכט מיט זיין קוק אויף ייִדישער געשיכטע. ער זאָגט:

„אין דער אמתן, די גאַנצע ייִדישע געשיכטע, פון בר־כוכבאס אויפשטאַנד ביז דעם מענדעלסאָנישן פּעריאָד, שטעלט מיט זיך פאָר אַן איין און אייניציקע עפּאָכע, וואָס אַרבעט נאָר אויף איין ציל: אונטערצודריקן און גייסטיק איינ־צופּענטן דעם ייִדישן אינדיווידו צוליב די צילן און דערהאַלטונג פון דער ייִדישער נאַציע.

„דער פאַקט איז, אַז דאָס ייִדישע פאָלק האָט תמיד אויפגעבויט און אָפּגעהיט יענע דינים, און אַז יענע דינים האָבן טאַקע אויסגעהיט און זיכער אָפּגעהיט דאָס ייִדישע פאָלק פון פאַרשווינדן צווישן אַנדערע פעלקער.

„צוליב וואָס אָפּגעהיט? אויף דער שאלה קאָן ניט געבן קיין ענטפער דער ייִדישער היסטאָריקער, ווייל די ייִדישע געשיכטע גיט ניט קיין ענטפער אויף איר" („ייִדן און ייִדישקייט", זז׳ 188־189).

פאַר מיר איז דאָס געווען ניט קיין דערקלערונג פאַר דעם ייִדישן גלות און ניט קיין באַגרינדונג פאַר ייִדישער אמונה. די פּרושים און אויך די רבנים זיינען ניט געווען קיין אָפּנאַרער. ביי זיי איז די תורה געווען גאָטס וואָרט, וואָס דער מענטש דאַרף לעבן לויט איר, ניט קיין מיטל פאַר עפּעס אַנדערש.

אויך זיינען די דריי גלותן: גלות מצרים, גלות בבל און דער גלות נאָכן חורבן בית־שני, ניט געווען ביי זיי גלאַט קיין צופאַלן, אָדער קאַפּריזן. אויב עפּעס וואָס האָבן די גלותן באַוויזן און דעמאָנסטרירט איז, אַז יידישקייט איז ניט צוגעבונדן צו קיין שטיקל ערד. יידישקייט איז אַן אידייע, וואָס קאָן געדייען אומעטום. אויך זיינען יידן גלאַט ניט קיין יוצא מן הכלל, וואָס דווקא נאָר זיי האָט געאַרט אויפצוהאַלטן זייער נאַציאָנאַלע אידענטיטעט אונטער אַלע אומשטענדן און צווישן אַנדערע, ניט נאָר אויף אַן אייגענעם לאַנד. יידן האָבן זיך אויפגעהאַלטן ווי אַ פאָלק, ווייל זיי זיינען געווען און ווייל זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר טרעגער פון אַ גאָט־אידייע.

איך האָב דעמאָלט אָנגעשריבן די מאָנאָגראַפיע „יידן צווישן פעלקער“, וואו איך האָב אַלץ דערקלערט באריכות. קיין נחת האָב איך פון דעם ספרל ניט געהאַט, ווען עס איז דערשינען.

יאָ, איך האָב ניט געקאָנט אָננעמען דעם סעקולאַרן מדינהשן ציוניזם, ווי אַ דערקלערונג און ווי אַ באַרעכטיקונג פאַר דעם יידישן קיום, פאַר יידישער אמונה און פאַר דעם יידישן חורבן.

די גרינדונג פון מדינת ישראל האָב איך אויפגענומען ניט מער, ווי דעם אויפקום פון נאָך אַ ישוב, וואָס האָט געראַטעוועט אַ סך יידישע נפשות. זי האָט אָבער ניט פאַרענטפערט די פראַגע, צי יידישקייט האָט אַ זין און אַ באַטייט פאַר דעם מאָדערנעם מענטשן. מדינה האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אמונה, און נאַציאָנאַליזם האָט קיין שום שייכות ניט מיט דער בנמצא־דיקייט פון גאָט און מעמד בהאַרג סיני.

אָן אמונה, איז דער לעצטער שיבת ציון פאַר מיר געווען איינער פון די אומזינס פון דער וועלט. אָן דערקענונג, אַז ס'איז פאַראַן אַן איינגעשטעלטע השגחה אויף דער וועלט און אַז עס איז פאַראַן אַ בעל הבירה, איז שיבת ציון געווען דער זעלביקער ביסימדיקער צופאַל, ווי די גאַנצע בריאה. גלאַט אַזוי, ס'איז פאַר מיר ניט געווען ניט נאָר אומפאַרשטענדלעך, נאָר פשוט זינלאָז. אַ פאַקט קעגן שכל הישר. ניין, ציוניזם איז פאַר מיר ניט געווען קיין לייזונג פאַר מיין יידישקייט.

איך האָב אויך ניט געקאָנט ווערן קיין אויפריכטיקער בעל־תשובה און צוריק אָננעמען די אַלטע פונדאַמענטאַליסטישע אמונה פון מיין קינדהייט. איך האָב זיך בשום אופן ניט געקאָנט נאָרן און צוריק אָננעמען דעם וועלט־באַנעם, וואָס איך האָב פריער אָפּגעמאָלט. פאַר מיר וואָלט עס געמיינט פאַר־לייקענען דעם גאַנצן מאָדערנעם גאַנג פון דענקען, אַן איזאָלאַציע פון דער וועלט. ועל כולם, וואָלט עס געמיינט, און עס מיינט נאָך איצט, אָפּצוזאָגן זיך

פֿון טראַכטן זעלבסטשטענדיק, ווייל פֿונדאַמענטאַליסטישע אמונה מיינט אָנ־נעמען אַ תּורה וואָס איז געגעבן געוואָרן אונדז ווי געבאָטן און אָנזאָגונגען וואָס ענדערן זיך קיינמאָל ניט. עס איז אַן אומערלעכקייט.

די פּראָבלעם איז ניט רעליגיע קעגן וויסנשאַפֿט, ניט רעליגיע קעגן פֿילאָ־זאָפֿיע, אויך ניט רעליגיע קעגן ראַציאָנאַליזם, נאָר פּשוט אַ רעליגיעזער גלויבן, וואָס זאָל ניט עובֿר זיין אויפֿן שׂכל הישר.

עס איז ניט קיין פֿראַגע, צי ס׳איז בעסער פֿאַר דעם מענטשן צו גלויבן, אָדער ניט צו גלויבן. אויב דאָס גלויבן פֿאַרלייקנט קלאָרע אמתן און דער מענטש שאַפֿט זיך אַן אילוזיע פֿון אויסגעטראַכטע זאַכן, כּדי צו פֿאַרגרינגערן זיינע ליידן און צו פֿאַרענטפֿערן זיינע ספֿקות, פֿאַרשאַפֿט אַזאַ גלויבן ניט קיין גליק, עס ברענגט ניט קיין רו, עס פֿאַרענטפֿערט ניט קיין ספֿקות, נאָר עס בלייבט אַ ליגן, איינגעוויקלט אין אַן אויסגעטראַכטן חלום.

יאָ אמונה, צי ניט אמונה — ביים מאָדערנעם מענטשן קאָנען ניט זיין קיין צוויי סטאַנדאַרטן: איין אופֿן פֿון צוגאַנג צו דער וויסנשאַפֿט און אַן אַנדערער צוגאַנג צו רעליגיע. דער מאָדערנער מענטש קאָן זיך ניט מתעסק זיין בייטאָג מיט וויסנשאַפֿט, וואו ער דאַרף זיין קריטיש, אַנאַליטיש און טאָר ניט אָננעמען בלינד, אָן באַגרינדונג און אונטערזוכונג, אָנגענומענע אמתן, און אין אָוונט, נאָר פֿאַר מעריבֿ, זאָל ער אויפֿהערן צו זיין קריטיש און נעמען אויף זיך אַלץ, וואָס איז פֿאַרשריבן, ווי פֿאַקטן. אַלע געבאָטן און אָנזאָגונגען און אַלע דערקלערונגען, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן מיט טויזנטער יאָרן צוריק, זאָלן ווערן ביי אים פֿאַרפֿיקסירטע אמתן, וואָס טאָרן ניט אָפּגעפֿרעגט ווערן.

ווי אַזוי האָב איך געקאָנט ערלעדיק זיך אומקערן צו דעם נאַאיוון פֿאָלקס־גלויבן פֿון מיין שטעטל, ווען מיין גאַנצע מאָדערנע דערציאונג האָט עס אָפּגע־פֿרעגט?

עס איז מיר געוואָרן שווער צו לעבן. איך האָב געזוכט פֿאַר זיך אַן ענטפֿער אויף צוויי פֿראַגעס: א) איז פֿאַראַן אַ באַוואוסטזיניקע געטלעך־איינגעשטעלטע געזעצמעסיקייט אין דער יצירה און במילא אין דער וועלט־געשיכטע? ב) איז פֿאַראַן אַ זין אין יידישקייט און פֿאַרוואָס יידישע אייגנ־אַרטיקייט?

דיביידע הנחות זיינען צונויפֿגעקנופּט. אויב עס איז ניט פֿאַראַן קיין באַוואוסטזיניקע געטלעך־איינגעשטעלטע געזעצמעסיקייט אין דער יצירה, איז דאָך ניט שייך קיין יידישע אויסדערוויילטקייט און אייגנאַרטיקייט. עס איז פֿאַר מיר געווען שווער, זייער שווער צו געפֿינען אַן ענטפֿער. איך האָב זיך אויפֿגעהאָדעוועט אויף דער מאָדערנער יידישער און העברעאישער ליטע־

ראַטור, וואָס האָבן פון זייער אויפקום אָן פּאַרלייקנט אָפן, און זעלטענער דורך אימפּליקאַציעס, אמונה בכלל און יידישע אמונה און אייגנאַרטיקייט בפרט. ביי די דאָזיקע שעפער זיינען בדרך־כלל געווען די וועגווייזער פון דער וועלט: שפּינאָזע, העגעל, ניטשע, קאַרל מאַרקס, געטע מאַקסים גאָרקי, טאָלסטאָי — זיי זיינען עס געווען די גרויסע גייסטער, ניט דער רמב״ם, יוסף קאַרו, יהודה הלוי און ר׳ חיים בריסקער.

די העברעאישע ליטעראַטור איז אויך ניט געווען בעסער. פון די חכמי אַשכנז ביז יל״ג, ביאַליק און פייערבערג האָבן אַלע געהאַלטן, אַז יידישקייט איז עפּעס אָפּגעלעבט, אַז עס איז פאָלקס־רעליגיע, וואָס דערשטיקט אונדז, וואָס האַלט אויף דעם גלות. לייענט יל״גס „צדקיה בבית הפקדות״, ביאַליקס „המתמיד״, פייערבערגס „לאָן״ — אַלע האָבן געזען נאָר איין אויסוועג פאַר יידישקייט: צוריק צו אַן אייגן לאַנד, ווידער ווערן אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך. מדינה דאַרף פאַרנעמען דאָס אָרט פון גאָט־באַגריף, נאַציאָנאַליזם איז די ליזונג ניט נאָר צו יידישע צרות, נאָר אויך צו יידישער גייסטיקער צוריק־געשטאַנענקייט.

יידישע ליטעראַטור האָט זיך אויך אָריענטירט אויף נאַציאָנאַליזם, אָבער דאָס רוב אויף אַ נאַציאָנאַלן לעבן אויף די וואוין־ערטער. אין דער העברע־אישער ליטעראַטור (איןביידע ליטעראַטורן זיינען געווען אויסנאַמען) האָט מדינה, לאַנד געדאַרפט פאַרבייטן יידישע אמונה, און אין דער יידישער ליטעראַטור — אויטאָנאָמיע נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ביי ביידן וועט יידיש לעבן אָנגעפילט ווערן מיט ליטעראַטור אין אַלע פאָזן, מיט קונסט, מאָלעריי, טאַנץ, טעאַטער — אַ נאָכמאַכונג פון דער אייראָפּעאישער קולטור. זיי האָבן אַלע געהאַלטן, אַז יידישע אייגנאַרטיקייט איז אויף אַזוי פיל אייגנ־אַרטיק, ווי אַלע נאַציאָנאַלע קולטורן. אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז יידישקייט איז ניט קיין ספּעציפישער וועלט־באַנעם, וואָס פאַרמעסט זיך צו ענדערן די וועלט און איינשטעלן אַן אייגן טאָג־טעגלעך לעבן. ניין, יידישקייט איז זינט חורבן בית־שני גאָר אַ שעדלעכע אמונה, וואָס האָט דערנידעריקט און פאַר־מיאוסט דאָס יידישע פאָלק.

בלויז אַ פּאָר ציטאַטן פון בערדיטשעווסקין וועגן דעם דאָזיקן ענין. אָט זיינען דריי „פּערל״:

„די (יידישע) נאַציאָנאַלע עטיק איז ניט מער, ווי אַן אויסגעטראַכטע זאַך, אַן עיקר, ווי אַלע רעליגיעזע עיקרים, וואָס קומען און פאַרגייען, קומען און פאַרגייען״ (שנוי ערכין ז׳ לט).

„פאַרוואָס זאָלן מיר זיך נאַרן? מיר האָבן איצט ניט קיין קולטור

(תרבות), ניט קיין אינעווייניקסטע און ניט קיין דרויסנדיקע. מיר האָבן ניט קיין הימל און ניט קיין ערד" (דאָרט מו).

„די שווערד איז ניט קיין אַבסטראַקציע אין לעבן, זי איז ניט אָפּגעריסן פון לעבן. זי איז אַ קאָנקרעטיזאַציע פון לעבן אין זיין גבורה, אין לעבנס עקזיסטענץ, אין זיין באַנעם. ניט אַזוי איז דער ספר" (דאָרט נה).

איך קאָן זיך ניט באַהערשן און מוז ברענגען נאָך עטלעכע ציטאַטן:

„און די אַלטע קולטור פון די יידן, וואָס מיר באַרימען זיך מיט איר? בלויז אַ לעבעדיקער מענטש דאַרף און קאָן זיך באַרימען מיט זיין קולטור, אָבער דער פאַרבאַלזאַמירטער, דער לעבעדיק־באַגראָבענער — וואָס קאָן אים געבן אָדער העלפן קולטור?" (דאָרט כא).

„זינדיקן האָט געזינדיקט ישראל אין גלות, ווייל ער האָט זיך געוואָלט באַהעפטן אין דעם גאָט פון זיינע עלטערן און האָט פאַרלאָזט דעם גאָט פון דער וועלט" (דאָרט כב).

„עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס זיי זיינען געוואָרן אויס פאָלק, אויס נאַציע, אויס מענטשן" (דאָרט בו).

אָט איז אַ מימרא, וואָס גיט דעם סך־הכל פון דעם באַנעם פון אונדזערע אינטעלעקטואַלן וועגן דעם ענין יידישקייט:

„דו האָסט מיך געפרעגט מיין זון: 'וואָס איז דיין מיינונג וועגן דעם פסוק: „און אין זייערע געזעצן זאָלט איר ניט גיין".' אַ גרויסע פראַגע האָסטו געפרעגט. איך קאָן דיר נאָר ענטפערן: איך זע אין דעם דאָזיקן יסוד דעם גרעסטן אומגליק פאַר דעם יידישן גייסט" (דאָרט פ).

דאָס איז ניט קיין דעת יחיד. אמת, היינטיקע צייטן רעדן ניט אַזוי די יידישע שרייבער. עס מיינט אָבער ניט, אַז זיי האַלטן, אַז יידישקייט האָט גרעסערע ווערטן פון אַנדערע קולטורן און ציוויליזאַציעס, אָדער אַז יידישקייט האָט אַ ספּעציפיש אייגנאַרטיקן וועג צו דערלייזן דעם יחיד, די אומה און די מענטשהייט. פשוט, זיי גלויבן דאָך ניט אין דער מציאות פון גאָט און אין דעם מעמד סיני, אין וועלכער ס'איז אויסטייטשונג. זיי גלויבן אַפילו ניט, אַז די יידישע גאָט־אידייע איז געווען די טרייב־קראַפט פון יידישער ציוויליזאַציע. זיי האַלטן, אַז:

„די יידישע אמונה איז אַן אַרויסוואוקס פון דער יידישער ציוויליזאַציע. יידישע אמונה, אָפּגעזונדערט פון יידישער ציוויליזאַציע, מיינט אַ פאַרמי־נערונג פון יידישן פאָלקטום" (רבי יודזשין קאהן, „רעקאָנסטראַקשאָניסט", אַפּריל 1961).

דאָס זיינען די רייד ניט פון קיין ספעקולאַריסט, נאָר פון אַ מאָדערנעם רב. דער וואָס איז באַקענט מיט די יידישע אינטעלעקטואַלן, ווייסט, אַז בערדיטשעווסקיס געדאַנקען־גאַנג איז דער געדאַנקען־גאַנג פון אונדזער גאַנצן דור, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער רעדט אַנדערש. די סיבה איז פשוט: אונדזער דור גלויבט ניט אין גאָט־מציאות און אין אתה בחרתנו. דערפאַר איז יידישקייט פאַר אונדזער דור פילאָזאָפיש ניט אָננעמלעך. איבערהויפּט קען אונדזער דור ניט אָננעמען אונדזער דרך פון הלכה. באמת, דער גאַנצער כעס, וואָס בערדיטשעווסקי טראָגט אויף יידישקייט, איז אויף הלכה־יידישקייט.

צוליב דעם האָב איך זיך אָפּגעגעבן מיט פאָרשן און זוכן דעם זין פון הלכה. איך האָב אויסגעפונען, אַז הלכה איז קיינמאָל ניט געשאַפן געוואָרן צוליב קיום האומה. הלכה איז אַ געדאַנקען־גאַנג פון ווערטן אין דער וועלט. איינציקע מצוות, באַזונדערע סיגים און חומרות זיינען צוגעבונדן צו צייט און אָרט, אָבער דער געדאַנקען־גאַנג פון הלכה איז אַ פילאָזאָפישע שיטה, אַן אידייע, וואָס ווייזט אָן דעם מענטשן אַ וועג צו דערנענטערן זיך צו דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט, צו גאָט. דער גאַנג פון הלכה איז צו פאַרווירקלעכן, צו קאָנקרעטיזירן און מאַכן ממשותדיק די אַבסטראַקטע, געטלעכע, עטישע אידייע אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אָן הלכה בלייבט יידישקייט אַן אַבסטראַקציע, וואָס איז ניט ספּעציפיש יידיש.

איך האָב דעמאָלט אָנגעשריבן דאָס בוך „תוך יידישקייט". פרעגט ניט ווענן דעם קבלת־פנים, וואָס איך האָב געקראָגן. די אָנפאַלן זיינען געווען אַ סך
ווענן דעם קבלת־פנים, וואָס איך האָב געקראָגן. די אָנפאַלן זיינען געווען אַ סך
זיך נאָך אַלץ ניט פאַנאַנדערקלייבן צווישן פאָלקס־אמונה און העכערער יידישער אמונה. זיי האַלטן נאָך אַלץ, אַז די איינציקע אמתע יידישע אמונה איז די ריגאָריסטישע, אָבערגלויבישע פאָלקס־אמונה. קומט איינער מיט אַ רעוויזיע, מיינט עס ביי זיי, אַז ער רופט צוריק צום אַלטן, צוריק צו אַלץ, פון וואָס מיר זיינען אַנטלאָפן. עס קאָן דאָך ניט זיין, טענהן זיי, אַז אַ מאָדערנער מענטש זאָל עס טאַקע מיינען. ניט אַנדערש, סיידן אין אים איז אַריין אַ רוח שטות.

מען האָט מיך באַצייכנט, ווי אַ בעל־תשובה, דערצו נאָך, ווי אַ בעל־תשובה, וואָס האָט זיך אומגעקערט צום אַלטן בלויז „מיטן מויל", אָבער אין דער אמתן האַלט ער ניט דערפון. ס'איז ניט מער, ווי אַ ליטעראַרישער מאַניער. בלויז געציילטע רעצענזאַנטן האָבן פאַרשטאַנען, אַז איך בין ניט געוואָרן קיין סקאָרבאָווער בעל־תשובה, נאָר אַז איך האָב געמאַכט אַ פּרואוו זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין מהות פון יידישקייט און געזוכט צו געפינען, וואָס יידישע אמונה באַטייט פאַר אונדזער דור.

„הבא לטהר מסייעין לו" — דער, וואָס קומט זיך רייניקן, העלפט מען אים, זאָגט די גמרא. איך האָב זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלן בלויז ביים אויפ־קלערן פאַר זיך, אַז הלכה איז דער „ווי אַזוי" פאַר דער ייִדישער אמונה, דער מעכאַניזם פון ייִדישן וועלט־באַנעם, אַז הלכה איז ניט קיין פאַרשווערונג פון רבנים, אַ באַוואוסטזיניקער אָדער אַן אומבאַוואוסטזיניקער מיטל פאַר ייִדישן קיום. איך האָב דערזען עפּעס נאָך וויכטיקערס אין הלכה. די חומרות און אויך די אויסטייטשונגען פון דער תורה זיינען ביי אונדזערע חכמים ניט געווען בלויז אַן אינטעלעקטואַלער ענין פון אויסרעכענען, אַז דאָס איז דער פּאַסיקער וועג פון דערנענטערן זיך צו גאָט. זיי האָבן געגלויבט, אַז ווען זיי טייטשן אויס אַ פּסוק פון דער תורה און ברענגען דורך דעם אַרויס אַ דין, אַ חומרה, אָדער אַ סיג, דעקן זיי ניט אויף קיין נייס, נאָר זיי האָבן דערזען דורך דעם רוח־הקודש, וואָס גאָט האָט זיי געשענקט, דעם מאור שבתורה. אין אונדזער טערמינאָלאָגיע מיינט עס, די טיפע איבערצייגונג אין מציאות אלקים, די דערקענונג, אַז ס'איז פאַראַן אַ געטלעכער רצון אין דער וועלט, וואָס האָט אויסדערוויילט ייִדן צו טראָגן גאָטס יאָך. דער דאָזיקער גאָט־באַגריף האָט געגעבן די מאָטיווירונג פאַר ייִדישן קיום און פאַר דער פאַרצווייגונג פון הלכה. גאָט־דערקענטעניש — דאָס איז דער עיקר.

עס איז דאָך קלאָר, אַז אַן דעם אייגנאַרטיקן ייִדישן גאָט־באַגריף איז ניט פאַראַן קיין שום חילוק, צי מיר היטן אָפּ אַלע מצוות, אָדער בלויז געציילטע מצוות, אָדער גאָר קיין מצוות ניט. ייִדישקייט איז ווערטלאָז אָן דעם גלויבן אין אַן איינגעשטעלטער וועלט דורך אַ טראַנסצענדענטאַלן כוח, וואָס האָט אויסגעקליבן ייִדן דורכצופירן אַ ספּעציעלע פונקציע. אָן די דאָזיקע צוויי באַגריפן האָט ניט די וועלט און ניט ייִדישקייט קיין ציל און קיין תכלית.

איך האָב אָנגעהויבן זוכן, צי איך קאָן אָננעמען די מציאות פון כביכול פאַר אַ פאַקט אין מיין לעבן און צי איך קאָן אָננעמען, אַז די אַבסאָלוטע רעאַליטעט האָט געקאָנט אויסקלייבן די ייִדן פון אַלע פעלקער פון דער וועלט פאַר אַ ספּעציעל פאָלק, פאַר אַן אייגנאַרטיק פאָלק, אַן עם סגולה, וואָס זאָל זיין דער אינסטרומענט אויף דורכצופירן זיין רצון אין דער וועלט.

פאַר אַ ייִדן פון אונדזער דור און פון אונדזערע קרייזן איז געווען פּסיכאָ־לאָגיש שווער זיך צו פאַרנעמען מיט אַזעלכע ענינים. מעטאַפיזיק און טעאָלאָגיע זיינען פון די זאַכן, וואָס אַ מאָדערנער מענטש פאַרנעמט זיך ניט מיט זיי. אַזוי האָלט מען ביי אונדז. דערפאַר האָט געדויערט גאָר אַ לאַנגע צייט, ביז איך בין געקומען צו דער הסכמה, אַז סיי די מציאות פון כביכול און סיי דער ייִדישער אתה בחרתנו זיינען אַ שכלדיקע מעגלעכקייט.

די הנחה, אַז הלכה איז ניט אויפגעקומען צוליב קיום האומה און אַז די טרייב־קראַפט פון דער יידישער געשיכטע איז די גאָט־אידייע, זיינען געווען דברים ידועים ביי יידישע היסטאָריקער, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די סעקולאַריסטן האָבן עס פאַרלייקנט. אויך די אידייע פון דער מציאות פון דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט און די יידישע בחירה זיינען באַוואוסטע זאַכן ביי פילאָזאָפן און ביי געשיכטע־פאָרשער. איך האָב באַר געדאַרפט איבער־קומען די אָבערגלויבנס און צוריקגעשטאַנענקייט פון דער סעקולאַרער סביבה, כדי אויסצוגעפינען, אַז וויניק מאָדערנע פאָרשער לייקענען די עקזיסטענץ פון אַ באַוואוסטזיניקן כוח, וואָס האָט איינגעשטעלט די וועלט און פירט זי. אויך קאָן מען אָננעמען, לויט דעם גאַנג פון געשיכטע און לויט דער מאַני־פעסטאַציע פון אַן אַלץ־וויסנדיקן און אַלמעכטיקן שכל, די וואַרשיינלעכקייט פון יידישן אתה בחרתנו (אַרנאָלד טוינבי).

געשיכטע בכלל און יידישע געשיכטע בפרט האָבן געקראָגן אַ זין, ווען איך האָב אָנגענומען די גאָט־אידייע. עס מיינט, אַז ס'איז פאַראַן אַ טראַנס־צענדענטאַלער כוח, וואָס איז כולל אַלץ. ער איז איבער גוטס און איבער שלעכטס, איבער לעבן און טויט. ער געוועלטיקט איבערן גאַנצן קאָסמאָס און אַלץ ציט זיך פון זיין רצון. אין דער זעלביקער צייט אָבער איז ער מענטשלעך. ער האָט זיך אַנטפּלעקט צו אויסדערוויילטע אַפילו אין אַ מענטש־לעכן געשטאַלט, וויל אַזוי האָבן די מענטשן אים דעמאָלט באַגריפן. ער האָט געשאַפן די וועלט מיט אַ פּלאַן, די בריאה האָט אַ תכלית און אַ ציל. עס איז ניט קיין צופעליק־אויפגעקומענע וועלט. אין דער דאָזיקער וועלט פון פעלקער און ראַסן זיינען יידן אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין דאָס פאָלק פון כביכול. זיי, די יידן, דאַרפן ברענגען די דערקענונג פון גאָטס חסד צו דער וועלט. זיי טראָגן גאָטס ליכט.

דער יידישער גאָט־באַגריף ווערט קורץ און שאַרף פאָרמולירט אין אַ פסוק פון ישעיה:

„אַזוי זאָגט דער הויך דערהויבענער, דער, וואָס רוט אין אייביקייט און הייליק איז זיין נאָמען: אין אייביקייט טו איך טאַקע רוען, אָבער איך בין אויך מיט דעם דערשלאָגענעם און געפאַלענעם אין געמיט, אויפצולעבן דעם מוט פון געפאַלענע און אויפצומונטערן דאָס האַרץ פון דערשלאָגענע" (ישעיה נז, טו).

עס האָט מיר געדויערט יאָרן פון ראַנגלעניש, ביז איך בין געקומען צו דעם דאָזיקן געדאַנק. ווען דער געדאַנק איז מיר קלאָר געוואָרן, האָב איך

אָנגעשריבן דאָס בוך „אויף אייגענע דרכים — דער חשבון הנפש פון אַ מאָ־דערנעם יידן״. אין דעם בוך דערצייל איך באריכות וועגן מיין זוכעניש און איך מאַך אַ פּרואוו צו באַגרינדן די הנחות, וואָס איך האָב פריער געבראַכט.

דאָ אָבער קומט אַ האַרבע קשיה און מען מעג מיך פרעגן:

„אויב איר זענט געקומען צו גאָטס דערקענונג, צו יידישער בחירה; אויב איר האָט אויסגעפונען, אַז הלכה איז אַ וועג פון דערנענטערן זיך צו גאָט, אַז הלכה איז ניט גלאַט אַ מיטל פאַר קיום, נאָר אַ פילאָזאָפישער באַנעם, אַ שיטה צו קאָנקרעטיזירן אין טאָג־טעגלעכן לעבן די אַבסטראַקציע פון יידישקייט — טאָ פאַרוואָס פירט איר זיך ניט לויט דעם שולחן־ערוך?״

איך קאָן ניט געבן קיין ענטפער פאַר אַנדערע גאָט־זוכער. איך פערזענלעך האָב יאָ געביטן מיין טאָג־טעגלעכן לעבנס־שטייגער, אָבער אפשר ניט גענוג, אַז דער דרויסנדיקער צוקוקער זאָל עס אָננעמען ווי אַ שינוי לויט זיין גוסט און באַנעם פון יידישער הנהגה. אונדזערער אַ ייד איז צוגעבונדן צו דער פאָלקס־רעליגיע. יידישע הנהגה מיינט פאַר אים ניט קיין האַר אָפּנייג פון זיין טאַטנס און זיידנס דרכים.

ניין, איך האָב ניט אָנגענומען דעם גאַנצן שולחן־ערוך, און אַפילו ניט קיין גרויסן טייל פון אים, ווייל פאַר מיר איז יעדע מצווה אַ פערזענלעכע איבערלעבונג. הלכה איז, ווי איך האָב פריער באַמערקט, אַ רעליגיעזע שיטה, וואָס פירט צו דער דערקענונג פון דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט און קאָן דערלייזן דעם יחיד און די וועלט. מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז באַזונדערע מצוות זיינען פאַרבונדן מיט צייט און אָרט.

דאָגמעס און ריטואַלן זיינען אַ פּרואוו צו פאָרמולירן אין פּרעציזע טער־מינען די אמתן, וואָס זיינען אויסגעפונען געוואָרן דורך די רעליגיעזע דער־פאַרונגען. אין הלכה איז פאַראַן נאָך עפּעס וויכטיקס פאַר אַ יידישן מענטשן. הלכה האָט אין זיך צונויפגעפרעסטע עמאָציע פון דורות. ווייבאַלד אָבער אַז באַזונדערע מצוות זיינען פאַרבונדן מיט צייט און אָרט, זיינען זיי פאַר אונדז פאַרעלטערט, ווייל זיי שפּיגלען ניט אָפּ אונזערע דערפאַרונגען.

איך וועל עס פּרואוון אילוסטרירן מיט אַ משל. דער רמב״ם זאָגט, אַז די באַציאונג פון אַ יידן צו גאָט דאַרף זיין, ווי די באַציאונג פון אַ מאַן צו אַ פרוי, וואָס ער האָט זיך אין איר פאַרליבט. ער טראַכט שטענדיק פון איר, זיין גאַנצע זעל איז אַריינגעטאָן אין דער ליבע. מיר, וואָס האַלטן פון דער מציאות פון גאָט, זיינען איצט אין דער בחינה פון אַ געוויינטלעכן מענטשן, וואָס האָט זיך פאַרליבט אין אַ פּרינצעסין, וואָס איז אויך צופרידן מיט זיין

ליבע. דער פּראָסטער מענטש אָבער ווייסט ניט, ווי זיך אויפצופירן אין דער אָנוועזנקייט פון אַ פּרינצעסין: ער ווייסט ניט, ווי צו רעדן צו איר, ווי זיך צו קליידן, אָדער אַפילו, ווי זי צו אַדרעסירן. האָט זיין חבר אים געגעבן אַן עצה:

„נאַ דיר אַ ביכל פון עטיקעט, וועסטו וויסן ווי זיך אויפצופירן".

דער מענטש האָט גענומען דאָס ביכל, האָט עס פּאַרזיכטיק דורכגעלייענט און געענטפערט זיין פריינט:

„ניין, איך קאָן ניט אויספאָלגן, וואָס דאָרט איז פאַרשריבן. אויב איך וועל זיך אָנטאָן אין די קליידער, וואָס זיינען דאָרט אויסגערעכנט, וועל איך זיך פילן ווי אַ פּאַיאַץ: קורצע הויזן, ווייסע זאָקן, אַ רעקל מיט אַ קאָלנער מיט שליאַרעס. אויב איך וועל רעדן, ווי דאָס ביכל הייסט, וועל איך זיך פילן ווי אַ נאַר, ווייל אַ היינטיקער מענטש רעדט ניט אַזוי. אַלץ איז אַזוי פאַר־עלטערט און אָפּגעלעבט. ווען דאָס דאָזיקע ביכל איז געדרוקט געוואָרן, האָט מען געמיינט, אַז אַ געוויינטלעכער מענטש דאַרף זיך פילן אין דער אָנוועזנקייט פון אַ פּרינצעסין, ווי אַ קנעכט פאַר זיין האַר. ער דאַרף קניען, זיך בוקן פאַר איר און שטיין הכנעהדיק. היינט איז אונדזער יראת ההתרוממות, אונדזער פאַרכטיקייט פאַר דערהויבענע אינגאַנצן אַנדערש".

מיר זיינען איצט אין דער בחינה פון יענעם פאַרליבטן. די הויף־צערע־מאָניעס זיינען פאַרעלטערט און מער ניט פּאַסיק פאַר אונז.

די עובדה פון אונדזער דור פון גאָט־זוכער דאַרף זיין אָפּצורייניקן דעם וועג, דערוויזן ראַציאָנאַל און פילאָזאָפיש, אַז יידישקייט האָט ווערטן אויך היינט און האָט אַ באַטייט און אַ מיין פאַר דעם מאָדערנעם מענטשן.

פּאַראַדאָקסאַל גערעדט: מיר, די גאָט־זוכער פון היינטיקן דור, טאָרן גאָר ניט ווערן קיין זהירים במצוות — אָט תיכף פרומע, אָפּגעהיטע יידן. ביי אונדז האָט דער צערעמאָניאַל פאַרלוירן אַ גרויסע מאָס פון זיין באַטייט. אָנהויבן איצט ווידער אָפּהיטן געבאָטן, וואָס זיינען פאַר אונז אינהאַלטסלאָז, סיי עמאָ־ציאָנעל און סיי אינטעלעקטואַל, וועט זיין אַ גרויסער ליגן. עס מוז זיין אַ לאַנגער פּראָצעס פון איבערדערציען זיך אַליין. אָפּהיטן מצוות דאַרף ווערן אַ באַרירונג מיט דעם אין־סוף, מיט דער אידייע פון געטלעכקייט. יאָ, פריער דאַרפן מיר אָננעמען די אידייע פון געטלעכקייט און דערנאָך זיך מחנך זיין אין מצוות.

דאָס דאַרף ווערן אַ יחידישער און אַ קאָלעקטיווער עקספּערימענט. דער־ווייל זיינען מיר אין דער בחינה פון די ערשטע משכילים, וואָס האָבן אָפּגע־

רייניקט אַ וועג פאַר אונדז צו טראַכטן פריי. מיר רייניקן אָפּ דעם יידישן געדאַנק פון זיין אַפּיקורסישקייט, פון זיין צוגעבונדנקייט צו די קאָנסערוואַטיווע און אָפּגעלעבטע באַגריפן, אַז דער באַשאַף איז אויפגעקומען צופעליק און אַז דער מענטש האָט ניט קיין התחייבותן צו דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט.

אַ קאָלעקטיווע סעלעקציע מיט אַ סך בלאָגדזשענישן וועט סוף־כל־סוף צוריק ברענגען אַ יידיש לעבן, געבויט אויף די יסודות פון דער יידישער טראַדיציע.

(אייר־תמוז תשכ״א)

# מאַטעריאַליסטישער פּראָגרעס און עטיש־מאָראַלישע הינטערשטעליקייט

**תלמיד:**

ילמדנו, רבנו, איך וואָלט געוואָלט, רבי, איר זאָלט מיר אויפקלערן די רעטעניש, וואָס באַאומרואיקט מיך שוין יאָרן: פאַרוואָס איז אַזאַ מרחק, אַן אָפּשטאַנד, צווישן אונדזער מאַטעריאַליסטישן פּראָגרעס און עטיש־מאָראַלישער דערגרייכונג? ווען מיר קוקן זיך צו ווי ווייט מיר האָבן דערגרייכט אויפן חומרישן פאַרנעם, געביט, פאַרכאַפּט אונדז דער אָטעם פון איבער־ראַשונג. איך מיין ניט נאָר אויפן טעכנישן געביט, וואָס מיר קאָנען שוין פליען אין די הימלען און דער גרויסער וואונדער פון די קאָמפּיוטאָרס־רעכן־מאַשינען; נאָר פשוט, די חומרישע באַקוועמלעכקייט און נוציקייט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר דעם דורכשניטלעכן מענטשן אין זיין טאָג־טעגלעך לעבן.

לאָמיר נעמען אַ דירה פון דעם געוויינטלעכן, ניט־רייכן מענטשן, זאָל זיין נאָר דאָ אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ביי דער מערהייט פון די איינ־וואוינער. די דירה האָט צענטראַלע באַהייצונג. אין גאָר אַ סך דירות איז דאָ לופט־קאָנטראָל, „עיר־קאָנדישן". די וואוינונג איז וואַרעם אום ווינטער און קיל אום זומער. דאָס הויז האָט אַן אייגענע באָד — אַ טאָפּלטע באָד: אַ שפּריץ און אַ וואַנע. הייסע וואַסער ווען מען וויל און וויפל מען וויל. מיר האָבן שוין כמעט ווי פאַרגעסן די שוועריקייטן וואָס מענטשן האָבן געהאַט צו האַלטן זיך ריין און ציכטיק. וואַשן גרעט איז גרינג. כדי אויפצוקלערן דעם איצטיקן דור די פּראָצעדור פון וואַשן וועש, אַט מיט פופציק יאָר צוריק, וואָלט מען גע־דאַרפט אָנשרייבן אַ גאַנצע דיסערטאַציע. מען וואָלט געדאַרפט אויפקלערן די באַמענקלאַטור פון וואַשן גרעט: פּראַניק, זאָליען, קאָכן די גרעט, קראָכ־מאַליען. צו דערקלערן דאָס וואָרט „פּרודיען" וואָלט פאַרנומען אַ האַלב געדרוקט זייטל. היינט באַלייכטונג! ווער ווייס איצט וויסן וואָס עס איז אַ „קוראַלניק", אַ פּינפּער לאָמפּ, אַן אַכטער און אַ בליצלאָמפּ? וואָס זיינען קינעלעך, וואָס מען שטעקט אַריין אין אַ געלעכטערטער סקאָוואָרדע, וואָס העגגט אַראָפּ פון סטעליע? היינט דער גרויסער אויפטו פון עלעקטרישער באַלייכטונג, וואָס האָט פאַרטריבן די שדים פון דער וועלט!

אויסרעכענען אַלע עלעקטרישע מכשירים אין אַ געוויינטלעך הויז, וואָס האָבן געמאַכט אונדזער לעבן גרינג און באַקוועם איז אוממעגלעך. אָבער מען מוז דערמאָנען די מכשירים צו פאַרוויילן און אינפאָרמירן אונדז, וואָס געפינען זיך אין אַ דורכשניטלעכער היים, געמלעך די ראַדיאָ און טעלעוויזיע־אַפּאַראַט און דער אויטאָמאָביל! דער אויטאָמאָביל האָט פאַרווירקלעכט די לעגענדע פון קפיצת הדרך. מיר שפּרינגען אַריבער גרויסע שטרעקעס ווי מיט כישוף־שטיוול. איך דערמאָן ניט קיין באַנען, שיפן און עראָפּלאַנען, ווייל כדי צו געניסן פון זייערע נוצן דאַרף מען האָבן ספּעציעל געאיבטע מענטשן אָנצופירן מיט זיי. איך וויל דאָ נאָר באַטאָנען יענע באַקוועמלעכקייטן, די מאַשינען, וואָס זיינען אין דעם רשות פון דעם דורכשניטלעכן מענטשן. דער מאָדערנער מענטש האָט אין זיין רשות יענע לעגענדאַרישע כוחות, וואָס טוען זיין ווילן ווי אונטערטעניקע קנעכט. דער מענטש דאַרף נאָר אַ דריי טאָן אַ רעדל, אַ קוועטש טאָן אַ קנעפּל, אַ שאַר טאָן אַ הענטל און ער וועט זען בילדער, הערן מוזיק, אָדער זיין ווילן וועט געטאָן ווערן — געטראָגן ווערן וואוהין ער וויל, אָדער עס וועט אָפּגעטאָן ווערן די אַרבעט, וואָס ער באַדאַרף, אָדער פאַרלאַנגט.

איצט, וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט צו דער הנהגה פון מענטשן, צו דער באַציאונג פון מענטש צו מענטש און פון פאָלק צו פאָלק. אַלץ איז געבליבן ווי אַמאָל און אפשר נאָך ערגער. אַזוי ווי עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען אַלע גרויסע און וואונדערלעכע דערגרייכונגען אויף דעם מאַטעריעלן געביט פון דעם מענטשנס באַקוועמלעכקייט און פאַרגעניגן, אַזוי איז אוממעגלעך אויסצורעכענען די רשעות פון דעם מאָדערנעם מענטשן און איצטיקער געזעלשאַפט. די רייד פון קהלת וועגן דעם נידעריקן עטישן מצב פון דער געזעלשאַפט פון זיין צייט, קאָן מען אָנווענדן אָן קיין שום שינוי אויף אונדזער היינטיקער צייט: „און איך האָב ווידער זיך צוגעקוקט צו אַלע רויבערייען, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון און אָט זיינען די טרערן פון די אונטער־דריקטע און ניטאָ ווער עס זאָל זיי טרייסטן. אויף דער זייט פון זייערע אונטערדריקער איז די מאַכט און ניטאָ ווער זאָל זיי טרייסטן“ (קהלת ד, א). פאַראַן יחידים, אויך איצט, וואָס גלויבן, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען „גאָט דער האַר וועט אָפּווישן די טרערן פון יעדן פּנים“ (ישעיהו כה, ח). אָבער דער כביכול האָט איינגעשטעלט די וועלט אַזוי, אַז זיין פאַרלאַנג ווירקט און ווערט אויסגעפירט נאָר דורכן מענטש. דערוויייל זיינען ניטאָ קיין גענוג מענטשן וואָס ווילן און קאָנען אויספירן די דאָזיקע שליחות.

פרעג איך, רבי, פאַרוואָס אַזאַ הויכע דערגרייכונג אויף דעם מאַטעריעלן געביט און טעכנישע אויפטואונגען, און אַזאַ הינטערשטעליקייט אויפן עטישן

און מאָראַלישן פעלד? פאַרוואָס האָט דער מענטש אויסגעפונען בייע מעטאָדן און גאָר רעוואָלוציאָנערע טעאָריעס בנוגע טעכניק אויסצופאָרשן די באַטור און אויסדערפינישקייט אין טעכניק, און איז געבליבן הינטערשטעליק, אַרויס־געוויזן גאָר ווייניק אינאָוואַציע, און לחלוטין קיין שום אויסדערפינישקייט אויפן עטישן געביט? מיר האָבן שוין דערגרייכט די לבנה און דאָ אויף דער ערד אַזאַ יאָמערטאָל.

**רבי:**

דער אמת איז, אַז טעאָרעטיש האָט זיך דער מענטש אויפגעהויבן צו די הימלען, עטיש און מאָראַליש, גאָר אַ סך פריער ווי ער האָט זיך אויסגעלערנט אויפצוהויבן פון דער ערד מעכאַניש־טעכניש. מענטשלעכע אויסדערפינע־רישקייט אויפן שטח פון מאָראַל און עטיק איז ניט אָפּגעשטאַנען לגבי די דערפינערישקייט אויפן פעלד פון טעכניק אויף דעם מאַטעריעלן געביט. די פלוגתא צווישן רבי עקיבא און בן־עזאי וועגן דער חשיבות פון יחיד איז אַזאַ נאָוואַציע און אויסדערפינערישקייט אויף דעם שטח פון עטיק ווי די גרעסטע אַנטדעקונג אויפן טעכנישן פעלד. „רבי עקיבא זאָגט: דער וויכטיקסטער פסוק אין דער תורה איז ׳ואהבת לרעך כמוך׳ (ויקרא יט, יח) — דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר (אָדער שכן) ווי זיך אַליין. בן עזאי האָט געזאָגט: דער וויכטיקסטער פסוק אין דער תורה איז ׳זה ספר תולדות אדם, ביום ברא אלקים אדם בדמות אלקים עשה אותו׳ (בראשית ה, א) — דאָס איז די גע־שיכטע פון דעם מענטשן, אין דעם טאָג וואָס גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן, אין דעם געשטאַלט פון גאָט האָט ער אים געמאַכט. עס מיינט, אַז עס איז גאָר ניט קיין גרויסע מדרגה צו ליב האָבן דיין חבר, אָדער שכן, וואָס דו קאָנסט. דו דאַרפסט ליב האָבן ווי זיך אַליין אַלע מענטשן, ווייל יעדער מענטש איז געשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט און ער איז ראוי מען זאָל אים אַכטן" (ירושלמי, נדרים פרק ט, הלכה ד. זע דאָרט דעם פירוש „קרבן העדה"). אין דעם דאָזיקן דרוש, אָדער אויסטייטש, איז שוין דאָ דאָס קערנדל פון דער לאָזונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: „פרייהייט, גלייכהייט און ברי־דערלעכקייט", וואָס האָט אויפגעווירעט די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע קרוב צוויי טויזנט יאָר שפּעטער. ווען מיר וואָלטן באָר אויסגעפאָלגט און באַנוצט זיך מיט די ראשי פּרקים פון יידישער מאָראַל, מיט אַ צוגאָב פון די איצטיקע הומאַניסטישע באַגריפן, וואָלט די וועלט געוואָרן אַן אמתער גן־עדן; מיר וואָלטן געקאָנט אָנווענדן אַלע אונדזערע טעכנישע אַנטדעקונגען לטובת דער מענטשהייט. מיר וואָלטן אַפילו פּטור געוואָרן פון אונדזער הויפּט־אומגליק —

מלחמה. דער מענטש האָט נאָך מיט העכער צוויי טויזנט און פינף הונדערט יאָר צוריק געחלומט, אַז „אַ פֿאָלק קעגן אַ פֿאָלק וועט ניט הויבן קיין שווערד, און מען וועט מער ניט לערנען קיין מלחמה, און יעדער איינער וועט זיצן אונטער זיין ווייַנשטאָק און אונטער זיין פייגנבוים און קיינער וועט זיך מער ניט שרעקן" (מיכה ד, ג־ד).

ניין, עס פעלן ניט קיין הומאַניסטישע, מאָראַלישע און עטישע באַגריפן, טעאָריעס און דערקענטענישן, וואָס וואָלטן דערהויבן און פאַרפולקומט אונ־דזער געזעלשאַפטלעכן מאָראַלישן לעבן. טעאָרעטיש, און אין וויסן, איז עטיק ניט הינטערשטעליק לגבי אונדזער וויסן פון טעכניק, וואָס האָט אונדז דער־מעגלעכט צו מאַכן אונדזער חומריש לעבן אַזוי באַקוועם. אָבער מיר קאָנען ניט אָנווענדן און אויסנוצן די עטישע ידיעות, הומאַניסטישע און מאָראַלישע באַגריפן און דערקענטעניש אין אונדזער טאָג־טעגלעך פּראַקטישן לעבן, ווי מיר נוצן אויס די טעכנישע אויסדערפינערישקייטן. עס זיינען צוויי באַזונדערע זאַכן, הן אין זייער עצם אויפֿנעם און הן אין דעם אופן פון אויסנוצן זיי. אַ מעכאַנישע אַנטדעקונג ווערט אויפגענומען, סיי פון דעם דערפינדער און סיי פון דעם געניסער, מעכאַניש. אַן עטישער פּרינציפּ קאָן ניט אויפגענומען ווערן מעכאַניש אַפילו פון דעם אַנטדעקער. די אָנווענדונג פון אַן עטישן פּרינציפּ איז אַלעמאָל, ביי יעדן איינעם פון דאָס ניי אַ דורכגעלעבטע עמאָציע און אַ פרישע איבערלעבונג.

דער וואָס האָט אויסגעפונען די טעלעוויזיע און דער געניטסטער מעכאַניק וואָס שטעלט צונויף דעם אַפּאַראַט, קאָנען ניט אָנשטעלן דעם אַפּאַראַט בעסער פון דעם אומוויסיוודיקסטן אַנאַלפאַבעט, אָדער קינד, וואָס האָט נאָר שכל צו אַ קוועטש טאָן דאָס קנעפּל אָדער אַ דריי טאָן דאָס רעדעלע פון דעם טעלע־וויזיע־אַפּאַראַט. דער אינזשעניר, וואָס האָט לכתחילה אויסגעטראַכט דעם אויטאָמאָביל און דער מעכאַניק, וואָס האָט צונויפגעשטעלט די מאַשין, קאָנען ניט טרייבן די מאַשין בעסער פון אַ געניטן אומוויסנדיקן שאָפער, וואָס האָט ניט קיין שום אָנונג פון די פיזיקאַלישע פּרינציפּן פון דעם אויטאָמאָביל. אַמאָל, און גאַנץ אָפט, קאָן אָט דער דערפאַרענער שאָפער טרייבן בעסער די מאַשין ווי דער אינזשעניר, וואָס ווייסט דעם פאַרוואָס פון אַלע מעכאַנישע געזעצן, וואָס האָבן דערמעגלעכט אַן אויטאָמאָביל. דער עיקר דערפאָלג פון אַלע מעכאַנישע אויסגעפינערישקייטן איז, וואָס דער געניסער דאַרף ניט זיין באַקאַנט מיט די טעאָריעס פון דעם מעכאַניזם, אָדער אַפילו מיטן צונויפשטעל פון דעם אַפּאַראַט. עס איז גענוג פאַר אים ער זאָל וויסן ווי אַזוי אַ דריי טאָן אַ רעדל, אַ קוועטש טאָן דאָס ריכטיקע קנעפל און דער אַפּאַראַט אַרבעט.

נאָך מער, אַפילו אַ זייטיקער מענטש קאָן מאַכן דעם מעכאַנישן אַפּאַראַט אַרבעטן פאַרן געניסער. אָבער וויפל מענטשן וואָלטן געקאָנט געניסן פון דער טעלעוויזיע, ווען דער געניסער וואָלט געדאַרפט זיין באַקאַנט נאָר, ניט געניט, מיט דעם צונויפשטעל פון דער מאַשין? ווען עס וואָלט געווען נויטיק אויך צו זיין באַקאַנט מיט דער טעאָריע פון וועלכן עס איז מעכאַנישן אַפּאַראַט, איידער מען קאָן געניסן פון אים, וואָלטן געווען נאָר געציילטע מענטשן אויף דער וועלט וואָס וואָלטן געקאָנט אַנשטעלן די מאַשין. עס וואָלטן געווען מסתמא ווייניקער געניסער פון וועלכע עס איז מאַשינען, ווי אמתע עטישע מענטשן איצט אויף דער וועלט.

אָבער מיר האָבן ניט קיין פּאָרטל צו צוטשעפּען צו דעם אָנזאָג פון אַן עטישן געבאָט אַ הענטל, אַריינשטעלן אַ קנעפּל, אַז ווען מען טוט עס אַ קוועטש זאָל דער מענטש מעכאַניש קאָנען פאַרוואַנדלען דעם אַבסטראַקטן עטישן באַגריף אין אַן אַקט, אין אַ טואונג. אַפילו דער מענטש, וואָס דער־טראַכט זיך צום העכערן עטישן באַגריף קאָן עס מאַכן אַ טייל פון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן נאָר דורך ראַנגלעניש און אַליין־דיסציפּלין. דערקאָנונג און וויסן וואָס איז רעכט צו טאָן און וואָס עס איז ניט רעכט צו טאָן איז ניט גענוג. עס איז אַ לאַנגער פּראָצעס פון פּאַמעלעכער דערציאונג.

אָט איז איין ביישפּיל: די יידן איז געגעבן געוואָרן די תורה מיט דונערן און בליצן, און אַ שווערער וואָלקן איז געווען אויפן באַרג סיני. כדי צו באַ־ווירקן שטאַרקער דאָס פאָלק, האָט זיך געהערט אַ קול פון אַ שופר, גאָר אַ שטאַרקער. דאָס גאַנצע פאָלק האָט געציטערט אין דעם דאָזיקן גרויסן מאָמענט. דאָס פאָלק האָט געהערט מיט די אייגענע אויערן גלייך פון גאָטס מויל: „זאָלסט דיר ניט מאַכן קיין געשניץ, אָדער קיין שום געשטאַלט פון וואָס עס איז אין הימל אויבן, אָדער וואָס עס איז אויף דער ערד אונטן, אָדער וואָס עס איז אין וואַסער אונטער דער ערד". קלאָר איז געווען פאַר דעם פאָלק וואָס גאָט פאָדערט. דאָך האָבן זיי פערציק טעג שפּעטער געמאַכט אַ געגאָסן קאַלב און זיך געבוקט צו דעם. אַ וואָרט, אַ געבאָט, אַן אָנזאָג איז ווייניק. עס האָט גענומען יידן גאָר אַ לאַנגע צייט, דורות פון דערציאונג, ביז זיי האָבן אויס־געפּאָלגט דאָס פאַרבאָט פון געצנדינעריי.

## תלמיד:

„איז גאָר ניטאָ קיין האָפענונג פאַר דער מענטשהייט? וועט אייביק בלייבן אומרעכט דער הערשער אויף דער וועלט?"

**ר ב י:**

ביין! עס איז ניטאָ וואָס צו מייאש זיין זיך. ניט געקוקט אויף אַלע אויסזעצונגען, פּירוואָרפונגען קעגן אונדזער איצטיקער געזעלשאַפט, האָבן מיר דאָך גאָר אַ סך, אַ סך פּראָגרעסירט לגבי די אַמאָליקע צייטן. פאַרשטייט זיך, מיר דאַרפן נעמען די אויפטואונגען פון די פּראָגרעסיווסטע און דעמאָקראַטישע לענדער. מען קאָן אָנווייזן אויף איין גרויסן אומרעכט, וואָס איז אָפּגעשאַפן געוואָרן: קנעכטשאַפט. די אינסטיטוציע פון קנעכטשאַפט איז געווען אַזוי פאַרוואָרצלט אין די ציוויליזאַציעס פון גאָר דער וועלט, אַז אַפילו די תורה האָט עס ניט אָפּגעשאַפט, ניט מעגלעך געווען פאַר איר עס צו פאַרבאָטן. אמת, די תורה האָט קיינמאָל ניט געהאַלטן, אַז קנעכט זיינען ניט מער ווי אייגנטום, גוטס, וואָס דער אייגנטימער מעג עס צעשטערן, אומברענגען און ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך צו קיינעם. אויב אַ קנעכט־אייגנטימער האָט מוטוויליק געהרגעט אַ קנעכט, האָט זיך עס פאַררעכנט ווי אַ טויט־פאַרברעכן. אויב אַפילו דער אייגנטימער פון אַ קנעכט האָט אים אַרויסגענומען אַן אויג, אָדער אויסגעהאַקט אַ צאָן, איז דער קנעכט אַרויס פריי. אָבער לויט דעם וועלט־באַנעם פון תנ״ך טאָר ניט זיין קיין קנעכט, ווייל עס איז דאָך ניטאָ קיין חילוק צווישן מענטש און מענטש — יעדער מענטש איז געשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט און גלייכעניש; אַלע מענטשן שטאַמען פון אָדמען. דאָך האָט גענומען עטלעכע טויזנט יאָר ביז קנעכטשאַפט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין די פּראָגרעסיווע לענדער. דאָס איז דאָך אַ גרויסער פאָרשריט.

איצט, נאָך מער קאָנען מיר זען ווי ווייט מיר האָבן דערגרייכט, איז אונדזער באַציאונג צום יחיד; אונדזער דרך־ארץ איצט פאַר דער חשיבות פון יחיד. מלקות, באַשטראָפן מיט שמיץ פאַר ריטואַלע און ציווילע פאַרברעכנס, איז געווען די אָנגענומענע פּראָצעדור. די געבאָטן און פאַרבאָטן זיינען געווען אַזוי פיל, אַז קיינער האָט זיך אין זיין לעבן ניט אויסגעדרייט פון קריגן שמיץ. באַמערקט אַ היסטאָריקערין: „טוטאַנכאַמען (אַן עגיפּטישער פּרעה, קעניג, אין 14טן יאָרהונדערט פאַר אונדזער צייט־רעכענונג) טראַכט, אַז ער איז וואָרשיינלעך דער איינציקער אין דער גאַנצער קעניגרייך, וואָס קאָן אויפשרייבן אויף זיין מצבה: 'ער האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן און איז ניט באַשטראָפט געוואָרן מיט קיין שמיץ פון אַ ריכטער'" („דהי פּריוועט לייף אָוו טוטאַנכאַמען" ביי דזשי. אַר. טאבאי, ז' 213). אין ספר דברים ווערט געזאָגט: „און אויב דעם שולדיקן קומט באַשטראָפט ווערן מיט שמיץ (שלאָגן, אין אָריגינאַל), זאָל דער ריכטער אים לאָזן אומוואַרפן און שלאָגן אים פאַר

אים אין די אויגן, ווערליק זיין שולד, מיט אַ צאָל. פּערציק שמיץ (מלקות) זאָל מען אים געבן, ניט מער. טאָמער גיט מען אים מער פון פּערציק, ווערט דיין ברודער פאַראַכט ווערן אין דיינע אויגן" (דברים כה, ב־ג). אין די דאָזיקע פּסוקים איז דאָ אַ גלאַנצער פּאַר דער חשיבות פון יחיד. דאָך ווערט אָנגענומען פון דער תורה, אַז דאָס באַשטראָפן פון יחיד מיט מלקות איז מאָראַליש און דאַרף ניט אָפּגעשאַפט ווערן. אין אונדזער צייט ווערט אויך באַנוצט מיאוסע קערפּערלעכע שטראָף, פאַר פאַרברעכער, וואָס דערנידעריקט און פאַרשעמט דעם מענטשן. אָבער אין קיין פּראָגרעסיוו, דעמאָקראַטיש לאַנד ווערט עס ניט פאַררעכנט ווי די נאָרמע. אין קיין פריי לאַנד איז עס ניט אָנגענומען ווי אַ טייל פון שטראָף־קאָדעקס — ציווילן אָדער קרימינאַלן.

נאָך אַ גרעסערע דערגרייכונג איז טאָלעראַנץ צו קעגנער. דאָס רעכט ניט צו זיין איינשטימיק; דאָס רעכט פון זיין אַנדערש. אמת, אויך דער פּאַגאַניזם איז געווען טאָלעראַנט, צו די וואָס האָבן געדינט צו אַנדערע געטער. אָבער דאָס איז אין גרונט געווען ניט קיין סבלנות, טאָלעראַנץ. די געצנדינער, פּאַגאַניסטן, האָבן געדינט צו אַ סך געטער, האָט זיי ניט געאַרט אויב איינער האָט געדינט צו זיין אייגענעם גאָט. זאָל צוקומען נאָך אַ גאָט אין דעם פּאַנטעאָן פון די געטער. עס איז ניט געווען קיין דערקענונג פון אַ קעגנערס רעכט צו זיין אַנדערש. עס האָט זיך ניט פאַררעכנט פאַר קעגנערשאַפט אָדער אַנדערש־קייט. טאָלעראַנץ איז אַ מאָדערנע אינאָוואַציע אויפן עטישן געביט. עס איז אַ סך אַ העכערע דערגרייכונג ווי פון די נבואות ווען אַלע מענטשן וועלן דער־קענען איין אמת און וועלן לעבן אין פרידן. דער אויפפּאַס פון טאָלעראַנץ איז, אַז פאַרשיידנאַרטיקייט דאַרף ניט און טאָר ניט זיין קיין שטער פון פריד־לעכער צונויפלעבונג. ווי אַ סימן פון טאָלעראַנץ פון די נביאים טייטש מען אויס דעם פּסוק פון מיכה: כי כל העמים ילכו איש בשם אלקיו, ואנחנו נלך בשם ה' אלקינו לעולם ועד" — וואָרעם אַלע פעלקער מעגן גיין איט־לעכער אין נאָמען פון זיין גאָט, אָבער מיר וועלן גיין אין נאָמען פון ה' אונדזער גאָט, אויף אייביק און שטענדיק (מיכה ד, ה). אָט דער פּסוק ווערט אויסגעטייטשט: ס'איז דאָך קלאָר, אַז ווייבאַלד אַלע פעלקער וועלן לעבן אין פרידן און טאָן גערעכטיקייט, אַרט ניט גאָט, אויב זיי וועלן אים דינען יעדער אויף זיין אופן". דאָס איז אַ מאָדערנער אויסטייטש, ניט לויטן אמתן פּשט פון טעקסט (זע רש"י). טאָלעראַנץ איז אַ מאָדערנער באַגריף און אויפטו.

נאָך אַ גרויסער פאָרשריט, פאָדערונג, אין עטישן זין, איז איצט דער וואוילשטאַנד־שטאַט, „וועלפער סטייט", וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. די מאָדערנער שטאַט פאַרזאָרגט דעם מענטשן

אויף דער עלטער, אָדער ווען ער איז קראַנק. מילא די פאַרזאָרגונג אויף דער עלטער, קאָן מען זאָגן, איז ניט מער ווי אַ פאָרם פון פאַרזיכערונג, וואָס דער מענטש וואָס אַרבעט, צאָלט זיין טייל. אָבער דער שטאַט באַזאָרגט איצט די נויטבאַדערפטיקע, די הילפלאָזע, דעם יתום, די אַלמנה, דאָס ניט־לעגיטימע קינד און די מוטער זיינע. עס איז ניט קיין פאָרם פון „טשאַריטי״, ווי עס איז געווען ביז איצט. טשאַריטי נעמט זיך פון דעם לאַטיינישן וואָרט „קאַ־ריסטאַ״, וואָס מיינט רחמנות. דער וואוילשטאַנד פון דעם מאָדערנעם שטאַט איז אַ קאָנקרעטיזירונג פון דעם יידיש־העברעאישן וואָרט „צדקה״, וואָס מיינט גערעכטיקייט. דעם אָרעמאַן קומט זיין אויסהאַלטעניש. דער שטאַט גיט ניט קיין קצבה, ווייל ער האָט רחמנות אויף דעם הילפלאָזן. מען לאָזט ניט פאַלן דעם אָרעמאַן, דעם הילפלאָזן, ווייל עס קומט אים. עס איז דאָס געזעץ פון לאַנד. יידישקייט איז איז געגרונטפעסטיקט אויף הלכה. די מידות טובות פון די יידן זיינען אַ פועל־יוצא פון לעבן טויזנטער יאָרן אונטער דעם געזעץ פון אַ גאָט אַ בעל־רחמים. רחמנות און גוטהאַרציקייט זיינען סוביעקטיווע געפילן, וואָס קאָנען זיין אָפט אַכזריותדיק. אָבער ווען אַ געזעץ ווערט איינ־געשטעלט לויט דער הויכער עטישער ניווא פון אַ דור, ווערט דאָס געזעץ ניט אָנגעווענדט לויט דעם קאַפּריז און מאָמענטאַלער שטימונג פון דעם מענטשן.

אָננעמען די טעאָריעס און באַגריפן פון עטיק און זיי מאַכן, אָדער בעסער, זיי זאָלן ווערן אַ טייל פון אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן, איז זייער און זייער אַ פּאַמעלעכער פּראָצעס. יעדער מענטש דאַרף זיין אַליין דער אַנטדעקער, אויס־טראַכטער, און דער מעכאַניקער, וואָס זאָל עס קאָנען אָנווענדן אויף זיך. עס מוז נעמען יאָרן און יאָרן, אָפט טאַקע הונדערטער יאָרן, ביז אַן עטישער באַגריף ווערט די נאָרמע פון דער צייט, אַזוי אַז עס זאָל זיין אַן אַליין־פאַר־שטענדלעכע זאַך; ווען דאָס געבאָט, דאָס געזעץ זאָל ניט זיין בלויז אַ געבאָט און באַגריף פון אַ געזעצגעבער, נאָר טאַקע אַ ראַציאָנאַלער און עמאָציאָנעלער טייל פון דעם אונטערבאַוואוסטזיין פון דעם מענטשן. ווען דער נביא שיל־דערט די גליקלעכע צוקונפט אין דעם סוף פון די טעג, ווען אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס, אַ לעמפּערט וועט הויערן מיט אַ ציגעלע... קיינער וועט ניט טאָן קיין בייז און וועלן ניט פאַרדאַרבן אויף מיין גאַנצן הייליקן באַרג — און ער, דער נביא, גיט אָן אַ סיבה פאַרוואָס עס וועט זיין אַזוי: „ווייל די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט, ווי די וואַסערן באַדעקן דעם (גרונט פון) ים״ (ישעיהו יא, ט). עס מיינט דער עטישער באַוואוסטזיין וועט ווערן אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם מענטשן. יעדער מענטש און אַפילו

יעדע חיה וועט קאָנען זיין עטיש, ווייל גערעכטיקייט, מאָראַלישקייט און עטישקייט וועלן זיין אַ טייל פון אונטערבאַוואוסטזיין. דערפאַר טאָקע זאָגן אונדזערע חכמים: „מצוות בטילות לעתיד לבוא" (נידה סא, ב) — טייטשט דער תוספות, אַז אין דעם סוף פון די טעג, ווען די וועלט וועט ווערן פערפעקט, וועלן אַלע מצוות בטל ווערן. גוטסקייט, גערעכטיקייט וועט ווערן די נאָרמע פון דער וועלט. עס וועלן דאָך ניט זיין קיין עבירות, וועלן מצוות זיין אַ נאַטירלעכע זאַך און וועלן זיך ניט רעכענען ווי עפּעס אַן אויסנאַם.

דאָס קלעטערן פון דעם מענטשן צו דער הויכקייט פון עטישן באַרג איז אַ פּאַמעלעכער און אַ פּייַנלעכער; אָבער ווען מיר קוקן מיט קלאָרע אויגן אויף דעם עבר, אויף דער פאַרגאַנגענהייט פון דער מענטשלעכער געשיכטע, דאַרף מען ניט פאַרלירן די האָפענונג פאַר אַ ליכטיקער און גליקלעכער צוקונפט פאַר דער מענטשהייט.

# פאַלשע באַשולדיקונגען

**תלמיד:**

ילמדנו רבנו: איר האָלט אין איין באַטאָנען, אַז יידן זיינען אַן אויס־דערוויילט פאָלק. איר בעמט אַן ווערטערלעך די פסוקים וואָס באַטאָנען דעם דאָזיקן געדאַנק: „איר וועט זיין מיין באַזונדער אייגנס פון צווישן אַלע פעל־קער, ווייל צו מיר געהערט די גאַנצע ערד; און איר וועט ביי מיר זיין אַ קיניגרייך פון כהנים און אַ הייליק פאָלק" (שמות יט, ה־ו). איר ווייזט אָן, אַז עס איז אַ גרונט־געדאַנק אין יידישן וועלט־באַנעם, ווייל עס ווערט איבערגע־חזרט אין דער תורה, ביי נביאים און ווערט באַטאָנט אין די כתובים: „און גאָט האָט דיך היינט אויסדערוויילט אים צו זיין אַן אייגן פאָלק" (דברים כו, יח). נאָך שאַרפער און קלערער אין אַ פריערדיקער פרשה (יד, ב): „ווייל דו ביסט אַ הייליק פאָלק ביי גאָט דיין גאָט. דיך האָט גאָט אויסדערוויילט אים צו זיין פאַר אַן אייגן פאָלק פון אַלע פעלקער אויפן געזיכט פון דער ערד". עס וואָלט געווען צופיל אויסצורעכענען אַלע פסוקים פון די נביאים, וואָס באַטאָנען יידישע אויסדערוויילטקייט און אַנדערשקייט. דער שטאַרקסטער פסוק איז אפשר אין ירמיהו: „הייליק ביי גאָט איז ישראל, דאָס ערשטע פון זיין תבואה (אַזוי ווי תרומה, וואָס איז הייליק) און אַלע וואָס עסן אים זיינען שולדיק און אַן אומגליק וועט קומען אויף זיי, זאָגט גאָט" (ב, ג). אויך אין כתובים ווערט באַטאָנט דער געדאַנק: „גאָט האָט אויסדערוויילט פאַר זיך יעקבן, ישראל פאַר זיין באַזונדערס אייגנס" (תהילים קלה, ד). דערצו דאַרף מען צוגעבן, אַז דער תנ"ך ווערט פאַררעכנט פאַר דעם מקור פון עטיק און מאָראַל. דערלויבט מיר זיין סקעפּטיש וועגן ביידע הנחות. ווען מען לערנט דעם תנ"ך אויפמערקזאַם קאָן מען זען באַשיינפּערלעך, אַז יידן זיינען ווייט פון געווען אַן „אתה־בחרתנו"־פאָלק און דער ספר־הספרים איז אַ מהלך־רב פון זיין אַן עטיש־מאָראַליש ספר.

ווען די יידן זיינען אַרויס פון מצרים און משה האָט זיי געבראַכט אין מדבר און זיי געגעבן אַ תורה, האָבן זיי זיך אויפגעפירט ניט באַר ווי ניט קיין הייליק פאָלק, נאָר אַפילו ניט ווי קיין געוויינטלעכע לייטישע מענטשן. ביי דער קלענסטער שוועריקייט האָבן זיי געמורמלט קעגן משהן און געהאַט תרעומות

צו גאָט און חרטה געהאַט, וואָס זיי האָבן מסכים געווען אויסגעלייזט צו ווערן. זיי האָבן ווידער און ווידער ווידערגעשפעניקט קעגן גאָט; זיי זיינען עטלעכע מאָל געווען גרייט זיך אומצוקערן קיין מצרים, צו זייער קנעכטשאַפט. משה האָט געמוזט אַ פּאָר מאָל אונטערדריקן אויפשטאַנדן מיט בלוט־פאַרגיסונג: אין דער צייט פון עגל (שמות לב, כו־כט) און אין עטלעכע ערטער ווערט דערציילט פאַרשטעלט וועגן אונטערגעדריקטע אומרוען (במדבר יא, א־ב) און אין דעם אינצידענט פון קורח (במדבר טז, כג־לה).

ווען די יידן זיינען אַריינגעדרונגען אין כנען, צו פאַרנעמען דאָס לאַנד, האָבן זיי זיך אויפגעפירט מיט דער זעלביקער אַכזריות ווי אַלע אַנדערע אַריינדרינגער, וואָס קומען צו פאַרנעמען אַ לאַנד פאַר זיך. דערלויבט מיר צו ציטירן איין פסוק: „און ער האָט געזאָגט צו די הויפּטן פון די מלחמה־לייט וואָס זיינען מיט אים געגאַנגען: ׳דערנעענט זיך און שטעלט אַוועק אייערע פיס אויף די העלדזער פון די דאָזיקע מלכים׳. האָבן זיי זיך דערנעענט און האָבן אַרויפגעטאָן זייערע פיס אויף זייערע העלדזער״ (יהושע יוד, כד). דאָס איז אַן אומבאַרעכטיקטע אַכזריות — דערנידעריקן אַ שונא פשוט צוליב שפּיל.

עס ווערט ווייטער דערציילט אין שופטים, אַז ווי נאָר די יידן האָבן זיך באַזעצט אין כנען האָבן זיי פאַרגעסן אָן גאָט און זיינע געבאָטן. זיי האָבן אָנגעהויבן דינען די לאָקאַלע געטער און איגנאָרירט די עטיק און מאָראַל פון דער תורה, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן. זיי זיינען דעגענערירט געוואָרן און פאַרלוירן זייער פאָלקישן כוח. די שכנישע פעלקער האָבן זייער גרינג געקאָנט זיי אונטערדריקן. גאָט האָט זיי געשיקט שופט נאָך שופט זיי צו העלפן. כל־זמן דער שופט האָט געלעבט האָבן זיי געדינט צו גאָט וואָס האָט זיי אויס־דערוויילט. ווי נאָר דער שופט איז געשטאָרבן האָבן זיי זיך צוריקגעקערט צו געצנדינעריי. איז דאָס אַן אתה־בחרתנו־פאָלק?

שפּעטער, אין דער צייט פון די נביאים, ווערן מיר ערשט געוואויר ווי פאַרדאָרבן יידן זיינען געווען. אָט זיינען געציילטע פסוקים פון ירמיהו: „גייט דורך די גאַסן פון ירושלים און זוכט און ווערט געוואויר אויב איר וועט געפינען אַ מענטש, וואָס טוט גערעכטיקייט, וואָס זוכט דעם אמת. אויב יאָ, וועל איך פאַרגעבן דער שטאָט... איך האָב געמיינט דאָס זיינען די אומ־וויסיקע, די אָרעמע, זיי זיינען נאַריש און ווייסן ניט די דרכים פון גאָט, זיינע געזעצן. איך וועל גיין צו די גרויסע, און איך וועל ריידן מיט זיי, זיי זיינען דאָך באַקאַנט מיט דעם וועג פון גאָט און זיינע געזעצן. אָבער אויך זיי האָבן צעבראָכן דעם יאָך, צעריסן די בינדשטריק״ (ירמיהו ה, א, ד־ה,

פאַראַפראַזירט). פאַראַן נאָך ערגערע באַשולדיקונגען קעגן די יידן פון נביאים פון יעדן דור.

דער תנ״ך אַן עטיש־מאָראַלישער ספר? לייענט, אָדער לערנט, פאַרזיכטיק שופטים, שמואל א׳, שמואל ב׳ און די ספרי מלכים. דאָס זיינען ספרים פול מיט פאַרברעכנס קעגן מענטשן און גאָט. די מעשה פון פילגש בגבעה ווערט דערציילט מיט אַלע דעטאַלן, אַ ברוטאַלע, רצחהדיקע מעשה פון אַ פאַר־גוואַלדיקטער פרוי, וואָס דער איגענער מאַן האָט אַרויסגעשטויסן צו די פאַר־גוואַלדיקער. אין די ספרים פון שמואל ווערט דערציילט וועגן די זין פון כהן־גדול עלי, אַז זיי זיינען געווען „בני בליעל״ — נידערטרעכטיקע יונגען. זיי האָבן ניט נאָר ניט אָפּגעהיט די דינים פון די קרבנות, נאָר אויך זיך אויפגעפירט זייער מיאוס מיט די פרויען, וואָס זיינען געקומען אין משכן פון שילה צו דינען גאָט. שמואלס זין זיינען געווען פאַרדאָרבענע ריכטער. „זיי האָבן גענומען שוחד און פאַרבייגט דעם משפט״ — עס מיינט געגעבן גערעכט דעם אומגערעכטן און באַשולדיקן דעם גערעכטן.

דער ערשטער מלך פון ישראל, וואָס איז געווען „פון זיין אַקסל העכער פון גאַנצן פאָלק״, איז אַ מעלאַנכאָליקער און אומפאַראַנטוואָרטלעכער מענטש. דאָס איז באמת גערעדט מיט חסד וועגן אים. אָט האָט ער רחמנות אויפן שונא אַפילו, און דאָך איז ביי אים רעכט צו פאַרטיליקן אַ גאַנצע שטאָט מיט מענטשן, ווען ער איז זיי חושד אין פאַרראַט. און דער פסוק דערציילט קורץ: „און נוב, די שטאָט פון די כהנים, האָט ער דערשלאָגן מיטן שאַרף פון שווערד, פון אַ מאַן ביז אַ פרוי, פון אַ קינד ביז אַ זויגקינד, און אַן אָקס און אַן אייזל און אַ שעפּס, מיטן שאַרף פון שווערד״ (שמואל־א כב, יט).

דער צווייטער יידישער מלך, דער גרויסער באַזיגער פון אַלע יידישע שונאים, „דער זיסער זינגער פון ישראל״, דער מחבר פון תהילים לויט דער טראַדיציע, זינדיקט מיט אַן אשת־איש. און ווען ער דערזעט, אַז מען וועט זיך דערוויסן פון דער נבלה, הרגעט ער איר מאַן און זי בלייבט זיינע און געבערט אים אַ יורש־עצר.

די זין זיינען ניט בעסער פון טאַטן. איין זון איז מאַנס זיין שטיפשוועס־טער. דער שטיפברודער דערהרגעט אים און אַנטלויפט. סוף־כל־סוף בעט זיך איבער דער טאַטע מיט זיין זון. נאָך אַלעמען איז ער דאָך ניט בעסער פאַר אים. דער זון קומט אַהיים און ביי דער ערשטער געלעגנהייט רעוואָלטירט ער קעגן דעם טאַטן, שלאָפט מיט דעם טאַטנס ווייבער בפני קהל ועדה און איז גרייט אומצוברענגען דעם אייגענעם טאַטן. די חז״ל וואונדערן זיך און פרעגן: „איז עס מעגלעך, אַז אַ זון זאָל רעוואָלטירן קעגן טאַטן און ווילן

אים אומברענגען?" זיי האָבן ניט קיין דערקלערונג און זיי ענטפערן: „איר זעט דאָך, עס איז אַזוי געשען" (ברכות י, א).

אין די ספרי־מלכים ווערט איבערגעחזרט ווידער און ווידער, אויף יעדן מלך און יעדן דור: „און זיי האָבן געטאָן, וואָס איז געווען שלעכט אין די אויגן פון גאָט". די אַכזריותן פון יעדן קעניג און פון יעדן אויפשטאַנד איז ניט צו באַשרייבן. אין יעדער רעוואָלוציע האָט דער נייער קעניג אויסגעראָט אַלע מיטגלידער פון דער אַלטער דינאַסטיע. בירגער־קריג נאָך בירגער־קריג, בלוט־פאַרגיסונג, זינדיקייט און סאָציאַלע פאַרברעכנס — מעג מען אַזאַ פאָלק אָנרופן אַן „אתה־בחרתנו"־פאָלק?

די היסטאָרישע ספרים פון תנ"ך מיט די גרויזאַמע, בלוטיקע געשיכט־לעכע סיפּורים, זיינען ניט קיין עטישע ספרים. אַ פאָלק, וואָס האָט אַזוי שווער געזינדיקט, לויט די עדות פון די נביאים, איז ניט קיין אויסדערוויילט פאָלק. אַזאַ פאָלק איז זייער ווייט פון זיין אַ הייליק פאָלק און אַ „קיניגרייך פון כהנים".

**רבי:**

דו ביסט ניט דער ערשטער און ניט דער איינציקער, וואָס האָט און געהאָט די דאָזיקע פאַלשע באַשולדיקונגען קעגן תנ"ך און יידישן פאָלק. שוין הונדער־טער און הונדערטער יאָרן, וואָס „דער אַלטער טעסטאַמענט" ווערט פאַרגע־שטעלט ווי דער סימבאָל פון האַרטן מידת הדין און די יידן ווי אַ פאָלק, וואָס איז געווען אַזוי פאַרדאָרבן, אַז גאָט האָט זיי סוף־כל־סוף פאַרמיאוסט פון צו זיין זיינע קינדער.

קודם־כל וויל איך דיר מאַכן אַ קורצע באַמערקונג, וואָס דו ווייזט אָן אויף דער אומבאַרעכטיקטער רשעות פון פסוק אין יהושע, וואָס ער האָט געהייסן זיינע הויפּטן פון חיילות אָוועקשטעלן זייערע פיס אויף די העלדזער פון די באַזיגטע מלכים. איך קאָן דיר אָנווייזן אויף נאָך אַן ערגערן אינצידענט, וואָס ווערט דערציילט אין ספר שופטים: „און אדני בזק איז אַנטלאָפן, האָט מען אים נאָכגעיאָגט און אים געכאַפּט, און מען האָט אים אָפּגעהאַקט די דוימען (גראָבע פינגער) פון זיינע הענט און זיינע פיס" (שופטים א, ו). אָן קיין אָפּלאָגעטישקייט דאַרף מען זאָגן, אַז לויט אונדזערע עטישע באַגריפן זיינען עס באַרבאַרישע אַקטן. אָבער אָפּהאַקן די דוימען פון די הענט און פיס פון אַ באַזיגטן הויפּט פון חייל, האָט געמיינט אים מאַכן אומפעאיק צו אָנטייל נעמען אין מלחמה, און ניט אים דערנידעריקן. אינטערעסאַנט איז ווי אדני בזק איז מצדיק דעם דין אויף זיך: „האָט אדני בזק געזאָגט: 'זיבעציק

מלכים, וואָס איך האָב ביי זיי אָפּגעהאַקט די גראָבע פינגער פון זייערע הענט און זייערע פיס, האָבן געקליבן אונטער מיין טיש (ווי הינט די שיריים פון מיין עסן); אַזוי ווי איך האָב געטאָן, אַזוי האָט מיר גאָט באַצאָלט". דאָך איז געווען אַ חילוק צווישן יהושעס האַנדלונג און אדני בזק. יהושע האָט אים ניט גענומען צו זיך און אים נאָך מער באַליידיקן, ווי אדני בזק האָט געטאָן מיט די באַזיגטע מלכים. ער האָט אים איבערגעלאָזן מיט דער באַזיגטער אַרמיי. שטייט געשריבן ווייטער אין פּסוק: „און זיי האָבן אים געבראַכט קיין ירושלים און ער איז דאָרט געשטאָרבן". אָבער אויב דו ווילסט, איז עס טייל־ווייז אַפּאָלאָגעטיק. איצט צום עצם ענין.

צו פאַרענטפערן יעדן איינווענד און קשיה פון תנ"ך, וואָלט מען געדאַרפט אָנשרייבן עטלעכע בענד, אַ צוגאָב צו די פילצאָליקע ספרים, וואָס זיינען גע־שריבן געוואָרן וועגן דעם ענין. אָבער איך וועל דיר אָנצייכענען, געבן צוויי כללים וועגן תנ"ך. די דאָזיקע כללים וועלן זיין דער וועגווייזער, וואָס וועט העלפן פאַרענטפערן די קשיות, און אויפדעקן דעם אינערלעכן זין פון ספר־הספרים. איך וועל דיר אויך אָנווייזן ווי צו אָנווענדן די כללים אויף עטלעכע האַרבע קשיות.

די צוויי כללים זיינען: ראשית, דער תנ"ך האָט אַן עטישן צוגאַנג צו געשיכטע. שנית, דער תנ"ך איז אַ רעאַליסטיש בוך.

דער ערשטער כלל: דער תנ"ך האָט אַן עטישן צואַגנג צו געשיכטע. קיין אַנטיקאַריש פאָלק און קיין מאָדערנע אומה האָבן ניט געשריבן געשיכטע מיט אַן עטישן צוגאַנג, ווי דער תנ"ך האָט עס געטאָן. דער תנ"ך איגנאָרירט אַפילו די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, ווען זיי זיינען אין קאָנפליקט, אָדער אין סתירה, צו די רעליגיעזע און עטישע נאָרמעס. צוויי ביישפּילן: די אָפּשאַצונג פון אַחאָבס ממשלה, און די שטראָף, וואָס וועט קומען אויף דער אומה, וואָס זי האָט געקאָנט דערלאָזן צו דער רשעות פון מלך מנשה.

אַחאָב איז געווען איינער פון די גרעסטע און קליגסטע מלכים, וואָס האָבן געקיניגט אין שומרון. זיין חתונה האָבן מיט איזבלן, די טאָכטער פון אתבעל, דעם קעניג פון צור, איז געווען זייער אַ קלוגער, עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אויפטו. צור איז געווען מי־יודע עקאָנאָמיש מער אַנטוויקלט פון ישראל סיי אינדוסטריעל און סיי אין האַנדל. דעם בונד וואָס אַחאָב האָט געשלאָסן מיט צור און צידון און יהודה האָט פאַרזיכערט דעם דרויסנדיקן פרידן. די מאַטע־ריאַליסטישע אַנטוויקלטע ציוויליזאַציע פון צור האָט באַווירקט צום גוטן די מאַטעריעלע לאַגע פון שומרון. פאַר ישראל איז געווען אַ ברכה דער בונד מיט צור. אַחאָב איז געווען אַ גרויסער בעל־מלחמה. אָבער ער איז געווען אַ

מענטש פון שלום. נאָך דעם ווי ער האָט באַזיגט אַרם, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מען מוז שלום מאַכן מיט דעם שכן, דעם שטענדיקן שונא, ווייל אַ גרעסערע סכנה לאָקערט אויף ביידן — דער אויפקום פון אַשור.

ער האָט פאַרשענערט שומרון מיט פראַכטפולע בנינים און באַפעסטיקט די שטאָט, אַז זי האָט געקאָנט אויסהאַלטן דריי יאָר באַלאַגערונג פון דער מעכטיקער אַשורישער אַרמיי. ער אַליין איז ניט געווען קיין נאָכפאָלגער פון בעל. ער האָט אַ נאָמען געגעבן זיינע זין מיט עכט יידישע נעמען: אַחזיהו, יורם און די טאָכטער האָט ער אָנגערופן עתליה — אַלע מיטן סופיקס י־ה — גאָט. ער איז געווען מוטיק אויפן שלאַכטפעלד. ווען ער איז טויטלעך פאַר־וואונדעט געוואָרן איז ער געבליבן שטיין אַ גאַנצן טאָג אין רייטוואָגן, כדי ניט אַנטמוטיקן די זעלנער, ער איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און איז געשטאָרבן פון די וואונדן (זע מועד קטן כח, ב). ער איז אַפילו ניט געווען קיין קעגנער פון די נביאים. פאַרן גיין אין מלחמה האָט ער זיך מיישב געווען מיט זיי (זע מלכים א, כב).

אָבער ביי די נביאים איז ניט געווען וויכטיק זיינע פּאָליטישע אויפ־טואונגען, אויך ניט זיינע עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען פון דעם מצב פון לאַנד. ער האָט זיי אויך ניט באַווירקט מיט זיין העלדישקייט, ווייל ער האָט נאָכגעגעבן זיין איזבלן. איר איינפירן עפנטלעך דעם דינסט צום בעל פון צידון, איז געווען אַ סכנה פאַר דעם דינסט צו גאָט, ווייל עס האָט זיך געקאָנט אַנטוויקלען אַ סינקרעטישע אמונה, אַ פאַרלייקענונג ניט נאָר פון יידישן מאָנאָטעאיזם, נאָר אויך אַן אָפּנייג פון יידישער עטיק, פון יושר און צדק. דער יידישער קעניג איז געוואָרן אַ דעספּאָט, צוליב זיין ווייב. אַפילו דאָס וואָס ער האָט געקאָנט קריגן ווי זיינס יורידיש, על־פּי דין, האָט ער עס צוגענומען מיט געוואַלד פון נבותן (זע זוהר חלק א, קצב, ב). דערפאַר האָבן די נביאים אים באַקעמפט און סוף־כל־סוף אומגעבראַכט די דינאַסטיע פון עמרי־אַחאָב.

די נביאים אין דער צייט פון אַחאָב האָבן ניט נביאות געזאָגט, אַז די מדינה וועט אומקומען צוליב די זינד פון דעם קעניג. אַחאָבס רשעות איז ניט געווען אַזוי גרויס. אָבער מנשהס ריטואַלע און עטישע פאַרברעכנס זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז די נביאים האָבן געזען, אַז נאָר אומקום פון דער מדינה קאָן אָפּווישן די פאַרברעכנס פון דעם קעניג און וואָס דאָס פאָלק האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון אים.

„און גאָט האָט גערעדט דורך זיינע קנעכט די נביאים אַזוי צו זאָגן: 'ווייל מנשה דער מלך פון יהודה האָט געטאָן די דאָזיקע אומווירדיקייטן,

ערגער ווי אַלץ וואָס די אמורים פאַר אים האָבן געטאָן, און ער האָט אויך געמאַכט זינדיקן יהודה מיט זיינע אָפּגעטער. און אויך אומשולדיק בלוט האָט מנשה פאַרגאָסן אַזוי פיל ביז ער האָט אָנגעפילט ירושלים פון עק צו עק'. דערפאַר האָט אַזוי געזאָגט גאָט, דער גאָט פון ישראל: 'זע, איך וועל ברענגען אַזאַ אומגליק אויף ירושלים און יהודה אַז איטלעכער וואָס וועט עס הערן וועלן קלינגען זיינעביידע אויערן. איך וועל מעסטן ירושלים מיט דער מעסטשנור פון שומרון, און זי וועגן מיט דער וואָג וואָס איך האָב געוואויגן אחאבס הויז. איך וועל אויסווישן ירושלים ווי מען ווישט אויס אַ געפעס, אויסגעווישט און איבערגעקערט מיטן פנים אַראָפּ. איך וועל אַוועקוואַרפן דעם איבערבלייב פון מיין אַרב. איך וועל זיי איבערגעבן אין דער האַנט פון זייערע פיינט; זיי וועלן זיין צו שאַנד און צו רויב פאַר אַלע זייערע שונאים'" (מלכים־ב, כא, י־יד, אריינגעשטעלט נאָך פסוק יא אַ האַלבן פסוק טז).

ביי קיין פאָלק איז ניט געווען קיין רעליגיעזער פירער, שטראָפער אָדער מאָנער פון גערעכטיקייט, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט די תביעות פון אַ גאָט פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט איבער די אינטערעסן פון מדינה, אָדער זעלבסטשטענדיקער עקזיסטענץ פון פאָלק. נאָר די נביאים, וואָס האָבן געהאַט אַן עטישן צוגאַנג צו געשיכטע, האָבן געקאָנט האָבן אַזאַ שטעלונג.

דער גאַנצער תנ"כישער צוגאַנג צו געשיכטע איז אין דעם דאָזיקן גייסט.

שנית, דער תנ"ך איז אַ רעאַליסטיש ספר. ער שילדערט מענטשן ווי זיי זיינען און דאָס לעבן ווי עס איז. אָבער שטענדיק איז דאָ די באַטאָנונג, אַז עס דאַרף אַזוי ניט זיין; נאָך מער, דער מענטש איז עס ביכולת צו ענדערן און דאַרף עס ענדערן. די עוולות טאָרן ניט פאַרשוויגן ווערן. מען טאָר ניט אָננעמען די וועלט ווי זי איז.

דער פסוק זאָגט: „כי יצר לב האדם רע מנעוריו" (בראשית ח, כא) — די נייגונג פון דעם מענטשנס האַרץ איז צום שלעכטן פון זיין יוגנט אָן. אָבער דער מענטש מוז זיך אָנשטרענגען צו ביייקומען די דאָזיקע נייגונג, ווייל ער איז דאָך געשאַפן געוואָרן אין געשטאַלט פון גאָט. שיין באַמערקט דעם בעל־הטורים צום פסוק פון בראשית: „כי יצר לב האדם רע מנעוריו — שמנעוריו צריך אדם להלחם עם יצר הרע, ואם יגבר עליו ונצחו (אָז) שאנן" — פון דער יוגנט אָן דאַרף דער מענטש מלחמה האַלטן מיט זיין יצר־הרע, ווען ער וועט אים ביייקומען וועט ער ווערן רואיק.

מלחמות, הריגות, שנאה, קנאה, גלוסט צו הערשן, דער גרויסער געשלעכט־דראַנג — דאָס זיינען אַלץ רעאַליטעטן פון לעבן. דער תנ"ך פאַרלייקנט עס ניט און פאַרטושט עס ניט. אָבער דער תנ"ך זאָגט זיך אָפּ עס אָנצונעמען.

סיי דער תנ״ך און סיי דער תלמוד זיינען וויסעוודיק, אַז דאָס יידישע פאָלק, „וואָס איז גאָטס באַזונדער אייגנס פון צווישן אַלע פעלקער״, באַשטייט ניט פון מלאכים. כדי צו ווערן דאָס אמתע אתה־בחרתנו־פאָלק האָט מען עס געדאַרפט דערציען און דיסציפּלינירן פאַר לאַנגע און לאַנגע יאָרן. דערפאַר איז דאָ ניט נאָר אַ תורה, נאָר אויך נביאים און כתובים. „רב אדא, דער זון פון חנינה, האָט געזאָגט: ווען יידן וואָלטן נישט געווען געזינדיקט, נוטה געוועזן, צו זינדיקן וואָלט זיי גאָט געגעבן נאָר די פינף חומשים און דעם ספר יהושע״ (נדרים כב, ב). די פינף חומשים זיינען דאָך די תורה און דער ספר יהושע איז דער ספר פון צעטיילן דאָס לאַנד צו די שבטים; באַטאָנען אַז דאָס צוגעזאָגטע לאַנד איז דער אָרט, די געאָגראַפישע ספערע, וואו צו קאָנקרעטיזירן גאָטס געבאָטן. די ספרי־נביאים וואָלטן ניט געווען נויטיק, ווייל זיי זיינען דאָך פול מיט שטראָף־רייד און תרעומות.

לאָמיר נעמען דיין ערשטע טענה — דיין אומצופרידנקייט מיטן דור־המדבר. דו באַשולדיקסט זיי, אַז „ניט נאָר האָבן זיי זיך ניט אויפגעפירט ווי אַ הייליק פאָלק, נאָר אַפילו ניט ווי קיין לייטישע מענטשן״. ווייטער זאָגסטו: „ביי דער קלענסטער שוועריקייט האָבן זיי געמורמלט קעגן משהן און געהאַט תרעומות צו גאָט און חרטה געהאַט, וואָס זיי האָבן מסכים געווען צו אויסגעלייזט ווערן״.

מען דאַרף פאַרשטיין, אַז יציאת מצרים, דאָס באַפרייען זיך פון קנעכט־שאַפט ביי די שבטים אין מצרים, איז ניט געווען גלאַט אַ רעוואָלט, אַן אויפשטאַנד פון קנעכט, וואָס האָבן זיך באַפרייט, כדי זיי זאָלן קאָנען פירן אַ לעבן ווי זייערע הערן, וואָס האָבן זיי פאַרקנעכט. עס איז געווען אַ באַפרייאונג פאַר אַ ציל און תכלית — צו קומען צום באַרג סיני און מקבל זיין די תורה, און צו מאַכן אַ צאַם, אַ פּלויט אַרום דער וועלט, וואָס איז אַ מדבר — אַ גייסטיקע וויסטעניש.

ניין, עס איז ניט קיין אַפּאָלאָגעטיק, ווייל עס איז לויט דעם אינערלעכן זין פון דער סאַגע פון יציאת מצרים. ווען גאָט באַווייזט זיך צו משהן און משה רבנו וואַקלט זיך אָנצונעמען די שליחות פון אויסלייזן די יידן, זאָגט צו אים גאָט: „אָבער איך וועל זיין מיט דיר; און דאָס וועט דיר זיין פאַר אַ צייכן, אַז איך האָב דיך געשיקט. ווען דו וועסט אַרויסנעמען דאָס פאָלק פון מצרים, וועט איר דינען גאָט אויף דעם דאָזיקן באַרג״ (שמות ג, יב). רש״י און דער אבן־עזרא דרינגען אַריין אין דער טיפעניש פון דער פאַרשטענדעניש פון פסוק: „איך האָב אַ גרויסע זאַך פאַר דיר, ווענן אַט דעם אַרויסציען, ווייל זיי וועלן מקבל זיין די תורה אויף דעם באַרג״ (רש״י). דער אבן־עזרא מאַכט עס

באַך קלאָרער: „דער טעם, תכלית, פון אַרויסנעמען זיי פון מצרים, איז כדי זיי זאָלן מיך דינען אויף דעם דאָזיקן באַרג".

די מדרשים (שמות רבה כד, ב; מכילתא דרבי ישמעאל פרשה בשלח, פרשה ויסע משה, א) פאַרברייטערן דעם געדאַנק. „ווען די יידן זיינען אַריבער־געגאַנגען דעם ים־סוף און דער ים האָט אַרויסגעשפּייט די טויטע קערפּערס פון די מצרים, האָבן די יידן געזאָגט: ׳זעט, די גאַנצע אַרמיי פון די עגיפּטער איז טויט, לאָמיר זיך אומקערן קיין מצרים, פאַרנעמען דאָס לאַנד און הערשן איבער דעם׳. אָבער משה האָט געזאָגט צו זיי: ׳גאָט האָט אייך אַרויסגענומען פון מצרים כדי אייך צו מאַכן אַ פאָלק, וואָס איז איינציק צווישן אַלע פעלקער פון דער וועלט. גאָטס אייגן פאָלק. איצט דאַרפט איר אויספאָלגן דעם פאַר־לאַנג און תנאי צוליב וואָס ער האָט אייך אויסגעלייזט — צו דינען גאָט אויף דעם דאָזיקן באַרג. דער תכלית פון אייער גאולה איז מתן תורה. איצט איז די וועלט, אָן דער תורה, אַ מדבר. ווען איר וועט מקבל זיין די תורה וועט די וועלט סוף־כל־סוף ווערן אַן אַרומגעצאַמטער סאָד׳."

די באַפרייטע קנעכט האָבן זיך ניט אומגעקערט קיין מצרים. „ויסע משה את ישראל מים־סוף" — משה האָט געמאַכט ציען ישראל פון ים־סוף, מיט געוואַלד, אָדער מיט גוטע רייד. און די יידן זיינען באַלד אַריינגעגאַנגען אין מדבר שור, און זיי זיינען געגאַנגען דריי טעג אין מדבר און ניט געפונען קיין וואַסער. די נאַר־וואָס באַפרייטע קנעכט, וואָס האָבן בייגעקומען די מעכטיקע אַרמיי פון דער גרעסטער אימפּעריע פון יענער צייט, האָבן דאָך געדאַרפט לכל־הפּחות עפּעס געניסן פון זייער פרייהייט. אָבער זיי ווערן גאָר געמאַטערט פון דאָרשט, ווייל דער דערלייזער פירט זיי צום באַרג, צו מקבל זיין גאָטס תורה. איז אַ וואונדער וואָס די אָקאָרשט נאָר באַפרייטע קנעכט האָבן געמורמלט קעגן גאָט און משהן?

די פיזישע מאַטערנישן און אָפּקומענישן זיינען געווען זייער גרויסע אין מדבר. אָבער אַ סך אַ גרעסערע מאַטערניש און שווערערער יאָך איז געווען דאָס אויספאָלגן פון „געזעץ" — די תורה. די מאָראַלישע דיסציפּלין פון אויס־פאָלגן די געבאָטן און ניט טאָן וואָס מען וויל — די עשהס און לא־תעשהס, איז געווען אַ גרעסערע אָפּקומעניש און מאַטערניש פאַר די אָקאָרשט באַפרייטע קנעכט, ווי דאָס אָפּטע פעלן פון וואַסער, פלייש און ברויט. זייער טיף באַ־מערקט די גמרא: „עס שטייט געשריבן: ׳זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים חנם׳ (במדבר יא, ה) — מיר געדענקען די פיש, וואָס מיר האָבן געגעסן אין מצרים אומזיסט. איז דאָך אַ קשיה, וואָס מיינט עס וואָס זיי זאָגן ׳מיר האָבן געגעסן די פיש אומזיסט׳? פּרעה האָט אָפּגעזאָגט צו געבן די יידישע קנעכט

שטרוי פאַר מאַכן די ציגל, וועט ער זיי געבן פיש אומזיסט? נאָר דער אמתער טייטש פון 'דגה' — פיש, מיינט געשלעכט, ווי עס שטייט געשריבן 'וידגו לרב' (בראשית מח, טז) — און זיי זאָלן זיך פאַרמערן פיל (אַ סך). די יידן האָבן זיך באַקלאָגט, וואָס מען האָט זיי פאַרבאָטן עריות — איבצעסט, עס מיינט צו האָבן געשלעכטלעכן פאַרקער מיט בלוט־קרובים, אָדער מיט אַן אשת־איש, און בכלל וועגן יאָך פון מצוות" (יומא עה, א; ספרי בהעלותך, פז).

די מענטשן פון דור־המדבר האָבן געמורמלט, געצאַרנט און געדראָט זיך אומצוקערן קיין מצרים. אָבער זיי האָבן אויסגעהאַלטן אַלע נסיונות. די גרויסע הבטחה צו די אָבות האָט זיי געגעבן אַ ציל און אַ תכלית פאַר זייערע ליידן. יאָ, עס איז גוט וואָס דער דור־המדבר איז געווען „אַ האַרט־נעקיקער דור"; נאָר די וואָס האָבן געהאַט אַ האַרבן, האַרטן נאַקן האָבן געקאָנט אָננעמען דעם גרויסן יאָך פון דער תורה.

איצט נאָך צוויי פאַלן אין תנ"ך, וואָס אַלע באַשולדיקער שטעלן זיי אַרויס ווי די אוממאָראַלישסטע געשעענישן פאַרשריבן אין ספר־הספרים: די מעשה פילגש בגבעה — די געשעעניש מיט דער קעפסוויב אין גבעה, און דודס זינדיקן מיט בת־שבע.

די מעשה פילגש בגבעה איז איינע פון די דריי מעשיות וועגן דער פּראָבלעם פון אַ טאָטאַלער רשעותדיקער געזעלשאַפט, וואָס לויטן באַגריף פון די נביאים מוז אונטערגיין, צעשטערט ווערן. אין תנ"ך איז דאָ אויך נאָך אַ באַגריף פון אַ טאָטאַלער זינדיקער געזעלשאַפט וואָס מוז אומגעבראַכט ווערן — עיר הנידחת, אַ שטאָט וואָס אַלע אין איר ווערן פאַרפירט און הויבן אָן צו דינען געצן. אָבער אַזאַ זאַך קאָן נאָר געמאָלט זיין טעאָרעטיש. עס איז ניטאָ אין תנ"ך אַ מעשה ווי אַן עיר הנידחת איז אומגעקומען אָדער אומגעבראַכט געוואָרן. וועגן אַ שטאָט, אָדער אַ געזעלשאַפט, וואָס איז סאָציאַל געוואָרן פאַרדאָרבן, געפינען זיך דריי אַזעלכע פאַלן אין תנ"ך: דער דור המבול, סדום און עמורה, און די מעשה פילגש בגבעה. די ערשטע צוויי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון גאָט. און דער שבט בנימין איז כמעט אינגאַנצן אומגעבראַכט געוואָרן פון די אַנדערע שבטים צוליב אַ גרויסער סאָציאַלער זינד.

די דעטאַלן פון דער געשעעניש פון דער פילגש בגבעה זיינען גרויליקע. אַ מאַן אַ לוי האָט געוואוינט אין באַרג־לאַנד פון אפרים און ער האָט אַ קעפּס־ווייב פון בית־לחם יהודה. אַ ברוגז, אָדער קריגעריי איז אויסגעבראָכן צווישן ווייב און מאַן, איז זי אַוועקגעגאַנגען צום טאַטן. נאָך עטלעכע חדשים האָט דער מאַן אָנגעהויבן בענקען נאָך זיין ווייב, איז ער אַוועק זי ברענגען אַהיים. אויפן וועג איז ער געקומען צו דער שטאָט, אָדער דאָרף, גבעה און איינער,

אויך פון שבט אפרים, האָט אים פאַרבעטן צו נעכטיקן ביי אים. ווען דער גאַסטגעבער און זיינע אורחים זיינען געזעסן און געגעסן, האָבן די נידער־טרעכטיקע יונגען פון שטאָט געגומען קלאַפּן אין טיר און געפאָדערט פון דעם מכניס־אורח, אַז ער זאָל אַרויסגעבן דעם אורח פאַר משכב־זכר. דער בעל־הבית בעט זיך ביי זיי, אַז זיי זאָלן ניט טאָן אַזאַ נבלה, ער באָט זיי אָן די טאָכטער און דעם אורחס קעפּסוויב. אָבער די יונגען האָבן עס ניט געוואָלט הערן. דער אורח האָט דאָך אָנגענומען זיין קעפּסוויב און זי אַרויסגעשטויסן פון הויז. די נידערטרעכטיקע יונגען האָבן זי געמאַטערט אַ גאַנצע נאַכט. באַגינען איז די פרוי צוגעגאַנגען צום הויז וואו איר מאַן איז געווען און איז אַנידערגעפאַלן און געלעגן ביז אין דער פרי. אין פרימאָרגן, ווען דער מאַן האָט געעפנט די טיר, האָט ער געפונען זיין פרוי טויט מיט די הענט אויפן שוועל.

דער מאַן פון דער פרוי, האָט זי אַרויפגעלייגט אויפן אייזל און איז אַוועק אַהיים. ווען ער איז געקומען אַהיים האָט ער גענומען אַ חלף און צעשניטן די פרוי אויף צוועלף שטיקער און האָט די שטיקער פאַנאַנדערגעשיקט איבערן גאַנצן לאַנד פון ישראל.

יאָ, אַ גרויליקע נאַקעט־רעאַליסטישע מעשה, וואָס שוידערט אויף מיט איר גרויזאַמקייט און פּרימיטיווקייט: די מעשה מיט משכב־זכר, די אַכזריות פון מאַן, וואָס האָט אַרויסגעשטויסן די פרוי כדי זיך ראַטעווען, דאָס צעשניידן פון דער פרויס גוף אויף שטיקער און צעשיקן די שטיקער צו אַלע שבטים. קאָן נאָך זיין אַ בעסערע אָפּשפּיגלונג פון דעם באַרבאַריזם פון די יידן אין יענער צייט?

דאָס איז דער רעאַליזם פון דעם תנ"ך. דער פּסוק זאָגט צום סוף פון דער מעשה: „בימים ההם — אין יענער צייט איז קיין מלך ניט געווען אין ישראל, איטלעכער האָט געטאָן וואָס איז רעכט אין זיינע אויגן". זאָגן אַ סך ביבל־פאַרשער, אַז די מעשה איז געשאַפן געוואָרן שפּעטער אין דער צייט פון די מלכים צו באַווייזן די וויכטיקייט פון דער מאָנאַרכיע. אָבער אַלע גיבן צו, אַז דער תוך פון דער דערציילונג איז באמת פון דער פריעסטער צייט פון יידישער געשיכטע.

איך גלויב, אַז מען האָט אויפגעהיט די דערציילונג און זי פאַרשריבן צוליב איר סוף, וואָס דאָס פאָלק האָט ניט פאַרשוויגן דעם פאַרברעכן: „און עס איז געווען איטלעכער וואָס האָט עס געזען האָט געזאָגט: 'אַזוינס איז ניט געשען און ניט געזען געוואָרן פון דעם טאָג, וואָס די קינדער פון ישראל זיינען

אַרויס פון מצרים. לאָמיר עס באַטראַכטן און האַלטן זיך אַן עצה וואָס צו טאָן״ (שופטים יט, ל).

און יידן האָבן עס ניט פאַרשוויגן: „און די שבטים פון ישראל האָבן געשיקט מענטשן צום שבט בנימין אַזוי צו זאָגן: 'אַ שרעקלעכע בייז איז געשען צווישן אייך, און איצט גיט אַרויס די מענטשן, די נידערטרעכטיקע יונגען, וואָס אין גבעה, מיר וועלן זיי טויטן און אויסראַמען דאָס בייז פון ישראל'. אָבער די קינדער פון בנימין האָבן ניט געוואָלט זיך צוהערן צו זייערע ברידער, די קינדער פון ישראל״ (איביד כ, יב־יג). די יידן האָבן דערקלערט מלחמה דעם שבט בנימין און כמעט אומגעבראַכט דעם גאַנצן שבט.

דער סוף איז ניט געווען בויטיק צו באַווייזן די וויכטיקייט פון מלוכה. נאָך מער, אין דער מלחמה, וואָס דבורה האָט געהאַלטן מיט סיסרא, וואָס איז געווען פאַרן קיום פון פאָלק, האָבן ניט אַלע שבטים אָנטייל גענומען אין איר. אָבער דאָ ווערט דערציילט: „אַלע קינדער פון ישראל זייַנען אַרויסגעגאַנגען, די גאַנצע עדה ווי איין מאַן, פון דן ביז באר־שבע און לאַנד גלעד, האָט זיך פאַרזאַמלט צו גאָט קיין מצפה״ (איביד כ, א).

אָט די דאָזיקע דערציילונג, מיט אַלע אירע באַפּוצונגען, איז אַ גוטער מוסטער פון דעם רעאַליזם פון תנ״ך און זיין עטישער צוגאַנג צו געשיכטע. אַוודאי קאָן אַזאַ נבלה ווי די פילגש בגבעה טרעפן, אָבער עס טאָר ניט פאַרשוויגן ווערן. אַ געזעלשאַפט פון טאָטאַלער סאָציאַלער זינד האָט ניט קיין זכות הקיום, עס מוז אויסגעראָט ווערן. די מעשה פון פילגש בגבעה איז געבראַכט געוואָרן נאָר צוליב איר דידאַקטישן סוף: „און אַלע מענער פון ישראל האָבן זיך אייַנגעזאַמלט אויף דער שטאָט (אויף גבעה) באַהעפט ווי איין מאַן. און די שבטים האָבן געשיקט מענטשן דורכן גאַנצן שבט בנימין אַזוי צו זאָגן: 'זעט, וואָס פאַר אַ רשעות עס איז ביי אייך געשען. און אַצינד גיט אַרויס די נידערטרעכטיקע יונגען, וואָס אין גבעה, מיר וועלן זיי טויטן און אויסראַמען די רשעות פון ישראל'. אָבער די קינדער פון בנימין האָבן זיך ניט צוגעהערט צום קול פון זייערע ברידער, די קינדער פון ישראל״. ווען דער שבט בנימין האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן די שולדיקע, דעמאָלט האָבן עלף שבטים דערקלערט קריג דעם שבט בנימין און אים באַזיגט. דאָס איז דער יאָדער פון דער מעשה פילגש בגבעה.

איצט בתכלית הקיצור וועגן דער געשעעניש פון דוד און בת־שבע. אין אָט דער דאָזיקער כראָניק שפּיגלט זיך אָפּ נאָך מער דער רעאַליזם פון תנ״ך און דער עטישער צוגאַנג צו געשיכטע פון די נביאים.

כדי צו פאַרשטיין די מעשה פון דוד און בת־שבע איז וויכטיק צו האָבן אין זינען די היסטאָרישע פערספעקטיוו. די מעשה, ווי זי ווערט באַשריבן, האָט פּאַסירט מיט דריי טויזנט יאָר צוריק. דאָס איז געווען אין אַן ערא, אַ תקופה, פון אַבסאָלוטע מאָנאַרכן, וואָס אַלץ אין דער מדינה האָט געהערט צום מלך. עס איז געווען אַ צייט פון רציחה און גוואַלד־מעשים, ווען דאָס לעבן פון יחיד האָט ניט געהאַט קיין שום ווערט. דער יחיד האָט זיך בכלל ניט אָנגעזען אין דעם קאָלעקטיוו — אין זיין שבט, אָדער קלאַן. די מלכים האָבן געקאָנט האַנדלען אָן קיין שום צאַמונג. אויפן קעניג איז ניט חל געווען וועלכע עס איז מאָראַלישע פאַרפליכטונג. געוויינטלעך האָבן מלכים פון אַלע פעלקער זיך אויפגעפירט הפקרדיק, קאַפּריזיק און רציחהדיק. אָט זיינען דריי ביישפּילן פון אַזעלכע געשעענישן. די געשעענישן זיינען פון באַזונדערע פעריאָדן פון געשיכטע, דריי הונדערט יאָר פאַר דודן און זעקס הונדערט יאָר נאָך דודן. דאָס זיינען ניט קיין יוצא־מן־הכלל געשעענישן.

מצרים:

„מען דאַרף געדענקען, אַז אין יענער צייט איז די אימפּעריע געווען פאַר־רעכנט ווי דאָס פּערזענלעכע אייגנס פון דעם פּרעה, אַזוי ווי יעדע מדינה האָט זיך גערעכנט דאָס אייגנס פון איר מלך. קיינעם איז גאָר ניט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז דאָס אייגנטום פון דער מדינה געהער צום פאָלק וואָס וואוינט דאָרט. דער קעניג איז דער איינציקער באַלעבאָס" („דהי לייף און טיימס אָוו עכנאַטאָן", ביי אַרטור וועיגאַל, ז' 202).

פּערסיע און בבל:

„ווען עס איז געקומען די צייט פאַר אַן עפנטלעכן אויפשטאַנד פון די באַבילאָנער קעגן די פּערסיער, האָבן זיי אַזוי געטאָן: זיי האָבן פריער אָפּגע־זונדערט זייערע מאַמעס. דערנאָך האָט יעדער אייגער אויסגעקליבן איין פרוי פון זיין הויזגעזינד, וועלכע עס איז אים געפעלן געוואָרן אַמבעסטן. נאָך די דאָזיקע האָט מען איבערגעלאָזן צו לעבן. די איבעריקע פרויען האָט מען געבראַכט צו פריער אַן אָפּגערעדטן אָרט און זיי דערוואָרגן. די אויסדער־וויילטע פרויען האָט מען געהאַלטן פאַר צוגרייטן ברויט פאַר די מענער. מען האָט די איבעריקע דערוואָרגן, כדי עס זאָלן ניט זיין קיין צופיל מיילער צום עסן" (די געשיכטע פון העראָדאָטוס, ענגליש פון דזשאָרדזש ראָולינג, זז' 200־201).

רוים:

„אַקטאַוויוס אויגוסטוס האָט ניט נאָר סקאַנדאַליזירט רוים, וואָס ער האָט אַוועקגעוואָרפן זיין ווייב סקריבאָניא אין דעם זעלבן טאָג וואָס זי האָט געבוירן

דזשוליאַן, נאָר ער האָט תיכף חתונה געהאַט מיט ליוויאַ, וואָס איז געווען טיבעריוס־נעראָס ווייב און זי איז געווען מעוברת, אין זעקסטן חודש.

„נאָך מער, ער האָט מזנה געווען מיט אַן אשת־איש עפּנטלעך. אַנטאָניוס האָט אים באַשולדיקט, אַז אַ חוץ זיין צוגעאײלטע חתונה מיט ליוויאַן, האָט ער צו אַ באַנקעט, גענומען דאָס ווייב פון אַ געוועזענעם קאָנסול און זי אַרויפגעפירט פון עס־צימער אין שלאָף־צימער און זי דערנאָך צוריקגעבראַכט צום טיש מיט צעשויבערטע האָר און אויערן וואָס האָבן געגליט" („דהי לייווס אָוו דהי טוועלוו סעזאַרס, ביי סועטאָניוס", מאָדערן לייברערי עדישן, ז' 95).

אין דעם דאָזיקן היסטאָרישן קאָנטעקסט קוקט אויס האָט זיך דוד אויפגעפירט ווי אַן אַבסאָלוטער מאָנאַרך פון זיין תקופה. ער האָט דערזען אַ פרוי, צו וועלכער ער האָט געגלוסט, האָט ער איר באַפוילן צו קומען צו אים און ער האָט זי באַשלאָפן, ניט געקוקט וואָס זי איז געווען אַן אשת־איש און איר מאַן איז געווען אַ הויכער אָפיצער אין דער אַרמיי, און איז דעמאָלט געווען אויפן שלאַכטפעלד. ווען זי איז טראָגעדיק געוואָרן און עס האָט געהאַלטן ביי אויסברעכן אַן עפנטלעכער סקאַנדאַל און בת־שבע וואָלט געווען באַשטראָפט געוואָרן ווי אַן אשת־איש, וואָס האָט מזנה געווען, האָט דוד דורך פאַלשקייט געטויט איר מאַן, כדי צו פאַרדעקן זיין אייגענע זינד. אַ צאָל אָפיצערן האָבן געוואוסט דערפון, אָבער קיינער האָט ניט פּראָטעסטירט. (אוריה, בת־שבעס מאַן, האָט געהאַט אַן אַנונג, וואָס עס האָט פּאַסירט צווישן דודן און בת־שבען. מיר זעען דערויף אַ קלאָרע אָנטייטונג אין דער דערציילונג.)

עס איז דאָ אַ גאָר אינטערעסאַנטער מדרש. „ווען יואָב האָט אָוועקגעשטעלט אוריהן אַקעגן דעם פראָנט פון דער שטאַרקסטער מלחמה, און האָט בכיוון זיך אָפּגערוקט פון הינטער אים, אַזוי אַז ער איז געהרגעט געוואָרן, האָבן די העכערע אָפיצערן געסטראַשעט יואָבן מיט טויט. זיי האָבן געטענהט: 'ווי אַזוי האָסטו געוואָגט אָוועקצושטעלן אוריהן, איינער פון די העכערע אָפיצערן, אין אַזאַ סכנהדיקן אָרט, און דערצו בכיוון אָפּטרעטן און אים לאָזן אַליין?' יואָב האָט זיי געוויזן דודס בריוו מיט די פּינקטלעכע אָנווייזונגען. האָבן זיי אָפּגעלאָזן יואָבן". זיי האָבן עס ניט געטאָן, ווייל זיי האָבן געפאָרכט דודס צאָרן, נאָר ביי זיי איז געווען אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז מען טאָר ניט, און עס איז ניט געזעצלעך ניט אויספאָלגן דעם קעניגס אַ געבאָט (זע במדבר רבה כג, יג). עס איז מערקווערדיק, אַז דוד זאָגט אין זיין תפילה צו גאָט, ווען ער בעט פאַרגעבונג פאַר דער גרויסער זינד: „לך לבדך חטאתי — צו דיר אַליין האָב איך געזינדיקט, כדי דו זאָלסט זיין רעכטפאַרטיק אין דיין ריידן און גערעכט אין דיין משפט" (תהילים נא, ו). פאַראַן אַ סך דרשות

אויף דעם דאָזיקן פּסוק. אָבער דער באַשיינפּערלעכער טייטש פון פּסוק איז פּשוט. דוד זאָגט: „איך ווייס, מענטשן האַלטן עס ניט פאַר קיין פאַרברעכן. בין איך מודה, אַז איך האָב טאַקע געזינדיקט און דערפאַר וואָס איך גיב צו די זינד וועט מען זען, אַז די שטראָף וואָס דו האָסט מיר געגעבן דורכן נביא איז אַ באַרעכטיקטע".

ווען די מעשה דוד און בת־שבע וואָלט זיך געענדיקט ווי אוריה ווערט געהרגעט אויפן שלאַכטפעלד און בת־שבע ווערט די כשרע ווייב פון דודן, וואָלט עס געווען אַ כראָניק, וואָס פאַרצייכנט נאָך אַ פאַל פון די פּריווילעגיעס פון אַן אַמאָליקן מאָנאַרך און זיין פאַרראַט פון יעדן עטישן פּרינציפּ.

אָבער דאָ קומט צום סוף נתן הנביאס שטורעמדיקער אויסגעשריי:

„אתה האיש! — דו ביסט עס דער מאַן. פאַרוואָס האָסטו פאַראַכט דאָס וואָרט פון גאָט, צו טאָן וואָס איז שלעכט אין מיינע אויגן? אוריה דעם חתי האָסטו דערהרגעט מיטן שווערד, און זיין ווייב האָסט פאַר זיך צוגענומען פאַר אַ ווייב. אַציגד זאָל אויף אייביק זיך ניט אָפּטאָן קיין שווערד פון דיין הויז" (שמואל־ב יב, ח־ט).

דאָס איז דעמאָלט, און אַפילו אויך איצט, געווען ניט קיין געהערטע זאַך. דער נביא באַשטייט, אַז אויך דער מאַכטיקער קעניג איז אונטערגעוואָרפן דעם מאָראַלישן געזעץ. אויך דער מלך מוז אָפּגעבן דין־וחשבון פאַר זיינע מעשים. נאָך מער איבערראַשונג איז, וואָס דוד גיט צו באַלד זיין שולד. דער קעניג הרגעט ניט דעם נביא פאַר זיין חוצפּה. פאַרקערט, ער גיט זיך אונטער און זאָגט אונטערטעניק, הכנעהדיק: „איך האָב געזינדיקט צו גאָט".

די סאַגע פון דוד און בת־שבע איז אַן אוניקום, אַ יחיד במינה אין צוויי עיקרדיקע פּרטים: ניט נאָר איז אַ מלך אונטערגעוואָרפן צום מאָראַלישן און עטישן געזעץ, נאָר דער יידישער מלך נעמט אָן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אונטערטעניקייט צום עטישן אויפפיר.

די צוויי מוסטערן קאָנען דינען דיר ווי אַ כלל צו פאַרשטיין דאָס וואָס מען רופט די גרויזאַמקייט פון תנ"ך. איצט אַ קורצע דערקלערונג וועגן די שוידערלעכע שטראָף־רייד פון די נביאים און זייער טאַדל צום „זינדיקן" פאָלק.

ווען מיר פאַרטיפן זיך אין די שטראָף־רייד פון די נביאים, און אין דער געשיכטע פון די זינד פון פאָלק און די יידישע מלכים, קאָן מען באַשיינ־פּערלעך זען, אַז די אמתע גרויסע זינד פון פאָלק ישראל און די פירער איז געווען, וואָס זיי האָבן אָפּט געוואָלט לעבן ווי די פעלקער אַרום זיי. די נביאים האָבן אַזאַ רצון, און אַוודאי אַזאַ אויפפיר, באַטראַכט ווי דער גרעסטער פאַר־ברעכן, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז יידן זיינען אַ הייליק פאָלק. דאָס פאָלק

וואָס איז גאָטס אייגנס טאָר ניט לעבן קיין טאָג־טעגלעך לעבן אָן קדושה, ווען זיי ווען לעבן אַזאַ לעבן ווי אַלע פעלקער אַרום זיי וועלן זיי פאַראומרייניקן דאָס הייליקע לאַנד. דאָס אויסרעכענען אַזויפיל שווידערלעכע זינד פון יידן איז ביי די נביאים ניט מער ווי אַ פּאַעטישער היפּערבאַליזם.

דער גרויסער יידישער תנ״ך־געלערנטער ר׳ יחזקאל קויפמאַן זאָגט:

„ירמיהו אַליין אַנטפּלעקט פאַר אונדז אין קלאָרע רייד, אַז זיין בייזערן זיך וועגן רשעות איז איבערגעטריבן אָן אַ גרענעץ. די דראָאונג קעגן פאַנגען מענטשן אין אַ פּאַסטקע דורך פאַלשקייטן, אַנקלייבן עשירות דורך באַטרוג, פאַרקרימען גערעכטיקייט — אָט די נבואה הויבט ער אָן מיט ווערטער: ׳כי נמצאו בעמי רשעים — צווישן מיין פאָלק געפינען זיך רשעים׳ און לאָזט אויס די דאָזיקע נבואה ׳אם בגוי כזה לא תתנקם נפשי? — זאָל איך אין אַזאַ פאָלק ניט נעמען קיין נקמה?׳; הערט נאָר, ווייל עס ׳געפינען׳ זיך עטלעכע רשעים ווערט עס שוין ביים נביא ׳אָט אַזאַ פאָלק׳״ („תולדות האמונה הישרא־לית״, כרך שלישי, ספר שני, ז׳ 449).

גאָר אינטערעסאַנט איז, וואָס די חז״ל האָבן אַנגענומען, אַז דער עצם פאַקט וואָס עס זיינען געווען נביאים ביי יידן און מען האָט אויפגעהיט די רייד פון די נביאים איז אַ באַוויז, אַז יידן זיינען געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה פון עטיק:

„רב פפא האָט געזאָגט: עס שטייט געשריבן: ׳ארץ, ארץ, ארץ שמעי דבר השם׳ (ירמיהו כב, כח) — לאַנד, לאַנד, לאַנד הער דאָס וואָרט פון גאָט! פאַרוואָס ווערט איבערגעחזרט דאָס וואָרט ׳ארץ׳ — לאַנד — דריי מאָל? דאָס איז צו באַטאָנען, אַז ניט אין אַלע לענדער פון דער וועלט וואָלט מען זיך אַפילו צוגעהערט צו די רייד פון די נביאים. אָט איז דאָ אַן אָרט, וואָס רופט זיך נאשע. עס געפינט זיך לעבן דעם טייך פּרת. דאָרט וואָלט דאָס וואָרט פון גאָט ניט געקאָנט געהערט ווערן; ווייל אויב אַן איינוואוינער פון נאשע טוט דיך אַ קוש — בעסער צייל איבער די ציינער אין מויל״ (חולין קכז, א).

ישעיהו, ירמיהו און יחזקאל, אָט די אַלע דריי גרויסע נביאים, האָבן פאַר־גליכן ירושלים צו סדום און עמורה. וואָלט מען זיי אין סדום געלאָזט ריידן? אָבער די איינוואוינער פון ירושלים און יהודה האָבן זיי ניט נאָר אויסגעהערט, נאָר אויך פאַרשריבן און אויפגעהיט די נבואות.

נאָך עפּעס גאָר וויכטיקס. ניט געקוקט וואָס דער תנ״ך זעט די וועלט אויף אַ רעאַליסטישן אופן און פאַרקוקט ניט דאָס בייז אין טאָג־טעגלעך לעבן, די זינדיקייט פון יחיד און קאָרופּציע פון כלל, דאָך איז דער ספר־הספרים דאָס אָפּטימיסטישסטע בוך אין דער וועלט. די נביאים האָבן קיינמאָל ניט

פאַרלוירן די האָפענונג אויף אַ גליקלעכער צוקונפט פאַר דער מענטשהייט. די וועלט איז אַ געשאַפענע פון אַ שעפערשן אינטעלעקט, גאָט. ער האָט געשאַפן דעם מענטשן, וואָס וועט סוף־כל־סוף דערגרייכן, אין דער ווייטער צוקונפט, שלימות; און ער וועט איינפירן גאָטס קיניגרייך אויף דער ערד. עס וועט קומען אַ צייט ווען קיינער „וועט ניט טאָן קיין בייז און וועט ניט פאַר־דאַרבן אויף מיין הייליקן באַרג, ווייל די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים״ (ישעיהו יא, ט).

תשכ״ח — תש״ל

# נבואה און מלוכה

די באַציאונג פון די נביאים צו מלוכה איז אומבאַשטימט און אומקלאָר. זיי האָבן ניט אַקצעפּטירט מיטן פולן האַרצן קיניגטום און מלוכה, אָבער אויך עס ניט פאַרלייקנט און אָפּגעוואָרפן אינגאַנצן.

אין ספר שופטים איז קלאָר, אַז אַ מלך איז ניט בויטיק, ניין, שעדלעך, אינגאַנצן אַן אָפּנאַרעריי. יותמס משל איז אַ פולקומע אַנטי־מאָנאַרכיסטישע, אַ בייסנדיקע סאַטירע וועגן דעם ענין פון מלך און זיין נוצלאָזיקייט. עס איז כדאי צו ברענגען יותמס משל כדי צו דערפילן דעם חוזק וועגן מאָנאַרכיע:

„זיינען געגאַנגען דיביימער צו זאַלבן איבער זיך אַ מלך, האָבן זיי געזאָגט צום אוילבערט־בוים: ‚קיניג איבער אונדז׳. האָט דער אוילבערט־בוים געזאָגט צו זיי: ‚זאָל איך אויפגעבן מיין פעסטקייט וואָס מען איז מכבד מיט דעם גאָט און מענטשן און גיין וואָגלען איבער די ביימער?׳ האָבן די ביימער געזאָגט צום פייגן־בוים: ‚דו קיניג איבער אונדז׳. האָט דער פייגן־בוים געזאָגט צו זיי: ‚זאָל איך פאַרמיידן מיין זיסקייט און מיין גוטע פרוכט און גיין וואָגלען איבער די ביימער?׳ האָבן די ביימער געזאָגט צום ווייַנשטאָק: ‚דו קיניג איבער אונדז׳. האָט דער וויינשטאָק געזאָגט צו זיי: ‚זאָל איך פאַר־מיידן מיין ווייַן וואָס דערפרייט גאָט און מענטשן און גיין וואָגלען איבער די ביימער?׳ האָבן אַלע ביימער געזאָגט צום דאָרן: ‚דו גיי און קיניג איבער אונדז׳. האָט געזאָגט דער דאָרן צו די ביימער: ‚אויב איר מיינט אויף אַן אמת צו זאַלבן מיך פאַר אַ מלך, קומט און שיצט זיך אין מיין שאָטן; אָבער אויב ניט, זאָל אַרויס אַ פייער פון דעם דאָרן און זאָל פאַרצערן די צעדער־ביימער פון לבנון׳״ (שופטים ח, ח־יד).

עס איז ניט דאָ דער אָרט צו אַנאַליזירן די שיינקייט פון דעם משל. אָבער עס איז כדאי צו באַטאָנען, אַז דער דאָרן, וואָס האָט ניט קיין פרוכט און האָט ניט קיין שאָטן, דווקא ער איז מסכים צו ווערן מלך און זאָגט זיי צו באַשיצן זיי מיט זיין שאָטן, וואָס ער פאַרמאָגט ניט. אַ קלאָרע סאַטירע קעגן מלך און מלוכה. דער משל איז באַנוצט געוואָרן דורות און ווי אַנטי־מאָנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

שוין ניט אַזוי קלאָר איז די שטעלונג פון תנ״ך צו מלוכה אין שמואלס צייטן. אין ספר דברים ווערט קלאָר געזאָגט: „כי תבא אל הארץ — ווען דו

ווּעסט קומען אין דעם לאַנד וואָס גאָט דיין גאָט גיט דיר און דו וועסט עס ירשענען און דו וועסט זיך באַזעצן אין איר. אויב דו וועסט זאָגן, איך וויל אַרויפשטעלן אויף זיך אַ קעניג ווי אַלע פעלקער אַרום מיר — זאָלסטו אַרויפשטעלן אויף זיך אַ קעניג, וואָס גאָט דיין גאָט וועט אויסדערוויילן״ (דברים יז, יד־טו). עס איז אַ פלוגתא ביי די חז״ל, צי דאָס איז אַ געבאָט צו מאַכן אַ קעניג, אָדער עס איז ניט מער ווי אַ רשות — עס מיינט אַ דערלויבעניש. אויב מען וויל מעג מען עס טאָן (ספרי שופטים, קנו). זיכער איז עס ניט קיין זינד, קיין פאַרברעכן. אָבער אין ספר שמואל ווערט עס אין איין פסוק פאַררעכנט פאַר אַ זינד, אַ פאַרברעכן ווי געצנדינסט.

„די זקנים זיינען געקומען צו שמואלן קיין רמה און געזאָגט צו אים: ׳דו ביסט אַלט געוואָרן און דיינע זין גייען ניט אין דיינע וועגן; שטעל אויף אַ קעניג איבער אונדז און ער זאָל אונדז משפטן (געוועלטיקן) ווי ביי אַלע פעלקער׳. און די זאַך איז געווען שלעכט (פאַררעכנט געווען פאַר אַ זינד) אין די אויגן פון שמואל. און שמואל האָט תפילה געטאָן צו גאָט. און גאָט האָט געזאָגט צו שמואלן: ׳טו וואָס דאָס פאָלק האָט געזאָגט צו דיר, ווייל ניט דיך האָבן זיי פאַרמיאוסט, נאָר מיך האָבן זיי פאַרמיאוסט פון קיניגן אויף זיי. עס איז ווי די אַלע מעשים וואָס זיי האָבן געטאָן זינט איך האָב זיי אַרויסגעבראַכט פון מצרים, ביז היינטיקן טאָג, זיי האָבן מיך פאַרמיאוסט און געדינט פרעמדע געטער, און אַזוי טוען זיי אויך צו דיר. אָבער דערצייל זיי ווי דער קעניג, וואָס וועט קיניגן איבער זיי, וועט זיך אויפפירן״ (שמואל־א ח, א, ד־ח).

שמואל דערציילט דעם פאָלק בפרוטרוט וואָס פאַר אַ פּריווילעגיעס דער מלך וועט נעמען פאַר זיך. דאָ קומט אַ פלוגתא אין גמרא, צי דאָס וואָס שמואל רעכנט אויס דעם קעניגס מעשים איז עס ווייל געוויינטלעך פירט זיך אויף אַ קעניג דעספּאָטיש, אָדער דאָס זיינען די באַרעכטיקטע רעכט פון אַ קעניג. ער האָט יורידיש דאָס רעכט צו טאָן די אַלע זאַכן. געוויינטלעך האָט מען עס געהאַלטן דורך אַלע דורות ווי טיראַניי פון אַ מלך. פשוטע רויבעריי. דער נביא הושע האַלט, אַז מלוכה בדרך כלל איז אַ זינד: „איך האָב אייך געגעבן אַ מלך אין מיין צאָרן״ (יג, יוד). אַ צאָל מפרשים טייטשן עס אויס, אַז הושע חזרט איבער בלויז שמואלס קעגנערשאַפט צום ערשטן מלך — שאול. אַנדערע מפרשים האַלטן, אַז הושע האָט עס געמיינט וועגן מאָנאַרכיע בכלל.

אָבער ניט געקוקט אויף שמואלס קעגנערשאַפט צו מלוכה, האָט קיינער פון די נביאים ניט פאַרלייקנט מלוכהשאַפט. און אַפילו שמואל אַליין איז באַלד, ווי נאָר גאָט האָט פאַרמיאוסט שאולן, געגאַנגען און געזאַלבט דודן

פאַר אַ מלך. די נביאים האָבן געשטראָפט און אַפילו אַראָפּגעוואָרפן מלכים; זיי האָבן געשטראָפט און געטאַדלט יעדן מלך, אָבער קיינער פון זיי האָט ניט געהאַלטן מלוכה ווי אַ זינד און ווידערשפעניגונג קעגן גאָט.

דער קעניג ווערט פאַררעכנט ווי אַ געזאַלבטער פון גאָט. אין תנ״ך ווערט ער געהאַלטן ווי אַן אומבאַרירטע פּערזאָן. ווען דודס מענטשן פאַרמעסטן זיך צו טויטן שאולן, רופט אויס דוד: „גאָט באַהיט איך זאָל טאָן צו מיין האַר, צו דעם געזאַלבטן פון גאָט, לייגן אַ האַנט אויף אים״ (שמואל־א כד, ז). בכלל איז די באַציאונג פון די נביאים צו מאָנאַרכיע און מלוכה אַ מין אַמביוואַלאַנץ.

## די אייגנאַרטיקייט פון דעם אויפקום פון יידישן פאָלק

כדי צו פאַרשטיין די באַציאונג פון די נביאים צו מלוכה און מאָנאַרכיע דאַרפן מיר באַטראַכטן די ערשטע מלוכה־אָרדענונג, דעם רעזשים, פון די שופטים, וואָס האָט געהאַט זיינע וואָרצלען אין דער פירערשאַפט פון משה רבנו, דער ערשטער פון די נביאים־שליחים, וואָס אים איז געלונגען דורכפירן זיין שליחות בשלימות און איינשטעלן אַ פאַראייניקונג פון די שבטים מיט אַ געוועלטיקונג איבער זיי. באמת דאַרף מען גיין נאָך מער אויף צוריק אין יידישער געשיכטע: צו דעם אויפקום פון יידישן פאָלק; צו דער פרעהיסטאָרישער צייט, צו דער צייט פון אברהם אָבינו.

דער אָנהויב פון וועלכן עס איז פאָלק איז מיט דער הערשאַפט פון אַ קעניג, וואָס איז אַ גאָנצער גאָט, אָדער באַשאָנקען מיט געטלעכער אייגנשאַפט — אַ האַלבער גאָט. אָט דער דאָזיקער ערשטער קעניג ווערט שפּעטער אין דער געשיכטע פונעם פאָלק דער גאָט פון דער אומה. די עגיפּטער האָבן דערציילט, אַז עס איז געווען אַ צייט ווען זייער גאָט, אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט, האָט געהערשט איבער דעם לאַנד. דער איצטיקער קעניג שטאַמט פון יענעם גאָט־קעניג. אַזוי איז געווען אין בבל און ביי די פעלקער וואָס האָבן באַוואוינט כנען. די מלכים פון אַשור, האָבן די אַשורים געהאַלטן, זיינען אָדער די ברידער פון געטער, אָדער געזויגן געוואָרן פון געטינס. די בעסטע באַקאַנטע לעגענדע איז מיט די גרינדער פון רוים, ראָמעלוס און רעמוס, וואָס זיי זיינען געווען קינדער פון געטער. ראָמעלוס איז געווען דער ערשטער קעניג פון די רוימער און דערנאָך אַ רוימישער געץ.

יידישע געשיכטע הויבט זיך אָן מיט אַ מענטשן — אברהם. נאָך וויכטיקער איז, וואָס גאָט האָט אים אָנגעזאָגט אַרויסצוגיין פון זיין לאַנד. דער יידישער גאָט איז ניט צוגעבונדן צו וועלכן עס איז שטח. דאָס לאַנד, אין

וועלכן אברהם האָט זיך באַזעצט, איז אים צוגעזאָגט געוואָרן אויף שפּעטער, נאָכדעם ווי זיינע אָפּשטאַמער וועלן זיין אין גלות, ערשט דעמאָלט וועט ער ווערן דער פאָטער פון פעלקער (בראשית יד, יג; יז, ד). די הבטחה אַז יידן וועלן ערשט ווערן אַ פאָלק אין גלות איז דערקלערט געוואָרן צו יעקבן זייער קלאָר: „האָב קיין מורא ניט אַראָפּצוגידערן קיין מצרים, ווייל דאָרט וועל איך דיך מאַכן פאַר גרויס פאָלק״ (בראשית מו, ג). קיינער פון די אָבות איז ניט געוואָרן קיין האַלבער גאָט (דעמיגאָד), אָדער אַ קעניג איבער די יידן.

יידישע מלוכה, לויט ספר בראשית, איז געווען די ייִנגסטע אין דער וועלט־געשיכטע. אין ספר בראשית ווערן אויסגערעכנט די מלכים וואָס זיינען געווען איידער עס איז געווען אַ מלך אין ישראל. אין כוש איז געווען אַ מלך באַלד נאָכן מבול, נחס אַן אור־אייניקל (בראשית יוד, ח). אין אדום זיינען געווען מלכים נאָך פאַר משהס צייטן (בראשית לו, לא).

די דוגמא, מוסטער, פון אַ יידישן מלך־פירער איז משה רבנו, דער נביא־שליח, וואָס דערלייזט די יידן ניט מיט קיין ארמיי, נאָר מיט גאָטס וואָרט. די דערשיינונג פון משה האָט ניט קיין פאַרגלייך אין דער פּאַגאַניסטישער וועלט. משה האָט ניט אַריינגעקראָגן זיין פירערשאַפט, אָדער הערשאַפט איבערן פאָלק, ווייל ער איז געווען אַ מאַגיקער, אָדער אייגער וואָס באַזיצט קערפּערלעכע קאַריסמע, אָדער ווייל ער אַליין איז אַ האַלבער גאָט. משה איז אַ ילוד־אשה. ער האָט געקאָנט אויסלייזן דאָס פאָלק פון גלות, ווייל גאָט האָט אים געשיקט צו מקיים זיין די הבטחה, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו די אָבות. דער שטעקן אין משהס האַנט האָט ניט פאַרמאָגט קיין כישוף און געטלעכקייט; משה איז ניט געווען קיין בעל־מופת, וואונדער־טוער־מענטש. ער איז געווען גאָטס אויסדערוויילטער שליח ניט נאָר צו באַפרייען די יידן פון קנעכטשאַפט, נאָר אָנצונעמען גאָטס תורה. וויבאַלד אַז משה איז געווען נאָר אַן אויסדער־וויילטער שליח פאַר אַ באַשטימטן צוועק, האָט ער ניט געקאָנט איבערגעבן זיין „כוח־הרשאה״ צו זיינע קינדער. ער איז באמת געווען ניט קיין קעניג און ניט קיין הערשער; אין גאָטס קיניגרייך איז משה געווען דער שליח.

## די שופטים

משה איז געווען דער ערשטער פון די נביאים־שליחים. זיין דערשיינונג האָט אויפגעטרייסלט דאָס פאָלק ביז די טיפסטע טיפעניש פון דער נשמה. די התגלות צו משהן איז געווען דער פועל־יוצא פון דער הבטחה צו די אָבות, וואָס גאָט האָט זיי צוגעזאָגט, אַז זייערע קינדער וועלן זיין אַ גרויס פאָלק.

די התגלות צו משהן איז געווען נאָר דער אָנהויב. גאָט איז דער קעניג פון זיין פאָלק און ער וועט זיי קיינמאָל ניט פאַרלאָזן. „וואָרעם גאָט וועט ניט פאַר־לאָזן זיין פאָלק, צוליב זיין גרויסן נאָמען וועגן. גאָט האָט באַוויליקט אייך צו מאַכן פאַר אַ פאָלק" (שמואל־א יב, כב). גאָט וועט ווייטער שיקן זיינע שליחים, נביאים־דערלייזער, אין יעדער עת־צרה. די עצם מלוכה געהערט צו גאָט. ווען מען וועט דאַרפן וועט דער מושיע, דער העלפער, דערשיינען.

די דאָזיקע קאָנצעפּציע איז קאָנקרעטיזירט געוואָרן אין דער צייט פון דער שופטים־ממשלה. עס איז געווען אַן אייגנאַרטיקע ממשלה. וואָס דער הויפּט פון דער רעגירונג איז געווען בדרך־כלל ניט קיין אויסדערוויילטער פון מענטשן, נאָר איינער וואָס אויף אים האָט גערוט דער גייסט פון גאָט; אַ שליח־נביא, וואָס איז געשיקט געוואָרן, אָט ווי משה, אויסצולייזן, צו העלפן די יידן פון דער האַנט פון שונא. אַזעלכע פירער זיינען ניט געווען אין בבל, כנען, אַראַביע, עגיפּטן אָדער ביי די חיתים. די מלוכה אין דער צייט פון די שופטים איז געפורעמט געוואָרן לויט דעם מאָדעל פון דעם ערשטן נביא־שליח — משה, וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פון דעם געדאַנק פון דער קיניגרייך פון גאָט. יעדער שופט איז בעצם געווען אַ נביא־שליח. די באַרעכ־טיקונג פאַר זיין פירערשאַפט איז די פאָרמולע, וואָס ווערט דערמאָנט ביים ערשטן שופט עתניאל בן קנז, „ותהי עליו רוח ה' וישפט את ישראל ויצא למלחמה" (שופטים ג, יוד) — און דער גייסט פון גאָט איז געווען אויף אים, און ער האָט געמשפּט ישראל; און איז אַרויסגעגאַנגען אויף מלחמה. אָבער ער איז ניט געוואָרן קיין הערשער, וואָס האָט איבערגעגעבן בירושה זיין פירערשאַפט.

## דער דורכפאַל פון נבואה־שליחות־הערשאַפט

די מלוכה פון נביא־שליח האָט ניט געקאָנט עטאַבלירן אַ שטאַרקע און דויערהאַפטע מלוכה־מדינה. נבואה ווערט ניט איבערגעגעבן בירושה. נבואה איז אַ מתנה פון גאָט צו דעם אויסדערוויילטן, צו דעם וואָס איז ווערט צו ווערן אַ נביא. אין תנ"ך ווערט נאָר איין מאָל דערמאָנט, אַז טאַטע און זון זיינען געווען נביאים (מלכים־ב טז, ז). געוויינטלעך איז ווי דער אליהו רבה זאָגט: „האָט געזאָגט אליהו: איך נעם פאַר מיר עדות הימל און ערד, סיי אַ ישראל און סיי ניט קיין ישראל, סיי אַ מאַן, סיי אַ פרוי, סיי אַ דינסט און סיי אַ קנעכט, נאָך די גוטע מעשים נאָך, וואָס יעדערער טוט, רוט אויף אים דער רוח הקודש" (פרק ט). אין דער צייט פון שמואל, ווען דער דרוק פון די

פלישתים איז געוואָרן שטאַרק אויף יידן, האָט ניט דער כהן־שופט — עלי, און דערנאָך ניט דער נביא־שופט — שמואל זיך געקאָנט שטעלן קעגן שונא. די זקנים האָבן געפאָדערט פון שמואלן אַ קעניג, אַ שטאַרקע מלוכה, וואָס זאָל שטאַרקן די פאַראייניקונג פון די שבטים.

אַ מאָנאַרכיע מיינט עמולאַציע, אַ נאָכמאַכונג פון דעם דרך פון פאַגאַניזם. מאָנאַרכיזם איז אַ פאַגאַניסטישע אינסטיטוציע. אָבער יידישע מאָנאַרכיע איז אויך געווען געבויט אויף דעם באַגריף פון נביא־שליח. דער מלך איז אַ מענטש אויסדערוויילט פון גאָט. ער האָט אין זיך ניט קיין געטלעכקייט. ער איז נאָר באַשטימט געוואָרן פון דעם כביכול צו דינען ווי אַ מלך. אויב עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז זינדיק, וועט אַן אַנדערער באַשטימט ווערן אויף זיין אָרט. „און גאָט האָט געזאָגט צו שמואלן: ביז וואַנען וועסטו טרויערן אויף שאולן. איך האָב אים פאַרמיאוסט צו זיין קעניג איבער ישראל. פיל אָן דיין האָרן מיט אייל און גיי; איך וועל דיך שיקן צו ישין פון בית־לחם, ווייל איך האָב מיר געזען צווישן זיינע זין אַ מלך פאַר מיר" (שמואל־א טז, א). ריכטיק טייטשט אויס דער רד"ק דעם פסוק: „עס שטייט געשריבן 'מיר פאַר אַ מלך' און ניט 'אַ מלך איבער ישראל', עס מיינט איך האָב אויסגעקליבן איינעם וואָס וועט גיין אין גאָטס וועגן און ניט ווי שאול, וואָס האָט ניט אויסגעפאָלגט וואָס איך האָב אים אָנגעזאָגט".

די יידישע מאָנאַרכיע האָט זיך אָנגעהויבן באַשיידן. דער ערשטער קעניג איז געווען אַ שופט־קעניג־נביא. ער האָט נביאות געזאָגט צוויי מאָל (שמואל־א י, י; יט, כג־כד). פאַר דער מלחמה מיט נחש פון עמון זאָגט דער פסוק: „ותצלח רוח אלקים על שאול" — דער גייסט איז געקומען אויף שאולן; דער זעלבער אויסדרוק ווי אויף די שופטים.

מאָנאַרכיע ביי יידן איז ניט געווען פאַרוואָרצלט אין פריסטנטום, ווי ביי אַלע פאַגאַניסטישע פעלקער, נאָר אין נבואה־שליחות. דער מלך האָט אין זיך ניט קיין געטלעכקייט. ער איז נאָר דער וואָס טראָגט אויף זיך די שררה, וואָס גאָט האָט אים געשענקט. ער איז אַ ילוד־אשה און די מלוכה איז אים געגעבן געוואָרן אויף אַ תנאי. דער מלך ביי יידן איז געווען די פאַרקערפערונג פון דעם געדאַנק, אַז גאָט געוועלטיקט איבער דער וועלט.

ביי די געצנדינער איז דער מלך געווען דער הויפט־פריסטער פון קולט. די מלכים פון מעסאָפּאָטאַמיע האָבן אַלעמאָל געהאַט דעם טיטל פריסטער. די מלכים ביי יידן האָבן געהאַט אַ רעכט אין געוויסע פאַלן צו מקריב זיין קרבנות, אָבער זיי האָבן ניט געטאָרט דורכפירן אַלע כהנישע פונקציעס, ניט געטאָרט זיין אָפיציעלע כהנים. עס איז דאָ אַ כראָניק אין תנ"ך (דברי הימים־ב כו,

טז־כא) וואו עס ווערט דערציילט, אַז דער מלך עוזיהו האָט געוואָלט איבער־נעמען די פונקציעס פון אַ כהן־גדול, האָט אים גאָט באַלד אויפן אָרט באַ־שטראָפט און ער איז געוואָרן קרעציק. עס איז ניט וויכטיק צי עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט. דאָס וואָס די געשעעניש איז פאַרצייכנט אין תנ״ך איז אַ סימן, אַ באַווייז, אַז דער מלך האָט ניט געטאָרט זיין אויך דער הויפּט פון דער כהונה. (אין דער צייט פון די חשמונאים איז אויפגעקומען די זעל־ביקע פּראָבלעם, צוליב אַנדערע טעמים.)

## די נביאים, קעגנער פון מלוכה, אָבער ניט קיין פאַרלייקענער פון מלוכה

די שיטה פון מלכות־שמים איז דורכגעפאַלן. אין די צייטן פון שמואל האָט דער שונא, די פלישתים, געדריקט די יידן און אַפילו פאַרכאַפּט דעם אָרון פון גאָט. די יראי־ה׳, די וואָס האָבן געפאָרכט גאָט, האָבן געפרעגט: פאַרוואָס שיקט ניט גאָט איצט קיין מושיע, אַ העלפער? אין פריערדיקע דורות האָט דאָך דער כביכול געשיקט משה, אהרן, יהושע, דבורה, גדעון, יפתח און שמשון. פאַרוואָס זיינען יידן איצט אין אַזאַ שפלער מדרגה, אַז מען מוז אָנקומען צו אַ קעניג? דער תירוץ איז, ווייל די יידן זיינען איצט מער זינדיק. די מלוכה מיט אַ קעניג בראש, וואָס מעג נעמען פון פאָלק פאַר זיינע הצטרכותן און פאַרלאַנגען פון זיינע שררות לויט ווי ער פאַרשטייט — אַ סעקולאָרע מדינה אין אונדזער לשון, איז אַ סימן אַז יידן זיינען ניט ווערט גאָטס חסד. דערפאַר האָבן די נביאים קיינמאָל ניט אַקצעפּטירט מיטן פולן האַרצן די מאָנאַרכיע, וואָס האָט זיך געניוטיקט אין אַ סעקולאָרן שטאָט. זיי האָבן אָבער ניט פאַרלייקנט אינגאַנצן מאָנאַרכיע און מלוכה, ווייל דאָס זאָלבן און אויפשטעלן אַ מלך איבערן פאָלק איז אַ נייע מתנה, געגעבן דורך דעם חסד, דורך דער גוטסקייט פון כביכול צו זיין זינדיק פאָלק. אמת, זיינען קינ־דער האָבן געזינדיקט, אָבער גאָט קאָן ניט פאַרמיאוסן זיין באַליבט פאָלק: „גאָט וועט ניט פאַרלאָזן זיין פאָלק, צוליב זיין גרויסן נאָמען וועגן, ווייל גאָט האָט אויסגעקליבן אייך צו מאַכן פאַר אַ פאָלק״ (שמואל־א יב, כב). דערפאַר איז דאָ אַן אַמביוועלאַנץ, אַ טאָפּלטקייט, אין דער באַציאונג פון נבואה צו מלוכה און מלך. אליהו שטראָפט און באַליידיקט און שילט אַחאָבן. ער רופט אים „עוכר ישראל״ — דער וואָס פאַרדאַרבט דאָס פאָלק ישראל, אָדער דער וואָס פאַראומגליקט ישראל. ער שטעלט זיך ניט אָפּ צו פאָרויס־זאָגן אים אַ מיאוסן טויט. דאָך גיט ער אים אָפּ כבוד און לויפט פאָרויס פאַר

אַחאָבס רייטוואָגן פון הר־הכרמל ביז ווי מען קומט אַריין אין שומרון (מלכים־א יח, מו).

אַ פאָלק איז ניט מעור אחד, פון איין גוסט. עס זיינען געווען עלעמענטן וואָס האָבן זיך געגרויסט מיט מלוכה און מלך. קרוב צוואַנציק מאָל געפינט זיך דער טערמין „משיח ה׳״ אין תהילים און די מזמורים, וואָס געפינען זיך אין די אַנדערע ספרים פון תנ״ך. די זינגער פון תהילים האָבן געשאַפן הימנען לכבוד די מלכים (ב, יח, כ, כא, לג, מה, סא, סג, עב). עס איז דאָ אין תהילים אַ ספּעציעלער מזמור לכבוד דער חתונה פון קעניג מיט אַ פּרינצעסין (קאַפּיטל מה) און דער צווייטער קאַפּיטל פון תהילים איז אַן עקזאַלטאַציע פון דעם מלך, אין אַזעלכע טערמינען און אויסדרוקן וואָס האָבן סימנים פון דערהויבן דעם קעניג צו געטלעכקייט: „לאָמיר דערציילן וועגן גאָטס באַפעל. ער האָט מיר געזאָגט: ׳מיין זון ביסטו, איך האָב דיך היינט געבאָרן׳״ (ב, ז).

די נביאים אָבער זיינען קאַרג אין לויב־געזאַנגען צום קעניג. קיינער פון די גרויסע נביאים האָט ניט גערופן דעם קעניג „משיח ה׳״. ישעיהו רופט אים האַר: „דאָס זאָלסטו זאָגן צו דיין האַר״ (לז, ו), אָדער ער רופט אים ביים נאָמען: „גיי און זאָג צו חזקיהון״ (לח, ה), אָדער: „גיי אַרויס קעגן אחזן״ (ז, ג). די נביאה חולדה רופט דעם קעניג יאשיהו „דער מאַן״, אָדער „מלך יהודה״, אָבער ניט משיח ה׳. „און זי האָט געזאָגט צו זיי: אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דער גאָט פון ישראל: זאָגט צו דעם מאַן וואָס האָט אייך געשיקט צו מיר — — — און צום מלך פון יהודה, וואָס האָט אייך געשיקט צו מיר״ (מלכים־ב כב, טו, טז, יח). אויך ירמיהו ווען ער רעדט צום קעניג רופט ער אים ניט משיח ה׳ — גאָטס געזאַלבטער (לז, כ; לו, ל, און אַנדערע ערטער). נתן הנביא רופט דודן נאָר איין מאָל „אדני המלך״. אָבער אין דעם פאַל איז דער נביא געקומען צו דודן ניט מיט קיין נבואה, נאָר ווי אַ הויף־דיפּלאָמאַט (מלכים־א א, כד).

פאַראַן יידישע פאָרשער (זע יחזקאל קויפמאַן, תולדות האמונה הישראלית, כרך ב׳ ספר א׳, זז׳ 159־161) וואָס האַלטן, אַז די אַנטי־מאָנאַרכיסטישע שטעלן אין תנ״ך זיינען ניט מער ווי אַ „פאַרבייגייענדיקער שאָטן״, אַ דער־ווידער צו מלוכה פון דער צייט פון די צוויי ניט־געלונגענע פּרוואוון, עקספּע־רימענטן, צו עטאַבלירן אַן אָנהאַלטעוודיקע דינאַסטיע און דערנאָך, אין דער לעצטער תקופה פון מלכות שומרון, ווען מען האָט ממש געקאָנט אָנטאַפּן די ירידה פון דער מלוכה. הושע האָט נביאות געזאָגט אין יענער צייט. אָבער אין דער צייט פון דער בליאונג פון מלוכה האָט קיינער פון די נביאים ניט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט קעגן דעם „זוהר מלכות״.

דאָך קאָן מען ניט פאַרלייקענען, אַז דער גאַנצער וועלט־באַנעם פון דעם תנ״ך, דער גייסט וואָס רוט אויף אים האַלט ניט צופיל פון מלך, מלוכה און מיליטערישער מאַכט. אמת, די נביאים האָבן ניט פאַרלייקנט מלוכה און ניט פאַררעכנט עס ווי זינד. אָבער בדרך־כלל האָבן זיי געשטראָפט און זיך געשטעלט אַנטקעגן, כמעט, יעדן מלך, געפונען אין אים חסרונות. צום סעקולאַרן שטאַט האָבן אַלע נביאים ניט געהאַט קיין צוטרוי. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די זיכערקייט פון פאָלק ליגט ניט אין שטאַרקע אַרמייען, אָדער אין באַפעסטיקטע שטעט און מאַכן פאַרבינדונגען מיט אַנדערע פעלקער. דער זינגער פון תהילים לייגט אַריין אַזעלכע רייד אין מויל פון קעניג:

„די פאַרלאָזן זיך אויף רייטוועגן,
אַנדערע פאַרלאָזן זיך אויף פערד,
אָבער מיר (ווערן געהאָלפן)
ווען מיר דערמאָנען דעם נאָמען פון אונדזער גאָט״ (כ, ח).

נאָך קלאָרער און דייטלעכער איז דער געדאַנק אין אַן אַנדער מזמור:

„אַ מלך ווערט ניט געהאָלפן דורך פיל חייל,
דער גבור ווערט ניט געראַטעוועט דורך גרויס כח,
דאָס פערד אַן איז אָפּנאַרעריי פאַר הילף
און מיט זיין גרויסן כח וועט ער ניט אַנטרינען״ (לג, טז־יז)

די נביאים הושע, ישעיהו און מיכה, יעדער איינער פון זיי, גיט אַן אויסדרוק אויף זיין אייגענעם אופן צו דער נעגאַטיווער שטעלונג צו פיזישער מלוכה־מאַכט.

„ווי איז צו די, וואָס נידערן קיין מצרים נאָך הילף
און אויף פערד פאַרלאָזן זיי זיך.
זיי פאַרזיכערן זיך אויף רייטוועגן, ווייל זיי זיינען אַ סך
און אויף רייטער, ווייל זיי זיינען מעכטיק.
אָבער זיי קערן זיך ניט צום הייליקן פון ישראל
און גאָטס נאָמען טוען זיי ניט זוכן״ (ישעיהו לא, א).

הושע פאַרבינדט באַפעסטיקטע שטעט מיט דער זינד פון לוקסוס וואָס איז אויפגעקומען אין דער צייט פון מלוכה:

„און ישראל האָט פאַרגעסן זיין באַשאַפער
און געבויט פאַלאַצן.
און יהודה האָט פאַרמערט באַפעסטיקטע שטעט;
דערפאַר וועל איך שיקן אַ פייער אויף זייבע שטעט
און איך וועל פאַרצערן אירע פאַלאַצן״ (הושע ח, יד).

מיכה מאַכט אויך קלאָר, אַז פעסטונגען, פערד און רייטער זיינען ניט קיין שמירה פאַר אַ דורכפאַל:

„און עס וועט זיין אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט,
וועל איך פאַרשניידן דיינע פערד פון צווישן דיר,
און איך וועל אומברענגען דיינע רייטוועגן.
איך וועל פאַרשניידן די שטעט פון דיין לאַנד
און צעשטערן אַלע דיינע פעסטונגען" (מיכה ה, ט).

די דאָזיקע אַלע קלאָרע אויסדרוקן פון אַנטי־מלוכהדיקע און אַנטי־סעקולאַרע איבסטיטוציעס קאָנען ניט איגנאָרירט ווערן. זייער קעגנערשאַפט צו מלך און סעקולאַרן שטאַט קאָנען ניט פאַרקוקט ווערן, און וועלכע עס איז אויסטייטשונגען קאָנען עס ניט פאַרשטעלן. יותמס משל און שמואלס אַנטי־מלוכהשע רייד זיינען שאַרף און קלאָר און זיי האָבן אין זיך אַן אָנטייט, אַז זיי מיינען אויך אויף אַלע צייטן. ווייסן מיר טאַקע, אַז נבואה האָט שלום געמאַכט מיט מלוכה און סעקולאַרן שטאַט. אָבער בעצם האָבן די נביאים געהאַלטן, אַז עס וואָלט געווען בעסער ווען יידן וואָלטן ניט געפאָדערט קיין מלוכה און זיך ניט פאַרלאָזן אויף אַלע אַטריבוטן פון אַ סעקולאַרן שטאַט. אפשר קען מען זאָגן, אַז די נביאים האָבן געהאַלטן, אַז הלוואי וואָלט מען ניט געדאַרפט האָבן קיין מלך, מלוכה, אַרמיי און די שררות אַרום זיי.

פאַראַן פאַרשער, וואָס טייטשן אויס די נביאישע קעגנערשאַפט צום סעקולאַרן שטאַט און בכלל צו מאַכט, ווייל די מלכות שומרון און אַוודאי ניט די קלענערע יהודה האָבן זיך געקענט פאַרמעסטן אין מאַכט מיט די גרויסע אימפּעריעס, וואָס זיינען געווען רייך אין לאַנד, מענטשן און מאַטעריאַלע גיטער. בבל, אַשור און מצרים זיינען מי יודע געווען שטאַרקער און גרעסער פון די יידישע מלוכות. די יידן האָבן געקאָנט האָפן זיי איבערלעבן נאָר מיט זייער גייסטיקער גבורה.

אָבער מען דאַרף פאַרשטיין, אַז די נביאים זיינען ניט געקומען צום געדאַנק פון ניט לייגן קיין אַכט אויף מאַטעריעלער גבורה צוליב פּראַקטישע אויסרעכענונגען. זיי האָבן גערעדט אין נאָמען פון גאָט, אַ גאָט וואָס איז די פאַרקערפּערונג פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט און מאָראַלישער ריינקייט. אָט דער דאָזיקער גערעכטער גאָט האָט געשלאָסן אַ בונד מיט די יידן, אַז זיי זאָלן זיין, אָדער ווערן, אַ הייליק פאָלק אין אַ הייליק לאַנד. דאָס לאַנד ווערט הייליק נאָר צוליב דעם גערעכטיקן אויפפירן זיך פון די יידן. ווען מען וועט טאָן דעם רצון פון גאָט וועט ער האַלטן זיין הבטחה צו די קינדער פון אברהם.

אַ מלך, און אַ סעקולאַרער שטאַט אָנגעפירט פון אַ מלך, איז אַ פאַרלייקענונג פון גאָטס הבטחה.

אָבער אין דעם איצטיקן גייסטיקן מצב פון יידן און פון דער זינדיקער וועלט, מוז מען טאָלערירן אַ מלך און זיין הנהגה. אַ מלך, אַ שטאַט איז אויך גאָטס חסד. אָבער עס דאַרף ניט אָנגענומען ווערן, ניין, טאָר ניט אָנגענומען ווערן, ווי דער אידעאַל.

פון דעם האָט אַרויסגעשפּראָצט דער געדאַנק פון אַ משיח־דערלייזער, וואָס וועט זיין דער אידעאַלער מלך. ער וועט זיך ניט דאַרפן פאַרלאָזן אויף אַרמייען און פעסטונגען. „ער וועט שלאָגן מיט דעם רוט פון זיין מויל, און מיט דעם אָטעם פון זיינע ליפּן וועט ער טויטן דעם רשע" (ישעיה יא, ד).

פעלקער וועלן בלייבן. אָבער עס וועט זיין אייביקער שלום אויף דער וועלט. עס וועלן ניט זיין קיין דריקער און אונטערגעדריקטע, ווייל די ערד, די וועלט, וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט, ווי די וואַסערן דעקן צו דעם גרונט פון ים (דאָרט יא, ט).

ביבליאָגראַפיע: יחזקאל קויפמן תולדות האמונה הישראלית, כרך שני, ספר ראשון זז׳ 90־91; תולדות ההלכה, חיים טשירנוביץ, חלק שני, זז׳ 11־66; צ. סגל, מבוא המקרא, ספר שני, זז׳ 266־268. זע אין קויפמאַנס און טשערנאָוויצעס ספרים אין תוכן די רובריקן שמואל, מלוכה, מלך מלכות. שמעון ברנפלד, מבוא לכתבי הקודש, כרך שני, וועגן ספר שמואל־א, זז׳ 56־75, כרך ראשון זז׳ 169־170. שלמה סיימאָן, יידן צווישן פעלקער, זז׳ 22־28.

# נאָכוואָרט

איך גלויב, אַז דער דאָזיקער בריוו, וואָס איך האָב געשריבן מיט קרוב זעקס יאָר צוריק צו אַ רעדאַקטאָר פון אַ זשורנאַל... וועט קלאָר מאַכן דעם ספּעציעלן אָפּקלייב פון די עסייען אין דעם בוך.

דעצעמבער 3, 1965 למספּרם

„חשובער רעדאַקטאָר...

„איך האָב איבערגעלייענט ב. ל. מאמר: ׳וואָס איז אַ ייד?׳ און איך ווייס ניט פאַרוואָס איר באַצייכנט עס ווי ׳אידעאָלאָגישע אַסימילאַציע׳. זיין קוק אויף יידישקייט איז דער אָנגענומענער קוק פון כמעט אַלע יידישע סעקולאַרע אינטעלעקטואַלן. לויט מיין פּערזענלעכער דערפאַרונג זעען ניט די יידישע סעקולאַרע אינטעלעקטואַלן, סיי די ענגליש־ריידנדיקע און סיי די יידיש־ און העברעאיש־ריידנדיקע, קיין שום באַזונדערע ווערטן אין יידישקייט בכלל און אין הלכה־יידישקייט בפרט.

„פאַראַן צווישן זיי הייסע נאַציאָנאַליסטן, „נאָסטאַלגיסטן״, קיומיסטן, פאַרליבטע אין העברעאיש — העברעאיסטן, פאַרליבטע אין יידיש — יידישיסטן, ציוניסטן, גלותיסטן און אַפילו טראַדיציאָנאַליסטן: זיי פירן זיך אויף טראַדיציאָנעל־יידישלעך צוליב קיום האומה, אָדער צוליב די קינדער. דער צד־השווה שבהם — די גייסטיקע ענלעכקייט צווישן זיי אַלע, וואָס יעדער איינער פון זיי האַלט, אַז יידישקייט האָט ניט קיין באַזונדערע ווערט איצט, אין דער מאָדערנער צייט, און הלכה־יידישקייט איז ניט מער ווי דאָס איבער־בלייבס פון אַ שבטים־קולטור.

„צום שבח פון ל. ב. מוז מען זאָגן, אַז ער שרייבט גאַנץ סימפּאַטיש וועגן זיין יידישקייט און עס פילט זיך אַ צער אין זיינע מסקנות. פון זיינע אָפּענע, כמעט ברוטאַלע רייד איז ניטאָ וואָס צו נתפּעל ווערן. דער דור רעדט פון אים אַרויס.

מיט גרוס,

שלמה סיימאָן״

יום ו׳ מנחם־אָב, תש״ל.
פרייטיק, אויגוסט 7, 1970 למספּרם